ש. דובנאָוו

Di Idishe

# די אידישע געשיכטע

## פאַר שולע און פאָלק

איבערזעצט פון

חיים ליעבערמאַן

— און —

מייטע ליוושיץ

## ביבלישע עפּאָכע



מאַקס נ. מייזעל

אידישער פערלאַג פיר ליטעראַטור און וויסענשאפט

424 גרענד סטריט, ניו־יאָרק.

.1915



# אינהאַלטס־פערצייכניס:

## ערשטער קאַפּיטעל

## געשיכטען וועגען די אבות פון אידישען פאָלק



## צווייטער קאַפּיטעל

## די אידען אין מצרים



## דריטער קאַפּיטעל

## די אידען אין מדבר

פערטער קאַפּיטעל

## די ערָאבערונג פון כנען



פינפטער קאַפּיטעל

## די צייט פון די שופטים



זעקסטער קאַפּיטעל

## שאול'ס קעניגען



זיבעטער קאַפּיטעל

## דוד'ס קעניגען



אכטער קאַפּיטעל

## שלמה המלך



ניינטער קאַפּיטעל

## מלכות ישראל און יהודה אין ערשטען יאהרהונדערט נאָך שלמה'ס טויט

## ליסטע פון בילדער און לאַנדקאַרטען :




כנען און דער אוראלטער מזרח.

ערשטער קאַפּיטעל.

# געשיכטען וועגען די אבות פון אידישען פאָלק.

§1*) דער אוראלטער מזרח און די סעמיטען. אמאָל, אין די גאָר אלטע צייטען, ארום פיער טויזענד יאהר צוריק, האָבען אין אזיען, אין יענע לענדער וואס ליגען ביים מיטלענדישען ים, געוועלטיגט פעלקער, וואס לויט זייער אבשטאַמונג און שפּראַך האָבען זיי געהערט צו דער סעמיטישער ראסע. פון די ברייטע סטעפּעס פון אראביען פלעגען די סעמיטישע שבטים איבערוואַנדערען אין דער שכנ'ישער מעסאָפּאָטאַמיען (ארם נהרים), וועלכע ליגט צווישען די טייכען פרת (Euphrates) און חדקל (Tigris) אין די לעגענדען פון די פעלקער האָט זיך מעסאפּאָטאמיען גערעכענט פאר דער „וויגעלע פון דער מענשהייט". ווארום דאָרט זיינען געבאָרען געווארען די ערשטע גרויסע קעניגרייכען פון מזרח: בבל און אשור. דאָרטען האָבען זיך די סעמיטען אזוי פערשפּרייט אז מיט דער צייט האָט א גרויסער טייל פון די איינוואוינער פון לאנד זיך מיט זיי אינגאנצען צומישט; די סעמיטישע שפּראַך איז געווארען די שפּראַך פון די באבילאָנער און אסיריער און פיעל מלכים פון ביידע קעניגרייכען האָבען געשטאמט פון סעמיטען.

פון מעסאפּאטאמיען פלעגען די סעמיטישע שבטים אריינדרינגען אין די לענדער, וואס ליגען נעהנטער צום ברעג פון מיטלענדישען ים. טייל האָבען זיך בעזעצט אין ארם אָדער סיריען, טייל — אין כנען אדער פּאלעסטינא. מאנכע וואנדערנדע סעמיטישע שבטים פלעגען געהן נאָך ווייטער, אויפ'ן אפריקאנישען ברעג פונ'ם מיטלענדישען ים, און זיינען אריינגעדרונגען אין עגיפּטען אָדער מצרים, — די דריטע גרעסטע מלוכה פון אוראלטען מזרח. אין נידריגען און מיטעלען מצרים האָבען די סעמיטען מיט'ן נאָמען היקסען אפילו געקראָגען די אויבערהערשאפט אי־

*) מיט קלענערע קינדער קען מען אָנהויבען פון §2.

בער די איינוואוינער פון לאַנד. די דאָזיגע הערשאַפט האָט גע־דויערט עטליכע הונדערט יאהר (ארום 1600־2000 יאהר פאר דער קריסטליכער צייטרעכנונג).

אויסער די איינזעסיגע סעמיטען, וועלכע זיינען געוואָרען שטענדיגע איינוואוינער אין די פערשיידענע לענדער, זיינען נאָך געווען וואנדערנדע סעמיטען, וועלכע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט האָדעווען פיה, האָבען געוואוינט אין געצעלטען אויסער די שטעדט און פלעגען וואנדערען פון ארט צו ארט. די איינזעסיגע סעמיטען פלעגען זיך אויסמישען מיט אנדערע פעלקער, אבער די וואנדערנ־דע סעמיטען פלעגען וואוינען בעזונדער און אזוי האָבען זיי בעסער אויפגעהאלטען דעם ריינעם טיפ (דעם קערפּערליכען און גייסטי־גען אויסזעהן) פון זייער ראַסע. צו די דאָזיגע ריינע סעמיטען האָט געהערט דער שבט פון די ע ב ר י ם. די אורעלטערען פון דעם עברים־שבט האָבען צוערשט געוואוינט אין בבל, דער־נאָך זיינען זיי אוועק צו צפון — קיין ארם, און פון דאנען האָבען זיי איינגעוואנדערט אין כנען. אין כנען האָט מען די דאָזיגע גרים א נאָמען געגעבען עברים, ד. ה. די וואס זיינען געקומען מ ע ב ר הנהר, פון אויף יענער זייט טייך (פרת). בראש פון די עברים איז געשטאַנען דער עלטסטער פון דער משפחה — אברהם. אברהם ווערט גערעכענט פאר'ן פאָטער פון דעם אידישען פאָלק.

ביי אלע סעמיטישע פעלקער זיינען געווען אלטע לעגענדען וועגען דעם, ווי אזוי עס איז בעשאַפען געוואָרען די וועלט, ווי אזוי עס האָבען זיך בעוויזען מענשען אויף דער ערד און ווי אזוי שפּע־טער האָבען זיך די מענשען צוטיילט אין בעזונדערע פעלקער. צו־ערשט האָבען די באבילאנער, אסיריער, אראמעער, כנענים און עברים געהאט די זעלבע לעגענדען אין מסורות וועגען דער ענט־שטעהונג פון דער וועלט און די מענשען. אבער מיט דער צייט האָט יעדעס פאָלק געענדערט די דאָזיגע לעגענדען אויף זיין שטייגער, לויט זיינע בעזונדערע רעליגיעזע בעגריפען און די אומ־שטענדען פון זיין לעבען. איבערהויפּט האָבען זיי זיך געענדערט ביי יענע עברים פון אברהמ'ס קינדער, וועלכע זיינען צולעצט דער־גאנגען צו א גלויבען אין איין גאָט און האָבען זיך אבגעטיילט פון זייערע קרוב'ישע פעלקער, וועלכע זיינען פערבליבען געצענדיע־

נער און האָבען געגלויבט אין א סך געטער. די אידישע זאגען וועגען די אורז.לטע צייטען האָבען זיך אויפגעהיט אין די אידישע הייליגע ספרים — אין דעם תנ"ך.

§2. די בעשאפונג פון דער וועלט און די מענשען. אין דעם ספר בראשית, דאס ערשטע פון די אלטע, הייליגע ביכער פון אידישען פאָלק, דערצעהלט זיך ווי אזוי עס האָבען זיך בעווי־זען מענשען אויף דער וועלט, ווי אזוי פון די מענשען זיינען גע־ווארען פעלקער, און ווי אזוי פון די דאָזיגע פעלקער האָט זיך אויס־געטיילט דאָס אידישע פאָלק.

גאָט האָט בעשאפען דעם הימעל, די ערד און אלץ וואס אויף זיי געפינט זיך אין זעקס טעג. אין אָנהויב איז די ערד געוועזען וויסט און בעדעקט מיט פינסטערניש. דאן האָט גאָט געזאגט: „יהי אור!" זאָל זיין ליכט, און עס האָט זיך געוויזען ליכט. דאס איז געווען אין ערשטען טאָג פון דער בעשאפונג. דעם אנדערען טאָג האָט גאָט בעשאפען דעם רוים-און דעם הימעל. אויפ'ן דריטען טאָג האָט זיך דאָס וואסער אבגעטיילט פון דער יבשה. דאס וואַ־סער האָט זיך פערזאַמעלט אין ימים, אָזערעס און טייכען, און אויף דער יבשה האָבען זיך בעוויזען גראזען, בוימער און אנדערע פלאנצען. אין דעם פערטען טאָג האָבען זיך בעוויזען די ליכטער אויפ'ן הימעל: דאס גרויסע ליכט, די זון, האָט אָנגעהויבען בעלייכ־טען די ערד בייטאָג, און די קליינע ליכטער, די לבנה מיט די שטערען, האָבען בעלויכטען די ערד ביינאכט. אויפ'ן פינפטען טאָג זיינען ערשינען די ערשטע לעבעדיגע בעשעפענישען: די פישען אין וואסער און די פויגעל אין דער לופט. גאָט האָט זיי געבענשט און צו זיי געזאגט: „פרו ורבו", פרוכפּערט זיך און מעהרט זיך. אין דעם זעקסטען טאָג האָבען זיך בעוויזען די פער־שיידענע מינים חיות אויף דער יבשה. דעמאָלט איז אויך בע־שאפען געווארען דאָס העכערע בעשעפעניש — דער מענש. גאָט האָט בעשאפען דעם מענשען פון שטויב פון דער ערד, האָט אריינ־געבלאָזען אין איהם א לעבעדיגען גייסט און האָט איהם געגעבען כח און פערשטאנד, ער זאָל קענען הערשען איבער אלע בעשעפע־נישען פון דער ערד. דער ערשטער מענש האָט זיך גערופען אדם, אלס צייכען אז ער איז בעשאפען געווארען פון דער ערד, וואס

איז אויף העברעאיש „אדמה“. און אזוי האָט גאָט אין זעקס טעג בעשאַפען די גאַנצע וועלט, די גאַנצע נאַטור — די לעבעדיגע און ניט־לעבעדיגע. אויפ'ן זיבעטען טאָג, דערצעהלט דער חומש, האָט גאָט גערוהט פון זיין גאַנצער אַרבייט וואס ער האָט געטהאָן. דעריבער איז דער זיבעטער טאָג פון דער וואָך, שבת, עד היום ביי אידען א טאָג פון רוה און מנוחה.

אז גאָט האָט בעשאַפען דעם מענשען האָט ער איהם בע־זעצט אין עדן, א פּראַכטפולע געגענד אין מזרח, וואָס ווערט בעוואסערט פון פיער טייכען (מעסאָפּאָטאַמיען). דאָ האָט אדם הראשון געלעבט אין א גאָרטען אין וועלכען עס זיינען געוואקסען פרעכטיגע פרוכטבוימער. אין מיטען גאָרטען זיינען געוואקסען צוויי בוימער, — איינס האָט געהייסען „עץ החיים“, דאס בוים פון לעבען, דאָס צווייטע — „עץ הדעת“, דאס בוים פון וויסען. און גאָט האָט געזאגט צו אדמ'ען: „פון אלע בוימער פון גארטען מעגסטו עסען, אבער פון דעם בוים פון וויסען גוטס און שלעכטס זאָלסטו נישט עסען.“

גליקליך און זאָרגלאָז האָט אדם געלעבט אין גן־עדן, אבער ער איז געוועזען איינזאם. דאן האָט גאָט געזאגט: „עס איז ניט גוט דעם מענשען צו זיין אליין. איך וועל בעשאַפען א הילף קע־גען איהם.“ און איינמאָל, ווען אדם איז שטאַרק געשלאָפען, האָט גאָט ארויסגענומען א ריפּ פון זיין זייט. דעם אָפענעם ארט האָט ער פערצויגען מיט פלייש און הויט, און פון דעם ארויסגענומענעם ביין האָט ער בעשאַפען די פרוי. און גאָט האָט געבראַכט די פרוי צו אדמ'ען. ווען אדם האָט זי דערזעהן האָט ער געזאגט: „דאס איז ביין פון מיינע ביינער, און פלייש פון מיין פלייש.“ ד ערשטע פרוי האָט געקראָגען דעם נאָמען חוה, דאָס הייסט, די מו־טער פון אלעם לעבעדיגען, און אדם און חוה האָבען געלעבט צוזאַ־מען אין גן־עדן. זיי האָבען געלעבט גליקליך ווי קינדער, זיינען געגאַנגען נאַקעט און האָבען זיך גאָר ניט געשעהמט מיט זייער נאַקעטקייט.

נאָר דאָס גליק פון די ערשטע מענשען — דערצעהלט דער חומש ווייטער — האָט ניט לאַנג געדויערט. די בייזע שלאַנג האָט גענומען איינרעדען חוה'ן צו פערזוכען פון די פרוכט פון עץ־הדעת,

צו וועלכען גאָט האָט פערבאָטען זיך אָנצורירהרען. די שלאַנג האָט פערזיכערט אז ווען די מענשען וועלען פערזוכען די פרוכט פון דעם עץ־הדעת, וועלען זיי וויסען אלץ אין דער וועלט און וועלען פערשטעהן גוטס און שלעכטס גלייך מיט גאָט. חוה האָט ניט געקענט בייקומען איהר נייגעריגקייט און האָט אָבגעריסען עטליכע שעהנע פירות פון דעם פאַרוועהרטען בוים און האָט זיי אויפגעגעסען. נאָכדעם האָט זי עס געגעבען אדמ'ען — און ער האָט אויך געגעסען. און פלוצלונג האָט זיך ביי זיי ביידען ווי די אויגען געעפענט, און זיי האָבען אָנגעהויבען צו פערשטעהן דאס, וואס זיי האָבען פריהער ניט פערשטאַנען. זיי האָבען צום ערשטען מאָל דערזעהן אז זיי זיינען נאקעט און זיי האָבען זיך באלד אויפגענייהט גארטלען פון פייגענבלעטער. מורא האָבענדיג פאר דער זינד וואס זיי זיינען בעגאנגען האָבען זיי זיך בעהאלטען צווישען די בוימער פון גארטען, נאָר באלד האָט אדם דערהערט גאָט'ס קול וואס האָט גערופען: „וואו ביסטו?“ און אדם האָט געענטפערט: „איך האָב געהערט דיין שטים אין גארטען און האָב מיך געפארכט, ווייל איך בין נאקעט און האָב זיך בעהאלטען“. און גאָט האָט געפרעגט: „ווער האָט דיר געזאגט אז דו ביסט נאקעט? ציי האָסטו געגעסען פון דעם בוים וואס איך האָב פערזאָגט דו זאָלסט פון איהם ניט עסען?“ און אדם האָט מודה געווען אז ער האָט געגעסען פון די פרוכט, וואס די פרוי האָט איהם געגעבען. חוה האָט זיך פערענטפערט אז די שלאנג האָט זי איבערגערעדט. דאן האָט גאָט פערשאלטען די שלאנג, און צו חוה'ן האָט ער געזאגט: „איך וועל גרויס מאכען דיין טרויער; מיט שמערצען וועסטו קינדער געבעהרען און דיין מאן וועט געוועלטיגען איבער דיר.“ און אדמ'ען האָט גאָט געזאגט: „פארפלוכט זאָל זיין די ערד פון דיינעטוועגען. מיט צער וועסטו עסען פון איהר אלע טעג פון דיין לעבען. מיט דעם שוויים פון דיין געזיכט וועסטו עסען ברויט, ביז דו וועסט זיך צורקקעהרען צו דער ערד פון וועלכער דו ביזט גענומען, ווארום דו ביזט שטויב, און צו שטויב וועסטו זיך אומקעהרען“. און אזוי זיינען די מענשען פאר זייער ערשטער זינד פאר'משפט געווארען אויף איביג צו מיה און ליידען. גאָט האָט מעהר ניט געוואלט לאָזען אדמ'ען און חוה'ן אין עדן, האָט ער זיי פון דארט ארויסגעטריבען.

און זיי האָבען איצט געמוזט בעארבייטען די ערד און לעבען דורך דער מיה פון זייערע הענד.

§3. אדמ׳ס קינדער. אדם און חוה האָבען געהאט צוויי זיהן. דעם עלטערען האָט מען גערופען קין, און דעם איינגערען הבל. קין האָט זיך פערנומען מיט ערד ארבייט און הבל איז געוועז א פאסטוך. איינמאָל האָבען ביידע ברידער געבראכט קרבנות צו גאָט; קין האָט געבראכט פאר א מתנה א הויפען פרוכט פון דער ערד, און הבל האָט געבראכט פון די בעסטע שאָף פון זיין סטאַדע. גאָט איז בעסער געפעלען געוועזען די אויפפיהרונג פון דעם קלענערען ברודער, האָט ער זיך געווענדט צו הבל׳ן און צו זיין מתנה, און צו קינ׳ן און צו זיין מתנה האָט ער זיך ניט געקעהרט. דאָס האָט קינ׳ן שטארק געערגערט און ער האָט דערפיהלט א קנאה צו זיין ברודער. איינמאָל ווען די ברידער זיינען געוועזען אליין אין פעלד איז קין בעפאלען הבל׳ן און האָט איהם דער׳הרג׳עט. דאן האָט דער זינדער קין דערהערט גאָט׳ס קול: „וואו איז דיין ברודער הבל?“ „איך ווייס ניט“ האָט קין געענטפערט, „השומר אחי אנכי, בין איך מיין ברודער׳ס היטער?“ אבער גאָט, וויסענדיג אלץ, האָט איהם געזאגט: „וואס האָסטו געטהאָן? די שטימע פון דיין ברודער׳ס בלוט שרייט צו מיר פון דער ערד ארויס. אצינד ביסטו פארפלוכט. די ערד וועט דיר מעהר איהרע פרוכט ניט געבען, נע ונד וועסטו זיין און פון קיין רוה וועסטו ניט ווייסען“. קין האָט חרטה געקראָגען און געזאָגט: „צו גרויס איז מיין זינד צו פערצייהען. אבער דו פארטרייבסט מיך פון מיין לאנד, איך וועל זיך מוזען וואגלען אומעדום און יעדער וואס וועט מיך בעגעגנען קען מיך הרג׳ענען.“ דאן האָט גאָט ארויפגעלעגט אויף קינ׳ן א צייכען, אז קיינער וואס וועט איהם בעגעגנען זאָל איהם קיין בייז ניט טהאָן.

אין דער געשיכטע פון קין מיט הבל׳ן ווערט פארגעשטעלט דער קאמפף צווישען דעם איינגעזעסענעם ערד־ארבייטער און דעם וואנדערנדען פאסטוך. קינ׳ס קינדער האָבען זיך אלץ מעהר און מעהר איינגעוועהנט צו אן איינגעזעסענעם לעבען אין דערפער און שטעדט. איינער פון קינ׳ס אבשטאמונג, יובל, דער זוהן פון למך, האָט ערפונדען די הארף און די פייפעל, און א צווייטער זוהן

פון למך, תובל קין, האט ערפונדען די קונסט פון שמיעדען כלים פון קופער און אייזען. חוץ קין'ן און הבל'ן האט אדם געהאט א דריטען זוהן מיט'ן נאמען שת. פון איהם איז אויך ארויסגעקו־מען א רייהע דורות. דער מענשליכער מין איז זיך אלץ מעהר און מעהר צעוואקסען, אבער ס'איז נאך ניט געווען קיין גערעכטער צוזאמענלעבען צווישען די מענשען. אין די בעציהונגען צווישען מענש און מענש איז ניט געווען קיין אמת און יושר, און עס האט געהערשט נאר די גראבע קראפט. דער שטארקער האט אונטער־דריקט און בעליידיגט דעם שוואכערען, די מדות פון די מענשען זיי־נען געווען ווילד און פערדארבען.

§4. דער מבול. זעהענדיג די פערדארבענקייט פון די ערש־טע מענשען האט גאט בעשלאסען זיי צו פארטיליגען פון דער ערד כדי צו מאכען פלאץ פאר א נייעם און בעסערען מין מענ־שען. אין יענער צייט האט שוין געלעבט דער צעהנטער דור נאך אדמ'ן. צווישען זיי איז געווען בלויז איין עהרליכער מענש, מיט'ן נאמען נח. און גאט האט אנטפלעקט צו נח'ן, אז ער וויל אומברענגען אלע בעוואוינער פון דער ערד דורך א מבול אדער פערפלייצונג, און ער האט איהם געגעבען אן עצה ווי אזוי זיך צו רעטען. „מאך זיך" — האט גאט געזאגט צו נח'ן — „א גרויסען, הילצערנעם קאסטען. צוטייל איהם אינווענינג אויף קאמערען און געה אריין אהין, דו מיט דיין הויזגעזינד, און נעהם מיט זיך אויך אריין צו פאר פון יעדער לעבעדיגער בעשעפעניש. דער־נאך גרייט אן שפייז פאר דיר, פאר דיין הויזגעזינד און פאר אלע חיות אין דער תבה." און נח האט אזוי געטהאן.

באלד נאכדעם האט זיך אנגעהויבען דער שרעקליכער מבול. גאנצע פערציג טעג און פערציג נעכט האט געגאסען רעגען אהן אויפהער. די ערד איז בעדעקט געווארען מיט א הויכען וואסער און נח'ס תבה האט זיך אויפגעהויבען און איז געשוואומען אויפ'ן אויבערפלאך פון דעם וואסער. יעדע לעבעדיגע זאך אויף דער ערד איז אומגעקומען אין דעם מבול. גערעטעט האבען זיך נאר די איינוואוינער פון דער תבה. דאן האבען די רעגענס אויפגע־הערט. דאס וואסער האט אנגעהויבען אבצופאלען, און די תבה האט זיך אבגעשטעלט אויף די הויכע בערג אררט. נח האט גע־

עפענט דעם פענסטער פון זיין תבה און האָט ארויסגעלאָזט צוערשט די ראב און דערנאָך די טויב. די פויגלען פלעגען אוועקפליהען און קומען צוריק צופליהען, ווארום זיי האָבען ניט געהאט אויף וואס זיך אנידערצושטעלען כל זמן דאָס וואסער איז געשטאנען אויף דער ערד. איינמאָל, ווען די ארויסגעשיקטע טויב האָט זיך מעהר ניט אומגעקעהרט צום קאסטען, האָט נח פערשטאנען אז דער מבול איז פאָראיבער און עס האָט זיך געוויזען יבשה. איז ער ארויס פון דער תבה צוזאמען מיט זיין משפחה און האָט אויף ארויסגע־פיהרט די לעבענגעבליבענע חיות. ווען נח איז ארויס פון דער תבה האָט ער אויפגעבויט א מזבח, און האָט געבראכט אויף איהם א קרבן צו גאָט עטליכע חיות, אלס צייכען פון דאנקבארקייט וואס זיי זיינען גערעטעט געווארען פון דעם מבול. גאָט איז געפעלען געווארען נח׳ס פרומקייט. האָט ער פערשפראכען נח׳ן אז ער וועט שוין מעהר קיין מבול ניט ברענגען אויף דער ערד פאר די זינד פון די מענשען, און האָט אָנגעצייגט אויף דעם רעגענבויגען, וועל־כער ווייזט זיך אפטמאָל אין די וואָלקענס נאָך א רעגען, אלס סמן פון אייביגען פריעדען מיט די מענשען. גאָט האָט געבענשט נח׳ן מיט זיינע קינדער און האָט געזאגט צו זיי: „פרוכפערט זיך און מעהרט זיך און פילט אָן די ערד. און אייער מורא און אייער שרעק זאָל זיין אויף אלע חיות פון דער ערד און אלע פויגעל פון הימעל; יעדע זאך וואס לעבט זאָל זיין פאר אייך צום עסען, ווי גרינס און גראז גיב איך אייך דאָס אלץ. נאָר ניט פערגיסט מענש־ליך בלוט, ווארום אין דער געשטאלט פון גאָט איז דער מענש בע־שאפען.“

§5. דער דור הפלגה. נח האָט געהאט דריי זיהן: שם, חם און יפת. זיי האָבען זיך גערעטעט פון דעם מבול אין דער תבה צוזאמען מיט זייער פאָטער. נאָכ׳ן מבול האָט נח מיט זיינע קינ־דער אָנגעהויבען בעארבייטען די ערד און פלאנצען וויינשטאָקען. מיט דער צייט האָבען נח׳ס זיהן געהאט קינדער און קינדסקינדער און דער מענשליכער מין האָט זיך ווידער אמאָל אָנגעהויבען פאר־מעהרען. ביסלעכווייז זיינען אויסגעוואקסען צאָלרייכע פאמיליען; די נאָהנטע קרוב׳ישע פאמיליען פלעגען זיך פעראייניגען אין משפחות אדער שבטים. פון אָנפאנג האָבען די שבטים געלעבט

פריינדליך צווישען זיך, ווי איין גרויסע הויזגעזינד, און האָבען אלע גערעדט איין שפּראך. געלעבט האָבען זיי גרעסטענטיילס אין טאָל שנער, אין בבל.

איינמאָל — דערצעהלט דער חומש — האָבען די איינוואוי־נער פון טאָל זיך ענטשלאָסען אויף א געוואגטער זאך. זיי האָ־בען גענומען בויען א שטאָדט, און אין מיטען שטאָדט האָבען זיי געוואלט אויפשטעלען א הויכען טהורם, וואס זיין שפּיץ זאָל דער־גרייכען צום הימעל. „דערמיט, — האָבען זיי געזאָגט, — וועלען מיר זיך מאכען א צייכען, מיר זאָלען ניט צושפּרייט ווערען אי־בער'ן געזיכט פון דער ערד". אבער גאָט האָט צושטערט זייער מחשבה. ער האָט צומישט די שפּראך פון די אלע מענשען און גע־מאכט זיי זאָלען רעדען פערשיידענע שפּראכען, אזוי אז איינער האָט אויפגעהערט צו פערשטעהן דעם אנדערנ'ס לשון. דע־מאָלט האָבען די מענשען געמוזט אבשטעלען דאָס בויען און זיינען זיך צוגאנגען אין פערשיידענע זייטען. די שטאָדט, וועלכע זיי האָבען אָנגעהויבען בויען, האָט מען נאָכדעם גערופען בבל, ד. ה. צומישונג. פון בבל האָבען זיך די מענשען בעזעצט אין פער־שיידענע לענדער און אָנגעהויבען צו לעבען אלס בעזונדערע פעל־קער. יעדעס פאָלק האָט גערעדט זיין אייגענע שפּראך. לויט די אידישע לעגענדען האָבען זיך אלע פעלקער צוצווייגט פון נח'ס דריי זיהן. פון שם זיינען ארויסגעקומען די פעלקער, וואָס האָבען גע־וואוינט אין מערב־אזיען און וואס ווערען אָנגערופען אויפ'ן נאָמען פון זייער פאטער, סעמיטען; צום ביישפּיעל: די אסיריער, אראמעער, אידען און אראבער; פון חם זיינען ארויסגעקומען די מצריים, די כושים, און אנדערע אזיאטישע און אפריקאנישע פעל־קער, און פון יפת האָבען אבגעשטאמט די עלטערען פון די איירא־פּעאישע פעלקער.

§6. **דער פאטער פון אידישען פאָלק — אברהם; די איבערוואנדערונג פון כנען.** דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אויס־געשיידט פון דער גאנצער סעמיטישער ראסע אויף פאָלגענדען אופן: איינער פון שם'ס אבשטאמונג מיט'ן נאָמען תרח האָט געלעבט אין אור, א שטאָדט אין בבל, ער מיט זיינע זיהן, אייניקלעך און אנדע־רע קרובים. ווען תרח'ן איז שווער געווארען צו וואוינען אין בבל,

האָט ער גענומען אלע זיינע קינדער און אייגענע און האָט איבער־געוואנדערט מיט זיי אין צפון — קיין חרן, דאס לאַנד פון די ארמים. דאָ איז דער אַלטער תרח אין גיכען געשטאָרבען און זיינע אבגעשטאמטע האָבען זיך צוטיילט: די פאמיליע פון זיין זוהן נחור איז געבליבען אין ארם און האָט זיך צומישט מיט די ארמים, אָבער תרח׳ס אַנדערער זוהן, אברהם, האָט גענומען זיין ווייב שרה, זיין פּלימעניק לוט און אנדערע קרובים, און האָט ארי־בערגעוואנדערט מיט זיי אין שכנ׳ישען כנען (פּאלעסטינא). דאָ האָט מען די איינוואנדערער א נאָמען געגעבען עברים, ד. ה. די וואס זיינען געקומען מעבר הנהר, פון אויף יענער זייט טייך. און דער דאָזיגער נאָמען איז געבליבען פאר אלע זייערע שפּעטערדיגע דורות.

אברהם, דער פאטער פון אידישען פאָלק, האָט געגלויבט אין אן אייציגען גאָט, אלהים, דער בעשעפער פון הימעל און ערד. די מסורה דערצעהלט אז גאָט אליין האָט געהייסען אברהמ׳ן געהן קיין כנען, זאָגענדיג צו איהם: „געה דיר פון דיין לאַנד און פון דיין געבורטס־אָרט און פון דיין פאָטער׳ס הויז צו דעם לאַנד וואס איך וועל דיר ווייזען, ווארום דארט וועט פון דיר ארויסקומען א גרויס פאָלק.“

די אידישע איינוואנדערער האָבען זיך אין כנען בעשעפטיגט מיט פיהצוכט. זיי פלעגען וואנדערען איבער׳ן לאַנד און פלעגען אויפשלאָגען זייערע געצעלטען — אמאָל דאָ, אמאָל דאָרט. ווען דעם גאנצען שבט פלעגט ווערען ענג אויף איין ארט, פלעגען זיי זיך צוטיילען אין גרופען און זיך בעזעצען אין פערשיידענע ער־טער. אויף דעם אופן האָט זיך פון אברהמ׳ס פאמיליע אָבגעטיילט די פאמיליע פון זיין פּלימעניק לוט. ביידע פאמיליעס האָבען געהאט א סך געצעלטען אין גרויסע הערדען שאָף. אָפט פלעגט צווישען די פאסטוכער פון אברהם און לוט פאָרקומען קריעג איבער ווייד. דאן האָט אברהם געזאָגט צו לוט׳ן: „אונז איז ענג צו וואוי־נען צוזאמען, לאָמיר זיך צוגעהן אין בעזונדערע זייטען.“ און לוט האָט אזוי געטהאָן: ער איז אוועק מיט זיינע מענשׁ׳ן און סטאַ־דעס צו די ברעגען פון טויטען ים, וואו עס האָט זיך געפונען די שטאָדט סדום, און אברהם האָט אויפגעשטעלט זיינע געצעלטען נע־

בען רייזַ שטאָדט חברון, ביים פליין ממרא. דאָ האָט ער געשלאָסען א בונד מיט די דאָרטיגע הערשער פון די אמורים און געלעבט פריעדליך אלס דער עלטסטער, אדער פאטריארך, פון דעם קליינעם וואַנדערנדען שבט פון די עברים, אָדער העברעער.

§7. די העלדישע מעשים פון אברהם און דער אונטער־גאנג פון סדום. דאס פריעדליכע לעבען פון אברהמ׳ן פלעגט אפט געשטערט ווערען דורך אומגליקען און אונרוהען. איינמאָל איז אין כנען אָנגעשטאַנען א הונגער: עס איז ניט געווען קיין ברויט פאר די מענשען און קיין פיטער פאר די פיה. אברהם איז געצוואונגען גע־ווען זיך אריבערצוקלייבען אויף א צייט אין די שכנ׳ישע געגענדען פון מצרים. דאָ איז אברהמ׳ס פאמיליע פארגעשטאַנען א גרויסע סכנה: דעם עגיפּטישען קעניג פרעה איז געקומען א געדאנק צו־צונעהמען ביי אברהמ׳ן זיין שעהנע פרוי שרה. און ער האָט זי שוין טאקע געבראכט צו זיך אין פאלאַץ. נאָר דאָ איז פלוצלונג דער קעניג און זיינע הויזמענשען קראנק געוואָרען אויף א הויט אויסשלאג: אויפ׳ן לייב ביי זיי זיינען געוואָרען געשווירען און וואונדען. דער קעניג האָט געזעהן אין דעם א שטראף פון גאָט פאר רויבען א פרעמדע ווייב, האָט ער אָבגעשיקט שרה׳ן צוריק צו איהר מאן און האָט זיי געהייסען פארלאָזען מצרים. האָט אברהם מיט זיין פאמיליע זיך אומגעקעהרט קיין כנען.

אין גיכען האָט אברהם און זיינע מענשען געראָפט מלחמה האלטען מיט די באבילאָנער, די הערשער פון אזיען. די מלכים פון סדום און פון נאָך פיער כנענ׳ישע שטעדט אויפ׳ן ברעג פון טויטען ים זיינען געווען אונטערטעניג צו די שטארקע מלכים פון עילם אין בבל. איינמאָל האָבען די כנענ׳ישע מלכים מורד געווען און בעשלאָסען מעהר ניט צו זיין אונטערוואָרפען צו די פרעמדע. דאן האָבען די מלכים פון עילם אין בבל זיך אריינגעריסען מיט א חיל אין כנען, און זיינען בעפאלען די איינוואוינער פון סדום און די שכנ׳ישע שטעדט. די זיעגער האָבען פארנומען א סך רויב און האָ־בען אויך אוועקגעפיהרט געפאנגען אברהמ׳ס פלימעניק, לוט, וועל־כער האָט געוואוינט אין סדום. ווען אברהם האָט זיך דערפון דער־וואוסט, האָט ער גענומען א מחנה פון עטליכע הונדערט מאן און האָט זיך געלאָזט לייפען נאָכ׳ן שונא. ער האָט זיי אָנגעיאגט אין

דמשק, ארם, האָט בעפרייט לוט'ן און די אנדערע געפאנגענע און האָט אָבגענומען אלץ וואס די באבילאנער האָבען אָנגערויבט אין סדום. דער קעניג פון סדום האָט זיך זעהר דערפרעהט און האָט פאָרגעלעגט אברהמ'ן ער זאל זיך, אלס זיעגער, נעהמען די אומגע־קעהרטע רויב. נאָר דער ארענטליכער אברהם האָט געזאָגט: „איך שווער ביי גאָט אז איך וועל ניט נעהמען אפילו א פאָדעם אדער א שוך־בענדעל, חוץ דאָס וואָס איז אוועק אויף שפייז פאר מיינע קריעגער". דיעזער נצחון פון אברהמ'ן, זיין עהרליכקייט און גוטס־קייט האָבען זיין נאָמען בעריהמט געמאכט איבער גאנץ כנען.

נאָר עס איז ניט בעשערט געווען אז סדום און די ארומיגע שטעדט זאָלען לאנג דויערען נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך מיט אברהמ'ס הילף בעפרייט פון פרעמדען יאָך. אין יענע שטעדט — דערצעהלט דער חומש — זיינען די מענשען געווען זעהר זינדיג און שלעכט, און זיינען געווען ארייגגעטהאָן אין רציחות, רויב און אויסגלאסענקייט. האָט גאָט אנטפלעקט אברהמ'ן אז אויף די זינדיגע איינוואוינער פון סדום און די ארומיגע שטעדט וועט אין גיכען קומען א שרעקליכער חורבן. האָט אברהם אָנגעפאנגען צו בעטען גאָט, ער זאָל זיך מרחם זיין אויף די סדום לייט, צווישען וועלכע עס זיינען אפשר פאראן אויך עהרליכע מענשען. און גאָט האָט איהם געזאגט: „אויב איך וועל געפינען אין סדום פופציג עהרליכע לייט וועל איך שוינען די גאנצע שטאָדט פון זייערטוועגען". אברהם האָט גע'פועל'ט ביי גאָט ער זאָל שוינען די שטאָדט אפילו ווען עס וועלען זיך אין איהר געפינען בלויז צעהן עהרליכע לייט. נאָר אפילו צעהן ארענטליכע מענשען האָבען זיך אויך ניט געפונען אין דער פערדאָרבענער שטאָדט. לוט איז אָנגעזאָגט גע־וואָרען וועגען דעם אומגליק וואס דארף קומען אויף סדום, איז ער מיט זיין פאמיליע שנעל אוועק פון שטאָדט. דאן האָבען זיך א גאָס געטהאָן פון הימעל שטראָמען שוועבעל און פייער אויף סדום, עמורה און די ארומיגע שטעדט. די שטעדט זיינען פערברענט גע־וואָרען, די מענשען זיינען אומגעקומען, און די גאנצע געגענד איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א טרויעריגער וויסטעניש. (לויט דער לעגענדע איז עס די וויסטעניש וואָס רינגעלט ארום ביז היינטיגען טאָג די ברעגען פון דעם געזאלצענעם אָדער טויטען ים). לוט

מיט זיין פאמיליע זיינען אוועק אין די בעו״נ. דאָ האָבען זיינע טעכטער געבאָרען צוויי זיהן: מואב און בן־עמי. די זיהן זיינען געווען די פאָטערס פון די צוויי פעלקער: מואב און עמון, וועלכע זיינען אין שפּעטערע צייטען אויסגעוואקסען אין בעזונדערע מלוכות, צו מזרח זייט פון ירדן.

§8. ישמעאל און יצחק. אברהם און זיין ווייב שרה זיי־נען שוין געווען זעהר אלט און קיין קינדער האָבען זיי נאָך ניט גע־האט. לויט דעם מנהג פון די מזרח לענדער האָט אברהם גענומען נאָך א ווייב, איינע פון זיינע דיענסטען, די עגיפּטין הגר. הגר האָט איהם געבאָרען א זוהן מיט'ן נאָמען ישמעאל, נאָר ניט דעם זוהן איז בעשערט געווען צו ווערען דער יורש פון אברהם'ן און דער פאטריארך פון דעם שבט עברים. ווארום ווען אברהם איז שוין כמעט הונדערט יאהר אלט געווען — דערצעהלט דער תנ״ך — האָט איהם גאָט אָנגעזאָגט אז אין גיכען וועט ביי איהם געבאָרען ווערען א זוהן פון שרה'ן. אברהם האָט זיך געוואונדערט און גע־טראכט: צי קענען ביי א הונדערט יעהריגען זקן געבאָרען ווערען קינדער, און צי קען די ניינציג יעהריגע שרה נאָך געבעהרען? גע־לאכט האָט אויך שרה, ווען איינמאָל זיינען צו זיי אין געצעלט גע־קימען דריי געהיימניספולע וואנדערער און האָבען איהר פאָראויס־געזאגט אז אין א יאהר ארום וועט זי האלטען אויף די הענד איהר אייגענעם זוהן. אָבער די נבואה איז מקוים געווארען: אין א יאָהר ארום האָט שרה געבארען א זוהן, וועלכען מען האָט א נאָמען גע־געבען יצחק. אויפ'ן אכטען טאָג האָט מען דאס קינד מל געווען. דאָס זעלבע האָבען נאָך פריהער געטהאָן אברהם און אלע זכרים פון זיין פאמיליע, אלס סמן פון אייביגען בונד צווישען גאָט און דעם אידישען פאָלק. פון יענער צייט אָן ווערט דאָס זעלבע געטהאָן ביז היינטיגען טאָג מיט אלע נייע געבאָרענע אינגלעך ביי אידען.

אין זיין קינדהייט פלעגט יצחק ליעב האָבען זיך שפּיעלען מיט זיין ברודער ישמעאל'ן. אָבער שרה'ן איז ניט געפעלען געווען וואס איהר זוהן און דער זוהן פון דער דיענסט ווערען אויפגעצוי־גען ווי צוויי גלייכע יורשים פון אברהם'ן. האָט זי געפאָדערט פון איהר מאן, ער זאָל ארויסטרייבען פון זיין הויז ישמעאל'ן און זיין מוטער הגר. אברהם'ן האָט זעהר באנג געטהאָן וואס ער דארף

בעלײדיגען ישמעאל'ן, נאָר ער האָט געמוזט טהאָן שרה'ס פערלאנג. האָט ער געהייסען הגר'ן אוועקגעהן מיט ישמעאל'ן פון זיין הויז, און האָט איהר געגעבען אויפ'ן וועג ברויט און א לאגעל מיט וואסער. הגר איז מיט איהר זוהן אוועק אין מדבר און האָט דאָרט פערבלאָנדזעט. דאָס וואסער פון לאגעל האָט זיך אויסגעלאָזט און זיי האָבען ניט געהאט וואס צו טרינקען. דאן האָט הגר איבערגעלאָזט איהר קינד אונטער א קוסט און האָט געזאָגט: „איך וויל ניט זעהן ווי אזוי מיין קינד וועט אויסגעהן פון דורשט". און אליין האָט זי זיך געזעצט פון ווייטענס און האָט זיך ביטער צעוויינט. פלוצלונג האָט זי דערהערט די שטימע פון א מלאך פון גאָט: „וואס איז דיר, הגר? ניט האָב קיין מורא: גאָט האָט דערהערט די שטימע פון דיין קינד. הויב אויף דיין זוהן און פיהר איהם פאר דער האנד, ווארום איך וועל איהם מאכען פאר א גרויס פאָלק." הגר האָט אויפגעהויבען די אויגען און האָט באלד דערזעהן א ברונען מיט וואסער. זי איז אוועק, האָט אָנגעפילט דעם לאָגעל מיט וואסער און האָט אָנגעטרונקען איהר זוהן. ישמעאל איז געבליבען וואוינען אין מדבר. ער איז געווארען א פלינקער רייטער און בויגענשיסער. די קינדער און אבגעשטאמטע פון ישמעאל'ן האָבען אומגעוואנדערט אין דעם אראבישען מדבר צו דרום זייט פון פאלעסטינא. ישמעאל ווערט גערעכענט פאר דעם פאטער פון די אראבער.

§9. אברהמ'ס נסיון, די עקדה. אין יענער צייט האָט זיך אברהם איבערגעצויגען פון חברון אין דער שטאָדט גרר, אין דרום־מערב פון פאלעסטינא. לעבענדיג דאָ צווישען געצענדיענער איז ער דאָך געבליבען טריי דעם גלויבען אין אן איינציגען גאָט. איינמאָל האָט גאָט געוואלט אויספּרובען אברהמ'ן און האָט צו איהם געזאגט: „נעהם דיין זוהן, דיין איינציגען, וואס דו האסט ליעב, יצחק'ן, און געה אין דעם לאנד מוריה, און ברענג מיר איהם דאָרט פאר א קרבן אויף איינעם פון די בערג וואָס איך וועל דיר זאָגען."

שווער איז געוועזען אברהמ'ן צו דערפילען דעם דאָזיגען פערלאנג פון גאָט, אבער ער האָט ניט געוואלט עובר זיין אויף גאָט'ס ווארט. איז ער אויפגעשטאנען בעגינען צו טאָגען, האָט אָנגעזאָטעלט זיין עזעל, האָט מיטגענומען יצחק'ן און זיך געלאָזט אין וועג

אריין צום אָנגעצייגטען אָרט. יצחק האָט געמיינט אז זיין פאטער וועט ברענגען פאר א קרבן א שעפס אדער א באראַן. ווען אברהם האָט שוין צוגעגרייט אלץ צו ברענגען דעם קרבן, האָט איהם יצחק געפרעגט: „אָט איז דאָס פייער און דאס האָלץ, און וואו איז דער שעפס פאר דער עולה?" אברהם האָט שווייגענדיג גענומען זיין זוהן און איהם געבונדען, האָט איהם אוועקגעלעגט אויפ'ן מזבח אויף דעם האָלץ, און האָט שוין אויסגעשטרעקט זיין האנט מיט'ן מעסער, נאָר אין דעם אויגענבליק האָט ער דערהערט א קול פון הימעל: „אברהם, אברהם, זאָלסט ניט אויסציהען דיין האנט צום אינגעל און זאָלסט גאָר ניט טהאָן צו איהם. איצטער ווייס איך אז דו ביסט גאָטספאָרכטיג, ווען דו האָסט ניט פערמיטען פון מיר אפילו דיין איינציגען זוהן". ווען אברהם האָט אויפגעהייבען זיינע אויגען, זאָט ער דערזעהן ניט ווייט א באראן, וועלכער האָט זיך פארפלאָנטערט מיט די הערנער אין די קוסטעס. דער גליקליכער אברהם האָט ארונטערגענומען זיין זוהן פון דעם מזבח און אנ־שטאט איהם האָט ער געבראכט דעם באראן פאר א קרבן צו גאָט. גאָט האָט ניט געוואלט קיין מענשליכע קרבנות, אזוי ווי עס פלעגען אין יענער צייט ברענגען די היידנישע איינוואוינער פון כנען לכבוד זייערע געצען. מיט דער עקדה האָט ער נאָר געוואלט אויס־פרובען זיין ליעבלינג, אברהמ'ן, און ער האָט זיך איבערצייגט, אז דער אידישער פאטריארך איז איהם איבערגעגעבען מיט דער גאנ־צער נשמה און איז גרייט צו אָפּפּערן אלץ אבי נאָר צו דערפילען דעם רצון פון גאָט.

§10. **יצחק'ס הייראט.** שרה, אברהמ'ס ווייב, איז גע־געשטאָרבען אין עלטער פון הונדערט און זיבען־און־צוואנציג יאהר. אברהם האָט ביטער בעקלאגט זיין ווייב און האָט זי מקבר געווען נעבען חברון, אין דער מערת המכפלה, אויף א חלק ערד, וואס ער האָט געקויפט ביי די חתים. נאָכדעם האָט דער אלטער פאטריארך גענומען טראכטען וועגען געפינען א ווייב פאר יצחק'ן. האָט ער צוגערופען זיין געטרייען דיענער און הויז־פיהרער, אליעזר, און האָט איהם געזאָגט: „שווער מיר אז דו וועסט ניט נעהמען פאר מיין זוהן א ווייב פון די כנענ'ישע טעכטער, צווישען וועלכע מיר וואוינען, נאָר דו וועסט געהן אין מיין געבורטס־לאנד און דאָרט

וועסטו אויסקלייבען א ווייב פאר מיין זוהן.“ אליעזר האָט גע־שווארען, האָט גענומען צעהן קעמלען, האָט זיי אָנגעלאָדען מיט אלדאָס גוטס און איז אוועק קיין ארם, ד. ה. מעסאָפּאָטאמיען. אין א קורצער צייט ארום איז ער אָנגעקומען אין דער שטאָדט וואו עס האָבען געוואוינט אברהמ׳ס קרובים, פון זיין ברודער נחור׳ס צד.

הינטערן שטאָדט, ביים ברונען, האָט זיך אליעזר אָבגעשטעלט מיט זיינע קעמלען. דער טאָג האָט זיך שוין גענייגט צום אונטער־געהן און עס האָט זיך דערנעהנטערט די שטונדע ווען די מיידלעך פון שטאָדט פלעגען ארויסגעהן צום ברונען שעפּען וואסער. אליעזר איז געבליבען ווארטען ביז די מיידלעך וועלען ארויסקומען, און האָט ביי זיך אזוי בעשלאָסען: „איך וועל בעטען איינע פון זיי מיך אָנצוטרינקען, און אויב זי וועט אָנטרינקען ניט נאָר מיך, נאָר אויך מיינע קעמלען, וועל איך וויסען אז די האָט גאָט בעשערט פאר א ווייב צו יצחק׳ן.“ פּלוצלינג איז אָנגעקומען א יונגע מיידעל מיט א קרוג אויף איהר אקסעל. זי איז ארונטער צום ברונען, האָט אָנגעשעפּט דעם קרוג מיט וואסער און האָט גענומען ארויפגעהן. איז איהר אליעזר אנטקעגען געלאָפען און האָט איהר געזאָגט: „לאָז מיר זיך אָנטרינקען פון דיין קרוג“. דאָס מיידעל האָט שנעל ארונטערגעלאזען דעם קרוג פון אקסעל, האָט געגעבען אליעזר׳ן זיך אנטרינקען און האָט געזאגט: „איצט וועל איך אויך אָנשעפּען פאר דיינע קעמלען צו טרינקען“. און אראפּלאזענדיג זיך ווידער צום ברונען האָט זי אָנגעשעפּט וואסער פאר די קעמלען. מיט ליעבשאפט האָט אברהמ׳ס טרייער דיענער געקוקט אויף דער גוטער מיידעל. ווען זי האָט אָנגעטרונקען אלע קעמלען, האָט ער ארויסגענומען א גאָלדענעם אויררינגעל און צוויי פינגערלעך, האָט עס דערלאנגט דער מיידעל, און האָט איהר געפרעגט: „זאָג מיר וועמעס טאָכטער ביסטו, און צי איז אין דיין פאָטער׳ס הויז פאראן א פלאץ פאר אונז איבערצונעכטיגען?“ דאָס מיידעל האָט געענטפערט, אז זי איז רבקה, די טאָכטער פון בתואל און אן איי־ניקעל פון נחור, און אז עס איז אין זייער הויז פאראן ארט צו נעכ־טיגען און גענוג שפּייז פאר די פיה.

דאָ איז רבקה אוועקגעלאָפען אהיים און האָט דערצעהלט איהר מוטער וועגען אלץ וואס איז געשעהן. איז רבקה׳ס ברודער, לבן,

ארוים אליעזר׳ן אנטקעגען און האָט איהם נעבראכט אין הויז פון זיינע עלטערן. אליעזר איז געווען געריהרט פון דיזער נאכט־פריינדשאפט און האָט דערצעהלט רבקה׳ס עלטערן און איהר ברודער דעם צוועק פון זיין קומען, און האָט ערקלערט, אז גאָט אליין, זעהט אויס, האָט בעשטימט רבקה׳ן צו זיין די ווייב פון איהר קרוב יצחק׳ן. און בתואל און לבן האָבען געענטפערט: „אָט איז רבקה פאר דיר, נעהם זי און זאָל זי זיין די ווייב פון דעם זוהן פון דיין האר“. אליעזר האָט ארויסגענומען די זילבערנע און גילדערנע חפצים און קליידער און האָט געגעבען דער כלה, איהר מוטער און איהר ברודער. אויף מאָרגען האָבען די עלטערן געבענשט רבקה׳ן און זי געלאָזט געהן מיט אליעזר׳ן קיין כנען. ווען אליעזר און רבקה זיינען צוגעפאהרען צום ארט וואו עס זיינען געשטאנען אברהם׳ס געצעלטען, האָבען זיי בעגעגענט יצחק׳ן אין פעלד. ווען רבקה האָט זיך דערוואוסט ווער דאס איז האָט זי גענומען א טוך און פארדעקט איהר געזיכט. נאכער האָט יצחק אריינגעפיהרט רבקה׳ן אין געצעלט פון זיינע עלטערן און זי איז געוואָרען זיין ווייב, און ער האָט זי ליעב געקראָגען. אברהם האָט נאָכדעם געלעבט נאָך א קורצע צייט און איז געשטארבען אין טיעפען אלטער, צו הונדערט און פינף־און־זיעבציג יאהר. מען האָט איהם מקבר געווען נעבען שרה׳ן אין דער מערת המכפלה, ביי חברון.

§11. יצחק און זיינע זיהן. נאָך אברהם׳ס טויט איז יצחק געוואָרען דער עלטסטער, אדער פאטריארך, פון דעם אידישען שבט. ער האָט אויך געוואוינט אין דרום־כנען, און האָט זיך בעשעפטיגט ניט נאָר מיט פיהצוכט, נאָר אויך מיט ערדארבייט. פון זיין פרוי רבקה האָט יצחק געהאט צוויי זיהן, א צווילינג. דעם ערשטען האָט מען גערופען עשו, און דעם אנדערען — יעקב. ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואקסען, האָט מען אָנגעהויבען בעמערקען אז זיי אונטערשיידען זיך איינער פון אנדערען אין זייערע נייגונגען. עשו האָט ליעב געהאט די יאגד און איז געווען א מענש פון פעלד, און יעקב האָט ליעב געהאט דאס רוהיגע לעבען פון דעם פאסטוך און איז געווען א הויז־זיצער, א יושב אהל.

איינמאָל האָט זיך עשו צוריקגעקעהרט פון יאגד א מיעדער און

א הונגעריגער. דערזעהענדיג ביי יעקב'ן א געקעכטס פון לינזען, האָט ער איהם געבעטען ער זאָל דאָס איהם געבען צו עסען. און יעקב האָט איהם געזאגט: „פארקויף מיר דערפאר די בכורה". (עשו האָט זיך גערעכענט פאר'ן עלטערען ברודער, און דער עלטע־רער האָט נאָכ'ן פאָטער'ס טויט געדארפט ווערען דער עלטסטער פון דער פאמיליע). עשו האָט געענטפערט: „איך בין טויט הונגע־ריג, אויף וואס דארף איך די בכורה?" און יעקב האָט געגעבען זיין ברודער זאַט אָבצועסען און עשו'ן האָט גאָר ניט באנג געטהאָן וואס ער האָט פערקויפט זיין רעכט אויף דער בכורה פאר א טאָפּ לינזען. נאָר יצחק האָט עס אזוי ווי ניט בעמערקט, און האָט זיך אויך וויי־טער פערהאלטען צו עשו'ן אזוי ווי צום ערשטען זוהן. עשו פלעגט אפט ברענגען פון יאגד פרישען פאנג, פלעגט צוגרייטען דערפון געשמאקע מאכלים און עס אונטערטראָגען זיין פאטער; ער איז גע־ווען יצחק'ס ליעבלינג, און דער בעשיידענער יעקב איז געווען דער מוטער'ס ליעבלינג.

ווען יצחק איז געווארען אלט און איז שוין כמעט בלינד גע־ווען, האָט ער איינמאָל צוגערופען עשו'ן און איהם געזאָגט: „מיין זוהן, אָט בין איך שוין אַלט און איך וויים ניט דעם טאָג פון מיין טויט. נעהם דיין בויגען, געה אין פעלד, פאנג פון מיינעטוועגען א חיה און גרייט מיר צו מיין בעליעבטע שפייז, און איך וועל דיך בענשען איידער איך שטארב." רבקה האָט געהערט יצחק'ס ווער־טער און איהר האָט באנג געטהאָן וואָס די פאָטערליכע ברכה וועט אָנקומען עשו'ן און ניט איהר ליעבלינג יעקב'ן. האָט זי עס דערצעהלט יעקב'ן און האָט איהם אן עצה געגעבען ער זאָל אויסנארען פון דעם פאטער די ברכה פריהער פון דעם ברודער. אויף דער מוטער'ס ראַט האָט יעקב גלייך געבראכט פון דער סטאַדע צוויי ציגעלעך און פון זייער פלייש האָט רבקה געמאכט יצחק'ס בעליעבטען מאכל. דערנאָך האָט זי אָנגעטהאָן יעקב'ן עשו'ס יאגד־קליידער, האָט איהם בעדעקט די הענט און די האלז מיט דער פעל פון די ציגעלעך, (ווארום עשו איז געווען א האָריגער) און האָט איהם געהייסען אב־טראגען צום פאטער די צוגעגרייטע שפייז. און יעקב איז געקומען צום פאָטער און געזאָגט: „אָט בין איך, דיין עלטערער זוהן עשו. איך האָב געטהאָן וואָס דו האָסט מיר געהייסען. אצינד עס אָב און

בענש מיך." דער בלינדער יצחק האָט ארומגעטאפּט זיין זוהן און מיט פערוואונדערונג געזאָגט: „הקול קול יעקב, והידים ידי עשו, דער קול איז יעקב'ס, און די הענד—עשו'ס". דער אלטער האָט פונדעסטוועגען נעגלויבט אז פאר איהם שטעהט עשו און האָט איהם געבענשט אזוי: „גאָט זאָל דיר געבען פון דעם טוי פון הימעל און פון די פעטקייט פון דער ערד, און פיעל קאָרן און וויין; עס זאָלען דיר דיענען פעלקער, און עס זאָלען זיך בוקען צו דיר קעניגרייכען, און זיי א האר צו דיינע ברידער." ווי נאָר יעקב איז ארויס האָט זיך עשו אומגעקעהרט פון דער יאגד, האָט צוגעגרייט שפּייז פון זיין פאנג און האָט עס געבראכט דעם פאָטער. יצחק האָט זיך דערשראָקען און געפרעגט: „ווער־זשע איז דאָ פריהער געוועזען און האָט צוגענומען ביי מיר די ברכה?" עשו האָט פערשטאנען אז זיין ברודער איז איהם פערלאָפּען דעם וועג און ער האָט אויסגערופען אין פערצווייפלונג: „פאָטער, צי האָסטו דען נאָר איין ברכה? בענש מיך אויך." און יצחק האָט געזאָגט: „איך האָב שוין יעקב'ן געבענשט אז ער זאָל זיין א האר איבער זיינע ברידער; און דיר וועל איך ווינשען אז דו זאָלסט זיך פערטיידיגען מיט דיין שווערד, און ווען דיין ברודער'ס הערשאפט וועט דיר ווערען שווער, וועסטו מיט מאכט אראבווארפען זיין יאך פון דיין האלז." פון דעמאָלט אָן האָט עשו געטראָגען א שנאה צו זיין ברודער יעקב'ן. „ער האָט צוערשט אויסגענאַרט ביי מיר די בכורה, און נאכהער אויך די ברכה וואס איז געוועזען בעשטימט פאר מיר", האָט זיך עשו גע־קלאָגט. און ער האָט בעשלאָסען צו הרג'ענען יעקב'ן אזוי שנעל ווי דער פאטער וועט שטארבען. דערוויסענדיג זיך פון עשו'ס מחשבה, האָט רבקה גערופען יעקב'ן און איהם געזאגט: „אנטלויף צו מיין ברודער לבן אין חרן, און פערבלייב דארט ביז עס וועט גע־שטילט ווערען דער צאָרן פון דיין ברודער." יצחק האָט אויך גע־ראטען יעקב'ן ער זאָל געהן צו לבנ'ן קיין מעסאפּאָטאמיען און דארט זיך געפינען א ווייב פון דער אייגענער משפחה. יעקב האָט אזוי געטהאָן און האָט זיך אוועקגעלאָזט אין וויטען וועג אריין.

§12. יעקב אין מעסאָפּאָטאַמיען. לאנג איז יעקב גע־גאנגען פון כנען קיין מעסאפּאטאמיען. אין איין ארט אין מעסא־פּאטאמיען, וואו עס האָט איהם פערכאפּט די נאכט, האָט דער וואנ־

דערער זיך געלעגט שלאָפען און צוקאָפּענס האָט ער זיך געלעגט א שטיין, און ער האָט געזעהן א וואונדערליכען חלום: עס שטעהט א לייטער, וואס זיין שפּיץ דערגרייכט ביז'ן הימעל, און מלאכים געהען אויף איהם אראב און ארויף. און ער האָט דערהערט א שטימע פון גאָט: „איך בין מיט דיר און וועל דיך היטען איבעראל, און נאָכדעם וועל איך דיר אומקעהרען צו דיין פאטערלאנד." יעקב האָט זיך אויפגעכאפּט און זיך געפרעהט איבער דעם פיעל פערשפּרעכענדען חלום. דעם שטיין אויף וועלכען ער איז געשלאָפען האָט ער אוועקגעשטעלט פאר א דענקמאל, כדי, ווען ער וועט זיך אומקעהרען אהיים, זאָל ער אויף דעם הייליגען ארט אויסבויען א הויז צו גאָט. אין שפּעטערע צייטען איז אויף דעם דאָזיגען ארט נעגרינדעט געווארען די אידישע שטאָדט בית־אל (גאָט'ס הויז).

נאָך לאנגע וואנדערונגען איז יעקב אָנגעקומען צו א פעלד. אין מיטען פעלד איז געשטאנען א ברונען און ארום ברונען זיינען געווען אויסגעלעגט פּאסטוכער מיט זייערע סטאדעס שאָף. דאס איז געווען א פעלד נעבען חרן. די פּאסטוכער האָבען יעקב'ן דערצעהלט אז זיי קענען זיין פעטער לבנ'ן. דערווייל איז אין פעלד אָנגעקומען רחל, לבנ'ס אינגערע טאָכטער, אָנצוטרינקען איהרע שאָף. דער ברונען איז געווען צוגעדעקט מיט א גרויסען שטיין, און פאר דער יונגער מיידעל איז שווער געווען דעם שטיין אראבצונעהמען. ווען יעקב האָט פון די פּאסטוכער דערהערט ווער די מיידעל איז, איז ער צוגעלאָפען צום ברונען, האָט אראבגעווארפען דעם שטיין און האָט אָנגעטרונקען רחל'ס שאָף. דאן האָט ער איהר געזאגט אז ער איז איהר שוועסטערקינד, און ער האָט זי געקושט און איז געווען אזוי גערירט פון דער בעגעגעניש, אז ער האָט זיך צעוויינט. רחל איז געלאָפען אהיים, און באלד איז געקומען איהר פאטער. לבן האָט מיט פרייד בעגעגענט זיין פּלימעניק און איהם געבראכט אין זיין הויז. און יעקב איז פערבליבען צו וואוינען אין לבנ'ס הויז.

אויכער רחל'ן האָט לבן געהאט נאָך אן עלטערע טאָכטער, לאה. לאה האָט געהאט שוואכע אויגען, אבער רחל איז געווען זעהר א שעהנע. יעקב האָט ליעב געקראָגען רחל'ן און האָט געזאגט צו לבנ'ן: „איך וועל דיר דיענען זיבען יאהר, אויב דו וועסט מיר גע־

בען פאר א ווייב דיין אינגערע טאָכטער רחל." לבן האָט איינגע־שטימט און יעקב האָט אבגעדיענט ביי זיין פעטער זיבען יאהר. ער האָט געפיטערט זיינע סטאַדעס ביי טאָג און זיי געהיט ביי נאכט; ער האָט פלייסיג געארבייט פאר זיין געליעבטער רחל, און די זיבען יאהר דיענסט זיינען פאר איהם פערלאָפען ווי עטליכע טעג. נאָר לבן האָט אבגענארט זיין פלימעניק. ווען די זיבען יאהר זיינען אוועק האָט ער אנשטאט רחל'ן איהם געגעבען פאר א ווייב איהר עלטערע שוועסטער לאה. ווען יעקב האָט זיך בע־קלאָגט אויף דער דאָזיגער רמאות, האָט איהם לבן געזאָגט: „עס איז ביי אונז ניט אָנגענומען אויסצוגעבען די אינגערע שוועסטער פאר דער עלטערער; דיען ביי מיר נאָך זיבען יאהר און איך וועל דיר געבען רחל'ן אויך." יעקב איז פערבליבען דיענען, און אויף אזא אופן האָט ער געקראָגען צוויי ווייבער. די ניט געליעבטע ווייב לאה האָט געהאט א סך קינדער; זי האָט געבאָרען זעקס זיהן: (ראובן, שמעון, לוי, יהודה, יששכר און זבולן) און א טאָכ־טער (דינה). רחל אבער האָט קיין קינדער ניט געהאט און דאס האָט איהר פערשאפט פיעל צער. ערשט אין א לאנגער צייט ארום האָט זי געהאט א זוהן, יוסף. לויט דעם מנהג פון די מזרח־לענ־דער האָט יעקב געהאט נאָך קינדער פון זיינע צוויי דיענסטען, בלהה און זלפה. די ערשטע האָט געהאט צוויי זיהן: דן און נפתלי און די אנדערע — אויך צוויי: גד און אשר.

ווען ביי יעקב'ן איז שוין געווארען א גרויסע געזינד האָט ער ערקלערט לבנ'ן אז ער וויל זיך צוריקקעהרען אהיים, אין כנען. אבער לבן האָט איהם ניט געוואלט אוועקלאָזען, ווייל יעקב האָט גוט געוואוסט ווי צו האָדעווען פיה און האָט שטארק פערמעהרט די סטאַדעס פון זיין האר. לבן האָט דעריבער איינגערעדט יעקב'ן צו בלייבען, און האָט איהם צוגעזאָגט פערשיידענע הבטחות. לבן האָט געשענקט יעקב'ן א טייל פון זיינע סטאַדעס, און אין עטליכע יאהר ארום איז יעקב געווען זעהר רייך אין שאָף, ציגען, קעמלען און אויך קנעכט און דיענסטען. אבער לבן האָט אלץ ניט געלאָזט יעקב'ן אוועקגעהן. האָט איינמאָל יעקב גענומען זיינע ווייבער, זיינע קינדער, זיינע קנעכט און סטאַדעס און איז בשתיקה מיט זיי אוועק. די אנטלאָפענע זיינען שוין געווען אריבער דעם טייך,

ווען לבן מיט זיינע מענשען האָבען זיי פלוצלונג אָנגעיאגט. לבן האָט געשטראָפט יעקב'ן פאר וואס ער האט זיך ארויסגע'גנב'עט, נאָר יעקב האָט איהם געענטפערט, אז ער האָט איהם געטריי גע־דיענט צוואנציג לאנגע יאהר, און אז איצט וויל ער זיך שוין אומ־קעהרען אהיים מיט זיין פאמיליע און מיט זיין עהרליך אָנגעלעבטען פערמעגען. נאָך לאנגע וכוחים זיינען זיך יעקב און לבן צוגאנגען. זיי האָבען אויפגעשטעלט נעבען ירדן א בערגעל פון שטיינער, כדי אבצוצייכענען די גרעניצען פון זייער ערד, און האָבען זיך געגע־בען א שבועה קיינמאָל איינער דעם אנדערען ניט טשעפען. דאן האָט זיך לבן אומגעקעהרט קיין מעסאפאטאמיען, און יעקב האָט זיך געלאָזט קיין כנען.

§13. יעקב און זיינע קינדער אין כנען. צוריקקעהרענ־דיג צו זיין געבאָרנלאנד, האָט יעקב בערעכענט אז איהם וועט אויסקומען זיך צו בעגעגנען מיט זיין ברודער עשו'ן, פון וועל־כען ער איז אמאָל אנטלאָפען, און ער האָט געוואָלט שלום מאכען מיט איהם. האָט ער געשיקט פאָראויס שלוחים צו עשו'ן, וועלכער האָט געוואוינט אויפ'ן בארג שעיר, איהם צו בעטען צו שליסען פריעדען מיט איהם. נאָר די שלוחים זיינען באלד געקומען צוריק און געמאָלדען, אז עשו געהט שוין אנטקעגען זיין ברודער און מיט איהם געהען פיער הונדערט מאן. יעקב האָט זיך שטארק דערשראקען און האָט מתפלל געווען צו גאט ער זאל איהם בעשי־צען. דאן האָט ער צוטיילט זיינע מענשען און סטאדעס אויף צוויי מחנות. פון פאָרנט האָט ער געשטעלט די קנעכט און דיענס־טען און איינינגע סטאדעס, וועלכע ער האָט בעשטימט פאר א מתנה עשו'ן, און הינטען זיינען געגאנגען יעקב'ס ווייבער און קינדער מיט'ן איבעריגען צוג. ווען עשו איז שוין געווען נאָר נאָהנט איז יעקב ארויסגעטראטען פאראויס און האָט זיך זיבען מאָל פארנייגט פאר איהם צו דער ערד. עשו איז שטארק געריהרט גע־ווארען פון זיין ברודער'ס אונטערטעניגקייט, און ער האָט איהם ארומגענומען און געקושט און זיי האָבען זיך ביידע צעוויינט. די אלטע שנאה איז פערגעסען געווארען. עשו האָט זיך פון אנפאנג ענטזאגט אָנצונעהמען די מתנות פון דעם ברודער, נאָר יעקב האָט איהם שטארק געבעטען און ער האָט זיי גענומען. דאן האָבען זיך

די ברידער צושיידט. עשו איז אוועק צוריק אין שעיר און פון איהם איז שפּעטער ארויסגעקומען דאָס קריגערישע פאָלק אדום, וואָס האָט געלעבט אין דרום־כנען. אין יעקב האָט אויף דערווייל אויפגעשלאָגען זיינע געצעלטען נעבען דער שטאָדט שכם, אין מי־טעל־כנען.

נאָר דאָ איז געשעהן א טרויעריגע פּאסירונג. דער זוהן פון דעם קעניג פון שכם, וועלכער האָט אויך געהייסען שכם, האָט דערזעהן יעקב'ס טאָכטער דינה איינמאָל ווען זי איז געגאנגען אליין שפּאצירען, און האָט זי געפאנגען. שכם האָט דינה'ן געוואלט נעהמען פאר א ווייב, נאָר יעקב האָט ניט געקענט געבען זיין טאָכ־טער פאר א ווייב צו איינעם פון א פרעמדען פאָלק. אבער דער יונגער קעניג האָט מיט גוואלד געהאלטען דינה'ן אין זיין הויז. דאן האָבען יעקב'ס מוטיגע זיהן שמעון און לוי בעוואפענט זיי־ערע מענשען און זיינען פּלוצלונג בעפאלען די איינוואוינער פון שטאָדט. זיי האָבען גע'הרג'עט דעם קעניג מיט זיין זוהן און האָבען בעפרייט זייער שוועסטער און זיינען מיט איהר אוועק.

נאָך דער דאָזיגער געשעהענים האָבען די ארומיגע פעלקער פון כנען זיך אָנגעהויבען פערהאלטען פיינדליך צו יעקב'ן און זיין שטאַם, און יעקב און זיין פאמיליע האָבען געמוזט אוועקוואנדערען צו דרום, צו דעם ארט וואו שפּעטער איז געשטאנען די שטאָדט בית־אל. אין דיזען אָרט האָט יעקב אמאָל געזעכטיגט ווען ער איז געלאָפען פון עשו'ן, און ער האָט איצט אויף דעם פּלאַץ אויס־געבויט א מזבח צו גאָט. ער האָט אויך געהייסען זיין הויזגע־זינד פערניכטען אלע געצענבילדער, וואס זיי האָבען געבראכט מיט זיך פון מעסאפּאטאמיען, פון דעם הויז פון לבן, דעם געצענ־דיענער. דאָ — דערצעהלט דער חומש, — האָט זיך גאָט ווידער בעוויזען צו יעקב'ן און איהם געהייסען פון היינט און ווייטער זיך רופען מיט'ן נאָמען ישראל (אל מיינט גאָט). ציהענדיג ווייטער צו חברון, וואו עס האָט נאָך געלעבט דער אלטער יצחק, האָט זיך יעקב אָבגעשטעלט אין וועג, ניט ווייט פון דער שטאָדט בית־לחם. דאָ האָט רחל געבאָרען א צווייטען זוהן, וועלכען זי האָט א נאָמען געגעבען בנימין, און איז אין קימפּעט געשטאָרבען. יעקב האָט מקבר געווען זיין געליעבטע פרוי אין מיטען וועג און האָט גע־

שטעלט א מצבה אויף איהר קבר. דאן איז ער אַנגעקומען צו זיין פאַטער יצחק׳ן אין חברון און איז דאָ פערבליבען וואוינען. אין גיכען איז יצחק געשטאָרבען, הונדערט און אכציג יאהר אלט. מען האָט איהם מקבר געווען, אזוי ווי פריהער רבקה׳ן אין דער מערת המכפלה, נעבען חברון, אין אברהמ׳ס פאמיליען־קבר. דער עלטסטער און פיהרער פון דעם אידישען שבט איז איצט געווארען יעקב.

§ 14. יוסף און זיינע ברידער. פון אלע צוועלף זיהן האָט יעקב אם שטאַרקסטען ליעב געהאט יוסף׳ן, רחל׳ס זוהן. יוסף איז געווען זעהר א שעהנער. דער פאָטער האָט איהם אויסדערוועהלט פון אלע זיינע ברידער און האָט איהם געשענקט א העמד אין רייכע קאָלירען. די ברידער האָבען יוספ׳ן מקנא געווען און האָבען איהם ניט ליעב געהאט, און מיט זיינע אונפאָרזיכטיגע רייד און האנדלונגען האָט ער נאָך די קנאה פארשטאַרקט. איינמאָל האָט יוסף געזעהן א חלום און ער האָט איהם דערצעהלט זיינע ברידער: „איך האָב געזעהן“ — האָט ער געזאָגט — „אין חלום ווי מיר אלע זיינען אין פעלד און מיר בינדען גארבען; פלוצלינג האָט זיך מיין גארב אויפגעהויבען און איז געבליבען שטעהן, און אייערע גארבען האָבען זיך געשטעלט ארום איהם, און האָבען זיך געבוקט צו איהם.“ זיינע ברידער זיינען אין כעס געווארען און האָבען געזאָגט: „צי דענקסטו אז דו וועסט אמאָל זיין הערשער איבער אונז?“ און זיי האָבען איהם נאָך שטאַרקער פערהאסט. א צווייטען מאָל האָט יוסף דערצעהלט דעם פאָטער און די ברידער, אז איהם האָט זיך גע׳חלומ׳ט ווי די זון, די לבנה און עלף שטערען בוקען זיך צו איהם. יעקב האָט אָנגעשריען אויף יוספ׳ן און געזאָגט: „שוין זשע דענקסטו, אז איך און דיין מוטער און דיינע עלף ברידער וועלען קומען זיך בוקען צו דיר צו דער ערד?“

איינמאָל האָבען די ברידער געפיטערט זייערע הערדען אין שכם און יעקב האָט געשיקט יוספ׳ן אהין צו זעהן אויב זיי זיינען געזונד און אויב די פיה איז גאַנץ. דערזעהענדיג יוספ׳ן פון וויטען האָבען די ברידער געזאָגט: „אָט געהט דער בעל־החלומות; לאָמיר איהם הרג׳נען און אריינוואַרפען אין א גרוב און דעם פאטער וועלען מיר זאָגען, אז א ווילדע חיה האָט איהם פארצוקט. און דע־

מאָלט וועלען מיר זעהן וואס עס וועט ארויסקומען פון זיינע חלומות".
ווען ראובן, יעקב'ס עלטסטער זוהן, האָט דאס דערהערט, האָט ער אָנגעהויבען איינרעדען די ברידער, אז עס איז ניט רעכט צו הרג'־ענען יוסף'ן, און אז בעסער וואָלט געווען אריינוואַרפען איהם לעבעדיגערהייד אין אַ גרוב. ראובן האָט עס געזאָגט מיט דער כונה צו ראטעווען שפּעטער יוסף'ן און איהם אבפיהרען צום פאָטער. ווי נאר יוסף איז צוגעקומען, האָבען די ברידער איהם אויסגעטהאָן די פיעל־פאַרבינגע העמד און האָבען איהם אריינגעוואָרפען אין אַ גרוב, וואס האָט זיך געפונען דאָ אין פעלד, און אליין האָבען זיי זיך געזעצט עסען. גראד דעמאָלט איז פארביינגעצויגען אַ האנדעלס־קאראוואן פון ישמעאלים, אָדער אראבישע סוחרים, מיט קעמלען אָנגעלאָדען מיט סחורה. און יהודה האָט אַן עצה געגעבען אז די ברידער זאָלען פארקויפען יוסף'ן צו די ישמעאלים פאר אַ קנעכט. זיי האָבען אזוי געטהאָן און האָבען איהם פארקויפט פאר צוואנציג זילבער־שטיקער, און די ישמעאלים האָבען יוסף'ן אוועקגעפיהרט מיט זיך. ראובן איז דערביי ניט געווען. ווען ער איז צוריקגעקומען און האָט דערזעהן, אז יוסף איז אין גרוב ניטאָ, האָט ער אויסגעשריען אין פערצווייפלונג: „דאס קינד איז נישטאָ, און איך — וואוהין קען איך איצט געהן?" און די ברידער האָבען גענומען יוסף'ס העמדעל, האָבען זי איינגעטונקט אין די בלוט פון אַ ציגעלע און האָבען זי געבראכט צו יעקב'ן און געזאגט: „אָט דאָס האָבען מיר געפונען; דערקען, איז עס יוסף'ס העמד אָדער ניט?" יעקב האָט דערקענט יוסף'ס העמד און האָט אויסגעשריען: „עס איז מיין זוהנ'ס העמד, אַ ווילדע חיה האָט איהם אויפגעגעסען, פארצוקט איז יוסף!" דער אומגליקליכער פאָטער האָט פון פערצווייפלונג צוריסען זיינע קליידער און פיעל טעג האָט ער געוויינט נאָך זיין אומגעקומענעם זוהן. מען האָט איהם געפּרובט טרייסטען, נאָר ער האָט געזאָגט: „איך וועל זיך ניט טרייסטען, נאָר אין טרויער וועל איך נידערען צו מיין זוהן אין קבר."

§15. יוסף אין מצרים. און די ישמעאלים האָבען יוסף'ן אוועקגעפיהרט קיין מצרים און האָבען איהם דאָרט פארקויפט פאר אַ קנעכט. געקויפט האָט איהם פוטיפר, דער עלטסטער פון די

לייבוועכטער פון פרעה, דעם קעניג פון מצרים. און דער ארענט־ליכער און פעהיגער יוסף האָט געפונען חן אין די אויגען פון זיין האר. ניט לאנג האָט ער געדיענט אלס פשוט'ער קנעכט. אין גיכען איז ער געווארען דער אויפזעהער פון פוטיפר'ס הויז און האָט אָנגעהויבען פיהרען זיין גאנצע ווירטשאפט. יוסף'ן וואָלט זיך גוט געלעבט אין הויז פון דעם עגיפּטישען האר, נאָר דאָ האָט געטראָפען אן אונגליק. יוסף, מיט זיין שעהנער גע־שטאַלט, איז שטארק געפעלען געווארען פוטיפר'ס ווייב און זי האָט איהם גענומען איינרעדען ער זאָל ווערען איהר מאן. נאָר דער איידעלער יוסף האָט זיך ענטזאגט צו בעגעהן א פארברעכען געגען זיין גוטען בעל־הבית. איינמאָל, ווען פוטיפר'ס ווייב איז שטארק צוגעשטאנען צו יוסף'ן און ער האָט מעהר נישט געוואלט הערען איהרע רייד, האָט ער גענומען לויפען פון הויז. אבער זי האָט איהם אָנגעכאפּט פאר'ן מאנטעל און איהם געוואלט צוהאלטען. נאָר יוסף האָט זיך ארויסגעריסען און איז ארויסגעלאָפען, איבערלאָ־זענדיג זיין מאנטעל אין איהרע הענד. דאן האָט די דערצארנטע בעל־הבית'טע אויפגעהויבען א געשריי, עס זיינען זיך צונויפגעלאָ־פען די הויז־מענשען און זי האָט פאלש ערקלערט אז דער אידישער קנעכט האָט זי געוואלט בעליידיגען. ווען פוטיפר האָט דאָס דער־הערט, האָט ער געגלויבט די פאלשע רייד פון זיין פרוי און האָט געהייסען אריינווארפען יוסף'ן אין תפיסה.

לאנג איז יוסף געזעסען אין געפענגנים, אבער אויך דאָ האָט ער אלעמען ערשטוינט מיט זיין חכמה און איידעלקייט. דער אויפ־זעהער פון דער תפיסה האָט איהם געמאכט פאר'ן אויבערהאר אי־בער אלע געפאנגענע. צווישען די געפאנגענע זיינען געווען צוויי דיענער פון פרעה'ס הויף, וועלכע האָבען זיך געהאט אין עפּעס פערזינדיגט: דער שר המשקים — דער עלטסטער קעניגליכער וויינ־גיסער, און דער שר האופים — דער הויפּט בעקער. איינמאָל האָט זיך זיי ביידען גע'חלום'ט אונרוהיגע חלומות און זיי האָבען זיך געווענדט צו יוסף'ן ער זאָל זיי זייערע חלומות בעשיידען. יוסף האָט אויסגעהערט די חלומות און האָט פאראויסגעזאָגט דעם וויינ־שענקער, אז ער וועט שנעל בעפרייט ווערען פון דער תפיסה, און דעם

בעקער, אז ער וועט אין גיכען פער׳משפט ווערען צום טויט. און ווי יוסף האָט פותר געווען, אזוי איז געשעהן.

אין צוויי יאהר ארום נאָך דער דאָזיגער געשיכטע האָט פרעה אליין געהאט א מאָדנעם חלום. עס האָט זיך איהם גע׳חלומ׳ט, אז פון טייך זיינען ארויס זיבען שעהנע און פעטע קיה און האָבען זיך געפּאשעט אין גראז, און נאָך זיי זיינען ארויס זיבען קיה, מיאוסע און מאָגערע, און די מאָגערע קיה האָבען אויפגעגעסען די פעטע. און ווייטער האָט זיך פרעה׳ן גע׳חלומ׳ט, אז זיבען פולע זאנגען אין פעלד זיינען אויפגעגעסען געווארען פון זיבען דארע זאנגען. דער קעניג האָט זיך אויפגעכאפּט שטארק דערשראָקען, און האָט גע־לאָזט רופען זיינע חרטומים און מכשפים. אבער אפילו זיי האָ־בען ניט געקענט בעשיידען פרעה׳ן זיינע צוויי חלומות. דעמאָלט האָט דער ווינשעפער, וועלכער איז אמאָל געזעסען אין תפיסה, דערצעהלט פרעה׳ן, אז אין געפענגניס זיצט א איד, יוסף, וועלכער פערשטעהט ריכטיג פותר צו זיין א חלום. דער קעניג האָט בע־פּעהלען תיכף ומיד צו ברענגען יוספ׳ן צו איהם. אז יוסף האָט אויסגעהערט פרעה׳ס חלומות האָט ער געזאָגט: „די זיבען פעטע קיה און די זיבען פולע זאנגען בעדייטען זיבען גערא̈טענע יאהר; און די זיבען מאָגערע קיה און די זיבען לעדיגע זאנגען בעדייטען זיבע יאהר פון הונגער. פריהער וועלען אין דעם לאנד מצרים אָנ־שטעהן יאהרען פון גערעטעניש און עס וועט זיין א גרויסע שפע אין ברויט, אבער נאָכדעם וועלען קומען זיבען יאהר פון אונגערע־טעניש און עס וועט זיין א גרויסער הונגער אין לאנד. גאָט האָט עס אנטפּלעקט פרעה׳ן אין חלום כדי ער זאָל בעצייטענס וואָרנען דאָס לאנד געגען דעם אומגליק. זאָל פרעה בעשטימען מענשען, וועלכע זאָלען אין די גערא̈טענע יאהרען אויפקלייבען די איבעריגע תבואה אין שפּייכלער און דאָס פאָלק וועט אין די ניט־גערא̈טענע יאהרען זיך שפּייזען מיט דעם אבגעשפּארטען ברויט און וועט ניט דארפען הונגערען.“ דער דאָזיגער קלוגער בעשייד איז פרעה׳ן זעהר געפעלען געוואָרען. „איצט וויים איך, האָט ער געזאָגט צו יוספ׳ן, אז עס איז ניטאָ קיין קליגערער פון דיר. פון איצט אָן און ווייטער וועסטו זיין דער ממונה איבער מיין הויז און דיין וואָרט וועט געהאָרכען דאָס גאנצע פאָלק מיינס.“ פרעה האָט געגעבען

יוסף'ן זיין פינגערל, האָט איהם אָנגעטהאָן א גאָלדענע קייט און האָט בעפעהלען איהם צו פיהרען איבער די גאסען פון שטאָדט אין דעם קעניגליכען רייטוואָגען. ווען דער נייער שני־למלך איז גע־פאָהרען איבער די גאסען, האָבען זיך אלע טיעף געבוקט פאר איהם.

אויף אזא אופן איז יוסף פון אן אומגליקליכען שקלאף גע־וואָרען א הערשער, וועלכער האָט פערנומען אין מצרים דעם צוויי־טען פּלאַץ נאָכ'ן קעניג. נאָכדעם האָט ער גענומען פאר א ווייב די טאָכטער פון א גרויסען עגיפּטישען האר, מיט'ן נאָמען אסנת. זי האָט איהם געבאָרען צוויי זיהן, מנשה און אפרים. אין א קורצער צייט ארום האָבען זיך אָנגעהויבען יאהרען פון גערעטעניש, אזוי ווי יוסף האָט פאָראויסגעזאָגט. און יוסף האָט אויפגעקליבען ריעזיגע אוצרות מיט תבואה. און שפּעטער, ווען עס זיינען געקו־מען די ניט־געראָטענע יאהרען האָט ער די דאָזיגע תבואות געטיילט דעם הונגעריגען פאָלק. אין מצרים איז געווען אזוי פיעל ברויט אין די קעניגליכע שפּייכלער, אז אפילו פון אנדערע לענדער איז מען געקומען אהער קויפען ברויט.

§16. יוסף'ס ברידער אין מצרים. אין יענער צייט איז אין כנען אויך געווען א שווערער הונגער. יעקב האָט זיך דער־וואוסט אז אין מצרים זיינען דאָ אוצרות מיט תבואה, האָט ער געשיקט אהין זיינע זיהן איינצוקויפען דאָרט ברויט. געגאַנגען זיינען צעהן פון יעקב'ס זיהן. בלויז דער אינגסטער, בנימין, איז געבליבען מיט'ן פאטער. יעקב'ס זיהן זיינען אָנגעקומען קיין מצרים און זיינען אויפגעטראטען פאר יוסף'ן, וועלכער האָט גע־האט די השגחה איבער דעם פערקויף פון דער תבואה. יוסף האָט דערקענט זיינע ברידער, אבער זיי איהם האָבען ניט דערקענט; זיי איז אפילו אויף די געדאנקען ניט ארויף אז דער דאָזיגער שטאָל־צער הערשער פון מצרים איז זייער פערפאלענער ברודער. יוסף האָט זיך געמאכט אזוי ווי ער וואָלט זיינע ברידער ניט דערקענט; און ער האָט זיי אָנגעפאנגען שטרענג אויסצופרעגען פון וואנען זיי זיינען און נאָך וואס זיי זיינען געקומען. די ברידער האָבען איהם דערצעהלט, אז איין ברודער איז ביי זיי פערפאלען געוואָרען און איינער איז געבליבען מיט'ן פאטער, און אז זיי זיינען געקומען

פון כנען קויפען ברויט. יוסף האָט זיך געמאַכט אַזוי ווי ער וואָלט ניט געגלויבט זייערע רייד, און האָט געזאָגט: „ניין, איהר זייט שפּיאָנען און איהר זייט געקומען אויסקוקען די שוואַכע ערטער פון אונזער לאַנד.“ אומזיסט האָבען די ברידער גע'טענה'ט אַז זיי האָבען ניט קיין שלעכטע כונות. יוסף האָט זיי געזאָגט: „אויב איהר זייט באמת ערליכע לייט, דאַן ברענגט מיר אויף אייער איינגערען ברודער אַהער, און ביז יענער צייט וועט איינער פון אייך בלייבען ביי מיר פאַר אַ משכון.“ די ברידער האָבען זיך איבערגעקוקט צווישען זיך און געזאָגט איינער צום אַנדערען: „דאָס ווערען מיר געשטראָפט פאַר דאָס, וואָס מיר האָבען אַמאָל געטהאָן צו אונזער ברודער יוסף'ן; מיר האָבען דעמאָלט געזעהן זיינע ליידען, געהערט ווי ער האָט זיך געבעטען ביי אונז, אָבער מיר האָבען אויף איהם קיין רחמנות ניט געהאַט און איהם פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט.“ אַזוי האָבען זיי גערעדט צווישען זיך און האָבען גאָר ניט חושד געווען, אַז יוסף, וועלכען זיי האָבען גערעכענט פאַר אַ מצרי, פערשטעהט זייער שפּראַך. נאָר יוסף, הערענדיג זייערע ווערטער, איז אָבגעגאַנגען אָן אַ זייט און האָט זיך שטיל אויסגעוויינט. נאָכדעם האָט ער געהייסען אָנפילען זייערע זעק מיט תבואה און אַריינלעגען דאָס געלט וואָס זיי האָבען מיטגעבראַכט צו בעצאָהלען פאַר דער תבואה. איינעם פון די ברידער, שמעון'ן, האָט ער פערהאַלטען פאַר אַ משכון, און די איבעריגע האָט ער געלאָזט געהן אַהיים.

און די ברידער זיינען געקומען אַהיים און האָבען דערצעהלט יעקב'ן אַלץ וואָס איז געשעהן. יעקב האָט מיט ביטערקייט געזאָגט: „איהר וועט מיך אינגאַנצען אומברענגען; יוסף איז ניטאָ, שמעון'ן האָט איהר געלאָזט אין מצרים, און איצט ווילט איהר נאָך נעהמען אַהין בנימין'ען אויך. ניין, איך וועל איהם ניט אַוועקלאָזען פון זיך.“ נאָר ווען דאָס געקויפטע ברויט איז אויסגעגאַנגען און עס איז נויטיג געווען ווידער צו פאָהרען קיין מצרים, האָט יעקב געמוזט לאָזען בנימין'ען אַהין צוזאַמען מיט זיינע איבעריגע ברידער. דער אַלטער פאָטער האָט געבענשט זיינע אַברייזענדע קינדער, און געבעטען צו גאָט עס זאָל מיט זיי קיין אומגליק ניט געשעהן אין פרעמדען לאַנד.

§17. **יעקב'ס איבערוואנדערונג קיין מצרים.** ווען יעקב'ס זיהן זיינען צום צווייטען מאָל אָנגעקומען קיין מצרים, האָט שוין יוסף מעהר ניט געקענט פארלייקענען זיין אָבשטאמונג; ער האָט זיך געלאָזט דערקענען צו זיי און געזאָגט: „איך בין אייער ברודער יוסף, וועלכען איהר האָט פארקויפט קיין מצרים." די ברידער האָבען זיך אזוי דערשראָקען אז זיי האָבען גאָר ניט גע־קאָנט ענטפערען; נאָר יוסף האָט זיי בערוהיגט און געזאָגט: „זאָל אייך ניט פארדריסען וואס איהר האָט מיך פארקויפט, ווייל גאָט אליין האָט מיך געשיקט אהער צו פארהיטען אייער לעבען. ער האָט מיך געמאכט פאר א ראטגעבער צו פרעה'ן און פאר א מושל איבער'ן גאנצען לאנד מצרים. איצט געהט שנעל צוריק צו מיין פאטער און ברענגט איהם אהער צופיהרען, איהם מיט זיינע מענשען און הערדען. איהר וועט דאָ אלע וואוינען נעבען מיר." ביי די רייד האָט יוסף ארומגענומען זיינע ברידער און זיי געקושט, און זיי האָבען אלע געוויינט אויפ'ן קול פאר פרייד. אז פרעה האָט דערהערט, אז עס זיינען געקומען יוסף'ס ברידער, האָט ער גע־הייסען זיי געבען פערד און גרויסע רייטוועגען, זיי זאלען ברענגען צופיהרען קיין מצרים יעקב'ן מיט זיינע מענשען או זיין גאנצען אייגענטום.

ווען די ברידער זיינען צוריקגעקומען צום פאטער קיין כנען און האָבען איהם דערצעהלט אז יוסף לעבט נאָך, האָט ער זיי צוערשט ניט געגלויבט. נאָר זעהענדיג די רייטוועגען, וואס יוסף האָט גע־שיקט, האָט ער אויסגערופען: „גענוג פאר מיר! מיין זוהן יוסף לעבט, איך וועל געהן איהם זעהן איידער איך שטארב." באלד האָט יעקב און אלע זיינע קינדער מיט זייערע ווייבער, און זיי־נע אייניקלעך, דיענער און הערדען, און זיין גאנץ פערמעגען, פער־לאָזען כנען און זיינען אוועק קיי מצרים. ריהרענד איז געוועזן די בעגעגניש צווישען יוסף'ן און זיין פאטער. לויט יוסף'ס עצה און מיט דער הסכמה פון פרעה'ן האָט זיך יעקב מיט זיין גאנצער משפחה בעזעצט אין דעם בעסטען טייל פון מצרים, אין גשן. דאָ איז געוועזן גוטער ווייד פאר די פיה און די אידישע איינוואנדערער האָבען געקענט, אזוי ווי פריהער, זיך פערנעהמען מיט פיהצוכט. זיי האָבען געלעבט אָבגעשיידט פון די מצריים, צו וועלכע זיי זייי־

נען געווען פּרעמד מיט זייער שפּראַך און מיט זייער אַרט לעבען.
ווען יעקב איז געקומען קיין מצרים איז ער אַלט געווען הונ־דערט און דרייסיג יאהר. ער האָט נאָך געלעבט זיבצעהן יאהר. פאַר'ן טויט האָט ער געבענשט אַלע זיינע זיהן, און אויך די זיהן פון יוסף'ן, אפרים און מנשה. ווען יעקב איז געשטאָרבען האָט יוסף מיט זיינע ברידער אַריבערגעפיהרט זיין קערפּער קיין כנען און איהם בעהאַלטען אין דער מערת המכפלה און זיינען אַוועק צו־ריק קיין מצרים. דאָ האָט יוסף געלעבט ביז הונדערט און צעהן יאהר, און פאַר זיין טויט האָט ער אָנגעזאָגט זיינע אייגענע, אַז זיי זאָלען אַמאָל אַריבערפיהרען זיין טויטען קערפּער אין זיין געבורטסלאַנד כנען. לויט דעם מנהג פון מצרים האָט מען יוסף'ס קערפּער באַלזאַמירט, כדי עס זאָל זיך לאַנג קענען האַלטען און זיי האָבען איהם אַריינגעלעגט אין אַן ארון, וועלכען מען האָט אַריינ־געשטעלט אין איינעם פון די עגיפּטישע קברים.

§ 18. היסטאָרישע אויספיהרונגען. *) אַז די אידען שטאַמען אַב פון יענע פעמיטען, וואָס האָבען אין טיעפען אַל־טערטום געלעבט אין בבל, זאָגט עדות די איבערראַשענדע עהנ־ליכקייט, וואָס איז פאַראַן צווישען די אידישע און באַבילאָ־נישע לעגענדען וועגען די אוראַלטע צייטען. די געלעהרטע פון אונזער צייט האָבען געמאַכט אויסגראָבונגען אויף יענע ערטער, וואו עס זיינען אַמאָל געשטאַנען די מלוכות פון אשור און בבל. און דאָ האָבען זיי ענטדעקט טאַפּלען און מאָנומענטען, אויף וועלכע עס זיינען אויסגעקריצט אַסיריש־באַבילאָנישע לע־גענדען אין אַ שפּראַך, וואָס איז עהנליך צו העברעאיש. אין די דאָזיגע אויפשריפטען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען מיט דריי־פיער טויזענד יאהר צוריק, דערצעהלט זיך וועגען דער בעשאַפונג פון דער וועלט, וועגען די ערשטע מענשען, וועגען דעם מבול, און דער נעבורט פון פעלקער, כמעט אַזוי ווי אין תנ"ך. אויך לויט דער באַבילאָנישער מיטאָלאָגיע זיי־נען דער הימעל און די ערד לכתחלה געווען צוזאַמענגעגאָסען אין

*) אַלץ וואָס קומט אין איינגענומענע שריפט קען אויסגעלאָזט ווע־רען מיט קלענערע קינדער.

איין ענדלאָזען תהו ובהו (כאָאָס), און דערנאָך האָבען זיי די געטער אָבגעטיילט און האָבען בעשאפען די וועלט אין פער־לויף פון זיבען טעג. די אסיריש־באבילאָנישע לעגענדע פון מבול דערצעהלט דאָס זעלבע וואס דער תנ״ך; נאָר אנשטאט נח׳ן רעטעט זיך דאָרט אין א שיף דער קעניג, קסיסוטרא, וועל־כען דער גאָט, בעל, האָט געווארנט וועגען דעם קומענדען אומ־גליק. אנטקעגען דער אידישער מסורה פון דעם טהורם פון בבל און דער צומישונג פון שפראכען איז פאראן א באבילאָ־נישע לעגענדע ווי אזוי מענשען־ריעזען האָבען מורד געוועזן קע־גען די געטער און זיי האָבען אויפגעשטעלט א ריעזיגען טהורם מיט׳ן צוועק ארויפצוקלעטערען אויפ׳ן הימעל, און ווי אזוי די גע־טער האָבען דעם דאָזיגען בנין אומגעווארפען אויף די קעפּ פון זיינע בויער. חורבות פון דעם דאָזיגען ריעזיגען טהורם האָ־בען נאָך עקזיסטירט אין אלטערטום, אין באָרסיפּ, אין דער געגענד פון דער שטאָדט בבל.

די שייכות פון אידישען פאָלק מיט בבל ווערט אָנגעווי־זען אין תנ״ך גופא, אין דער ערצעהלונג וועגען דעם סעמיטי־שען שטאַם פון תרח׳ן, וועלכער האָט איבערגעוואנדערט פון אור בבל קיין ארם. אין ארם איז געבליבען א טייל פון דעם שטאַם (די גרופּע פון נחור און לבן), וועלכער האָט זיך אויסגע־מישט מיט די ארמים, אבער דער אנדערער טייל, אונטער דער פיהרערשאפט פון אברהמ׳ן, איז אוועק קיין כנען און האָט זיך דאָ בעזעצט אויף א צייט, אונטער דעם נאָמען — „עברים.“

אין כנען האָט זיך דער אידישער שבט גופא פאנאנדער־געצווייגט אויף עטליכע בעזונדערע שטאַמען. צוערשט האָבען זיך פון איהם אויסגעטיילט צוויי קליינע פעלקערשאפטען: מואב און עמון, וועלכע האָבען געוואוינט אין מזרח זיין פון ירדן. (דאס איז די ערצעהלונג וועגען לוט׳ן, וועלכער האָט זיך אָב־געטיילט פון אברהמ׳ס פאמיליע און וועגען זיינע צוויי זיהן, מואב און בן־עמון). אויסער די האָבען זיך אין דעם מדבר, וואס רינגעלט ארום דרום כנען, בעוויזען צוויי וואַנדערנדע אראַ־בישע שבטים, וועלכע זיינען פערוואנדט מיט די אידען: די ישמעאלים און די מדינים (לויט דער מסורה זיינען דאס די

אבגעשטאַמטע פון אברהמ׳ס זייטינע זיהן, ישמעאל און מדין). דעם דרום־מזרח ברעג פון כנען האָט פארנומען דער שבט אדום. (לויט דער ביבעל — די קינדער פון עשו, אברהמ׳ס אייני־קעל). די דאָזיגע אלע פעלקערשאַפטען, וועלכע זיינען געווען פערוואנדט מיט די אידען, האָבען זיך ביסלעכווייז צונויפגעמישט מיט די איינוואוינער פון כנען, און האָבען פערלאָרען די ריינקייט פון זייער ראַסע. בלויז יענער שבט וואס איז ארויסגעקומען גלייך פון אברהמ׳ן, דורך זיין זוהן יצחק׳ן, און אייניקעל יעקב׳ן, האָט אויפגעהיט די ריינקייט פון זיין ראַ־סען־טיפּ און זיינע אייגענע זיטען. דער דאָזיגער שבט האָט געלעבט פאטריארכאליש, ווי איין גרויסע פאמיליע, אונטער דער פיהרערשאפט פון דעם עלטסטען אין דער משפחה (פאט־ריארך). זיי האָבען זיך אויפגעהאלטען אין דרום כנען, נע־בען חברון, און האָבען געפיהרט א פריעדליכען לעבען פון פאסטוכער און ערד־ארבייטער. אָפטמאָל פלעגט דיזער שבט, צוליעב אונגערעטעניש אדער אנדערע סבות, אריבערוואנדערען אין די שכני׳שע פלשתי׳שע לענדער אדער אין מצרים, נאָר אויך צווישען די פרעמדע שבטים האָט ער אבגעהיט די מנהגים פון זיינע עלטערען און זיין אייגענעם איינפאכען לעבענספיהר. מיט די ארומיגע כנעני׳שע פעלקער פלעגען די אידען שליסען בונדען, און אָפטמאָל פלעגען זיי זיי העלפען אין מלחמות געגען די פרעמדע.

די עלטסטע, אדער די פאטריארכען, פון אידישען שבט האָבען געגלויבט אין אן איינציגען גאָט, דער בעשעפער פון הי־מעל און ערד (אלהים). זיי האָבען געבויט אין פערשיידענע ערטער מזבחות צו גאט, אויף וועלכע זיי פלעגען ביי פייערליכע געלעגענהייטען ברענגען קרבנות פון די קלענערע פיה. די אי־דען האָבען ניט געהאט, אזוי ווי זייערע שכני׳שע שבטים, קיין ממשות׳דיגע פארשטעלונג פון גאָט. זעלטען נאָר בעגעגענט מען ביי זיי הויזליכע געצענבילדער, וועלכע זיי האָבען איבער־גענומען ביי די קרובי׳שע שבטים. אזוי, צום ביישפיעל, האָט יעקב׳ס ווייב, רחל, אוועקפאָהרענדיג פון דער הויז פון איהר פאָטער לבן הארמי, פערנומען ביי איהם עטליכע קליינע געצענ־

בילדער (תרפים) אפנים מיט דער האָפנונג אז זיי וועלען זי היטען אין וועג. די הויכע רעליגיעזע בעגריפען פון די אידען האָבען אין יענער צייט ערשט אָנגעהויבען געבאָרען ווערען. נאָר ביי די בעסערע מענשען האָט שוין אָנגעהויבען צייטיג ווערען דער געדאנק פון איין גאָט; עס איז געוועזען קענטיג אז די רעליגיאָן פון די אידען וועט ניט זיין עהנליך צו די אנ־דערע רעליגיאָנען פון דעם מזרח.

נאָכדעם ווי די אידען פון יעקב׳ס אדער ישראל׳ס שטאַם האָבען א לענגערע צייט געלעבט אין דרום כנען, האָבען זיי אָנגעהויבען זיך אריבערציהען אין די נאָהנטע געגענדען פון מצרים, וואס איז געווען אָבגעטיילט פון כנען מיט א וויסטע־ניש. צוערשט האָט זיך דאָ בעזעצט יוסף׳ס שטאַם (די ער־צעהלונג וועגען יוסף׳ן מיט זיינע ברידער), און שפּעטער — אויך די איבעריגע „בני־ישראל“, דאָס הייסט די אידישע שבטים. פון דער צייט הויבט זיך אָן א נייע פּעריאָדע אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק.

## צווייטער קאַפּיטעל.

# די אידען אין מצרים.

§19. **דאָס לעבען אין מצרים.** א סך יאָהרען זיינען פאַר־איבער פון יענער צייט ווען דער שטאַם פון יעקב, אדער ישראל, האָט איבערגעוואנדערט פון כנען אין דעם שכני׳שען מצרים. דער אידישער שטאַם, וועלכער איז פון אָנפאנג בעשטאַנען פון איין אדער צוויי צעהנדליג געזינדען, האָט זיך מיט דער צייט פער־מעהרט און זיך צעוואקסען אין א צאָלרייכען פאָלק. דאָס דאָזיגע פאָלק האָט זיך א נאָמען געגעבען „בני־ישראל“, ישראל׳ס קינדער, צו אונטערשיידען זיך פון די איבעריגע קרוב׳ישע פעלקער, וועל־כע האָבען גערעכענט זייער אבשטאַמונג פון אברהמ׳ן און יצחק׳ן, אבער ניט פון יעקב׳ן.

די אידען האָבען געוואוינט אין גושן, א געגענד אין מזרח מצרים, וואס ווערט בעוואסערט פון אן אויסגוס פון דעם טייך

ניל. דאָ האָבען זיי געהאט ברייטע ווידען פאר זייערע סטאדעס און זיי האָבען געקענט פריי אומוואנדערען איבער'ן לאנד. דאָך האָבען פיעל פון זיי ביסלעכווייז זיך צוגעוועהנט צו אן איינגעזעס־סענעם לעבען, האָבען אָנגעהויבען וואוינען אין הייזער אנשטאט געצעלטען, און האָבען זיך אלץ שטארקער און שטארקער פער־מעהרט. ביים איינוואנדערען קיין מצרים, דערצעהלט די מסורה, האָבען די פאמיליען פון יעקב'ס צוועלף זיהן פערמאָגט אין גאנצען ארום זיבעציג נפשות. די דאָזיגע פאמיליען האָבען מיט דער צייט זיך צעוואקסען אין שבטים, וועלכע האָבען געצעהלט זייערע מיט־גליעדער אין די טויזענדער. יעדער שבט האָט זיך אָנגערופען מיט'ן נאָמען פון יענעם פון יעקב'ס זיהן, פון וועלכען ער האָט אָבגעשטאַמט. דער עלטסטער איז געווען דער שבט ראובן, וועל־כער האָט זיך אויך אין מצרים פערנומען מיט פיהצוכט. דער צאָלרייכסטער איז געווען דער שבט יוסף, וועלכער איז צופאַ־לען אויף צוויי שטאַמען (נאָך די נעמען פון יוסף'ס צוויי זיהן). נאָכדעם זיינען געגאנגען די שבטים שמעון, לוי, יהודה, יששכר, זבולן, דן, אשר, גד, נפתלי און בנימין. יעדער שבט האָט געהאט זיינע עלטסטע און פיהרער, אבער קיין הויפט עלטסטער איבער אלע שבטים איז ניט געווען. פונדעסטוועגען איז דער באנד צווישען די שבטים ניט איבערגעריסען געווארען. עס האָבען זיי צוזאמענגע־בונדען דיזעלבע רעליגיעזע בעגריפען און די עראינערונג אז זיי שטאַמען פון דיזעלבע אבות — אברהם, יצחק און יעקב, אדער ישראל.

די אידען האָבען זיך ניט געמישט מיט די מצריים, פונדעסט־וועגען האָט דער לעבענספיהר און די זיטען פון די מצריים געהאט אויף זיי א גרויסע ווירקונג. די מצריים זיינען אין די אלטע צייַ־טען געווען דאס געבילדעטסטע פאָלק אין דער וועלט. זיי האָ־בען געהאט גרויס בעפעלקערטע און רייכע שטעדט, פרעכטיגע טעמפלען פאר זייערע געטער, פריסטער, וואס זיינען געווען בע־קאנט מיט א סך וויסענשאפטען, און קריעגער, וואס פלעגען אונ־טערנעהמען ווייטע קריעגצוגען. די עגיפטישע מלכים, אדער פרעה'ס, פלעגען אויפשטעלען, מיט די הענד פון טויזענדער שקלאַ־פען, אונגעהויער גרויסע פאלאצען, פיראמידען און קברים. די

מצריים האָבען שוין דעמאָלט געקענט א סך קונסטען, ווי צום ביי־שפּיעל די קונסט פון בויען, בעוואסערען פעלדער, די קונסט פון שרייבען. די אידען האָבען איבערגענומען פון זיי אייניגע נוצליכע קונסטען און מלאכות; אנדערע האָבען אפילו נאָכגעטהאָן די עגיפּטישע מנהגים און פיהרונגען. אבער קיין פאָלשטענדיגע דער־נעהנטערונג צווישען די דאָזיגע צוויי פעלקער איז ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זיין; פארקעהרט, צווישען זיי האָט געהערשט א שטענדיגע שנאה. די עגיפּטישע רעליגיאָן מיט איהר גראָבער פארגעטערונג פון חיות, האָט ארויסגערופען אן עקעל ביי יענע אידען, וועלכע האָבען אבגעהיט דעם גלויבען אין אן אייגציגען גאָט. די מצריים, ווידער, האָבען מיט פעראכטונג געקוקט אויף דעם אידישען פאָלק, וואס איז זיי געווען פרעמד און האָט זיך אונ־טערשיידט פון זיי מיט זייער אַרט לעבען און רעליגיאָן. וואס שטארקער די אידען האָבען זיך פערמעהרט, אַלץ פיינדליכער האָ־בען די מצריים זיך צו זיי פערטראגען. די פּרעה׳ס און זייערע בע־אמטע האָבען גענומען אונטערדריקען די אידען אלס פרעמדע, און שפּעטער האָבען זיי אנגעהויבען זיי בעהאנדלען ווי א בעזיעגטען פאָלק, ווי הערשער זייערע שקלאַפען.

§20. די קנעכטשאַפט אין מצרים. משה׳ס געבורט. אין א לאנגער צייט ארום נאָך יוספ׳ס טויט איז אין מצרים אויפ־געשטאַנען א נייער קעניג, וועלכער האָט ניט ליעב געהאט די אידען. ער האָט געזאגט צו זיין פאָלק: „דאָס אידישע פאָלק פארמעהרט זיך און קען ווערען שטארקער פון אונז. און ווען עס וועט טרע־פען ביי אונז א מלחמה מיט אן אנדער מלוכה קענען זיי זיך נאָך פעראייניגען מיט אונזערע פיינד.“ און כדי דאָס אידישע פאָלק זאָל ניט ווערען שטארק איז בעשלאָסען געווארען צו מאכען זיי פאר קנעכט. די פּרעה׳ס האָבען גענומען צווינגען די אידען צו שווערע ארבייט פאר די נוצען פון דער מלוכה. מען האָט זיי גע־נויט צו גראבען ערד, בויען שטעדט, פּאלאצען און דענקמעלער פאר די מלכים, קנעטען ליים און מאכען ציגעל פאר די דאָזיגע בנינים. עס זיינען בעשטימט געווארען בעזונדערע אויפזעהער, וועלכע האָבען שטרענג אכטונג געגעבען אז די דאָזיגע געצוואונגענע ארבייט זאָל אויסגעפיהרט ווערען. אויף דעם אופן זיינען אויס־

געבויט געווארען פאר פרעה'ן צוויי שטעדט: פיתם און רעמסס. אבער ווי מען האט די אידען ניט געפייניגט האבען זיי זיך פונ־דעסטוועגען אלץ ווייטער געמעהרט, צום גרויסען פערדרוס פון די מצריים. דעמאלט האט פרעה ארויסגעלאזען א בעפעהל, אז מען זאל אלע נייגעבארענע אידישע אינגלעך דערטרינקען אין טייך, און נאר די מיידלעך זאל מען לאזען לעבען. דער דאזיגער בע־פעהל איז אויסגעפיהרט געווארען מיט אונערבארמליכער שטרענג־קייט. דאס אידישע פאלק איז געוועזען אין סכנה אינגאנצען פער־ניכטעט צו ווערען.

אין יענער טרויעריגער צייט איז ביי איינעם פון שבט לוי, מיט'ן נאמען עמרם, געבארען געווארען א זוהן. דריי מאנאטען צייט האט די מוטער אויסגעבעהאלטען דאס קינד, אז די מצריים זאלען עס ניט קענען געפינען און דערטרינקען, אבער ענדליך האט זי שוין עס ניט געקענט לענגער פערבארגען. דאן האט די מוטער גענומען א קעסטעלע, ארייגעלעגט אהין דאס קינד און האט עס בעהאלטען צווישען דעם גערדיכטען ראהר אויפ'ן ברעג פון טייך ניל. דעם קינד'ס שוועסטער, מרים, האט זיך געשטעלט פון ווייטען צו זעהן וואס מיט איהם וועט געשעהן. צו יענער צייט איז פרעה'ס טאכטער געגאנגען צום טייך זיך באדען, בעגלייט פון איהרע דיענסטען. דערזעהענדיג צווישען די ראהר דאס קעס־טעלע, האט זי געהייסען עס עפענען. אין קעסטעלע איז געלעגען א קליין אינגעלע און געוויינט. פרעה'ס טאכטער האט רחמנות געהאט אויף דעם עופ'עלע און געזאגט: „דאס מוז זיין א אידיש קינד." דא איז צו דעם קעניג'ס טאכטער צוגעגאנגען מרים, וועל־כע איז געשטאנען פון ווייטען, און האט געפרעגט: „זאל איך געהן רופען אן אם פון די אידישע פרויען?" קריגענדיג די ער־לויבניש, איז זי אוועק און האט באלד געבראכט איהר מוטער. פרעה'ס טאכטער האט געזאגט צו דער פרוי: „נעהם דאס קינד און האדעווע עס אויס פאר מיר און איך וועל דיר בעצאלען." די מוטער האט מיט פרייד גענומען דאס קינד און עס אנגעהויבען אויפצוציהען. ווען דאס אינגעל איז אויסגעוואקסען האט מען איהם געבראכט צו פרעה'ס טאכטער און זי האט איהם ערצויגען

ביי זיך ווי איהר אייגענעם זוהן. זי האָט איהם א נאָמען געגע־
בען משה, ד. ה. „ארויסגעצויגענער“ פון וואסער.

§21. משה׳ס יוגענד און זיין אנטלויפען אין מדבר.
הגם משה איז געוואקסען פריי אונטער דעם שוץ פון דער קע־
ניגליכער פאמיליע, האָט ער דאָך ניט פערגעסען די קנעכטשאפט
און ליידען פון זיינע פאָלקס־ברידער. מיט א געפיהל פון ביטער־
קייט און פערדרוס האָט ער צוגעזעהן ווי מען פארקנעכט זיי־
נע ברידער, מען נויט זיי צו טהאָן שווערע ארבייט און מען בע־
ליידיגט זיי אויף טריט און שריט. איינמאָל איז דער יונגער
משה ארויסגעגאנגען אָנצוקוקען די ארבייט פון די אידען, און ער
האָט דערזעהן אז א מצרי שלאָגט איינעם פון די ארבייטער. דאס
האָט משה׳ן זעהר אויפגעבראכט. זעהענדיג אז ארום איז קיינער
ניטאָ, האָט ער גע׳הרג׳עט דעם שלעכטען מצרי, און זיין קערפער
האָט ער פערשארט אין זאמד. אבער אין גיכען האָט זיך פרעה
דערפון דערוואוסט און האָט געוואָלט בעשטראָפען משה׳ן. דאן
איז משה אנטלאָפען פון מצרים אין דעם מדבר, וואס ליגטביים
רויטען ים (ים־סוף) צווישען מצרים און כנען. אין מדבר איז
משה אָנגעקומען צו אן ארט, וואו עס האָט אומגעוואנדערט דער
פאסטוכער שבט מדינים, וועלכער איז געווען פערוואנדט צו די אי־
דען. דאָ האָט ער זיך אָבגעשטעלט נעבען א ברונען, און האָט
דערזעהן ווי עס זיינען אָנגעקומען זיבען פאסטוכער־מיידלעך
און האָבען גענומען אָנשעפען וואסער צו געבען טרינקען
זייערע שאָף. דאָס זיינען געווען די זיבען טעכטער פון דעם
מדינ׳ישען פריסטער יתרו. די מיידלעך האָבען נאָך קיין צייט
ניט געהאט אָבצוטהאָן זייער ארבייט, ווי עס זיינען אָנגעלאָפען
פאסטוכער און זיי אוועקגעטריבען פון ברונען. משה איז גלייך
געקומען די בעליידיגטע מיידלעך צו הילף און האָט אָנגעטרונקען
זייערע שאָף. די מיידלעך זיינען געקומען אהיים און האָבען דער־
צעהלט זייער פאָטער, אז עפעס א וואנדערער פון מצרים האָט זיי
היינט בעשיצט פון די גראָבע פאסטוכער. דער מדינ׳ישער כהן
האָט פארבעטען משה׳ן אין זיין הויז און האָט זיך צו איהם שנעל
צוגעבונדען. משה׳ן איז געפעלען געוואָרען צו לעבען מיט דיזע
פשוט׳ע מענשען, ער האָט גענומען פאר א ווייב יתרו׳ס טאָכטער

צפורה, און איז געווארען איינער פון דיזער פריעדליכער פאסטור־
בער־פאמיליע.

אבער אויך דאָ האָט ער ניט אויפגעהערט צו טראכטען וועג־
גען דער קנעכטשאפט פון זיינע ברידער און ווי אזוי זיי צו בע־
פרייען. איינמאָל האָט משה געפיטערט די סטאַדע פון זיין שווער,
און איז פארגאנגען ווייט אין מדבר, צום בארג חורב (סיני). דא,
דערצעהלט דער חומש, האָט זיך איהם בעוויזען א וואונדערליכע
זעהונג. ער האָט דערזעהן א געדיכטען דאָרנבוים איינגעוויקעלט
אין פלאמען, וואס האָט געברענט און איז דאָך ניט
פערברענט געווארען. און פלוצלינג האָט ער דערהערט א שטימע
פון דעם פייער: „טרעט ניט צו אהער; נעהם ארונטער די שיך
פון דיינע פיס, ווייל דער ארט אויף וועלכען דו שטעהסט איז היי־
ליג. איך בין דער גאָט פון דיין פאָטער, דער גאָט פון אברהם,
יצחק און יעקב. איך האָב דערזעהן דעם פיין פון מיין פאָלק אין
מצרים און האָב דערהערט זיין געשריי. איך וויל איהם בעפרייען
פון דעם יאך פון מצרים און ברענגען איהם אין א לאנד, א רייכען
און א ברייטען, אין א לאנד וואָס רינט מילך און האָניג, אין כנען.
און איצט געה, און איך וועל דיך שיקען צו פרעה'ן און פיהר ארויס
מיין פאָלק פון מצרים." מיט ציטערניש און פאָרכט האָט משה
אויסגעהערט די דאָזיגע ווערטער און דאן האָט ער ציטערנדיג גע־
זאגט: „ווער בין איך דען אז איך זאָל געהן צו פרעה'ן און בע־
פרייען די אידען? און ווען איך וועל קומען צו די אידען און וועל
זיי זאגען, אז דער גאָט פון אונזערע עלטערען האָט מיך געשיקט,
און זיי וועלען מיך פרעגען: „ווי הייסט ער?", וואס וועל איך זיי
זאגען?" און גאָט האָט געזאָגט: „איך בין דער וואס איז געווען
און וועט זיין. זאג די אידען: יהוה (אייביגער; וועזענטליכער),
דער גאָט פון אייערע עלטער־ען האָט מיך געשיקט צו אייך. געה
און קלייב צוזאמען די עלטסטע פון די אידען, און זאג זיי אז איך
וועל בעפרייען מיין פאָלק פון דער קנעכטשאפט פון מצרים; און צו
פרעה'ן, דעם קעניג פון מצרים, זאָלסטו זאגען, אז דער אידישער
גאָט פאָדערט, ער זאָל לאָזען די אידען געהן אין מדבר צו דיענען
צו זייער גאָט." משה האָט וויעדער ציטערנדיג בעמערקט אז ער
איז א שטאמלער, און אז איהם וועט זיין שווער זיך אויסצודריקען

פאר פרעה'ן. אבער גאָט האָט צוגעזאָגט משה'ן אז ער וועט איהם ביישטעהן און האָט איהם געהייסען זיך נעהמען צו הילף זיין על־טערען ברודער אהרנ'ען. צורודערט פון אלץ וואס ער האָט געהערט, האָט משה זיך אומגעקעהרט אין הויז פון זיין שוועהר, האָט גע־נומען זיין ווייב און קינדער און איז אוועק מיט זיי פון מדין צוריק קיין מצרים.

§22. משה'ס קאַמפף פאר בעפרייאונג. משה האָט זיך בעגעגענט מיט זיין ברודער אהרן אין וועג און זיי האָבען ביידע גענומען ארבייטען פאר דער בעפרייאונג פון זייער פאָלק. קומענ־דיג קיין מצרים האָבען זיי אָנגעזאָגט די אידען די בשורה, אז זיי וועלען אין גיכען בעפרייט ווערען פון קנעכטשאפט. די שקלאַ־פען, אויסגעמאַטערטע פון שווערער ארבייט, האָבען זיך שטארק דערפרעהט. נאָכדעם איז משה מיט אהרנ'ען ערשינען פאר פרעה'ן און זיי האָבען איהם ערקלערט דעם פערלאנג פון אידישען גאָט, אז ער זאָל אָבלאָזען די אידען אין מדבר צו דיענען צו איהם. נאָר פרעה האָט מיט צאָרן געענטפערט: „ווער איז דאס אייער גאָט אז איך זאָל איהם פאָלגען? איך קען ניט אייער גאָט, און די אי־דען וועל איך ניט אָבלאָזען. ווארום קומט איהר, משה און אהרן, און שטערט דאָס פאָלק פון דער ארבייט?" נאָכדעם האָט פרעה בעפעהלען די עגיפטישע אויפזעהער זיי זאָלען פארגעבען די אידען נאָך שווערערע ארבייטען. פריהער פלעגט מען די שקלאפען געבען גרייטען שטרוי צו מישען מיט די ליים אויף מאכען ציגעל. אבער איצטער האָט מען זיי געצוואונגען צו קלייבען שטרוי אויף די פעל־דער און געפאָדערט האָט מען, אז זיי זאָלען יעדען טאָג ארויסגע־בען דיזעלבע צאָל ציגעל וואָס פריהער. אויף צו אכטונג געבען אויף דער ארבייט האָבען די עגיפטישע אויפזעהער גענומען ארויס־העלפער פון צווישען די אידען אליין. און ווען די ארבייטער פלע־גען ניט בעוויזען צו מאכען דעם געפאָדערטען סכום ציגעל, פלעגען די מצריים שלאָגען די אידישע אויפזעהער. דאן האָבען די אידישע אויפזעהער גענומען בעשולדיגען משה'ן מיט אהרנ'ען אז מיט זייער אריינמישען זיך האָבען זיי אויפגעוועקט פרעה'ס צאָרן און נאָך פערערגערט די לאגע פון די אידען.

דעמאָלט, דערצעהלט דער חומש, האָט משה, אויף גאָט'ס בע־

פעהל, בעשלאָסען איינצושרעקען דעם גרויזאמען קעניג פון מצרים. עס איז נויטיג געווען צו ווייזען דעם געצענדיענערישען פרעה, אז דער אידישער גאָט איז אלמעכטיג, אז ער קען בעפרייען זיין פאָלק אויף א וואונדערליכען אופן און שטרענג בעשטראפען די אונטער־דריקער. און משה האָט געלאָזט וויסען פרעה׳ן אז אויב ער וועט נישט אָבלאָזען די אידען מיט גוטען וועט גאָט אָנשיקען אויף מצרים פערשיידענע פלאגען. דער קעניג איז געבליבען פער׳עקשנ׳ט און די ווארנונגען פון גאָט׳ס שליח זיינען מקוים געווארען. צוערשט איז דאס גאנצע וואסער פון דעם טייך ניל געווארען רויט ווי בלוט און די מצריים האָבען עס ניט געקענט טרינקען; די פיש פון טייך איז אויסגעשטאָרבען און די לופט איז דערפון שטאַרק פערפעסטעט געווארען (דם). אין א קורצער צייט ארום איז דאס גאנצע לאנד, ערד און וואסער, פארפלייצט געווארען מיט פרעש (צפרדע). זיי האָבען זיך פארפיהרט אויך אין די הייזער און האָ־בען נישט געלאָזט די מענשען לעבען. פרעה האָט זיך דערשראָקען און האָט געשיקט רופען משה׳ן מיט אהרנ׳ען און זיי געזאגט: „בעט צו גאט ער זאל אָבטהאָן די פרעש פון מיר און מיין פאָלק, און דאן וועל איך אָבלאָזען די אידען.“ אבער ווי נאָר זיין בקשה איז ערפילט געווארען און די פרעש זיינען פערשוואונדען האָט פרעה חרטה געהאט און וויעדער ניט געוואלט פריילאָזען די אידען. דאן האָט גאָט אָנגעשיקט אויף מצרים א נייע שטראָף: דאָס גאַנ־צע לאנד איז בעדעקט געווארען מיט קליינע פליגעלעך (כנים).

וועלכע האָבען געביסען די מענשען און די פיה. די חרטומים האָבען געזאָגט צו פרעה׳ן: „דאס איז א פינגער פון גאָט“. נאָר דער קעניג איז אלץ געבליבען איינגע׳עקשנ׳ט. באלד נאָכדעם האָט זיך אין לאנד בעוויזען א שרעקליכער היישעריק (ארבה), וואס האָט פערניכטעט אלע תבואות אויף די פעלדער; עס האָט אויסגעבראכען א מגפה (דבר) און האָט אוועקגעלעגט א סך פיה; עס איז אראָב־געקומען א האָגעל (ברד) און האָט צובראכען די ביימער און גע־הרג׳עט א סך מענשען און בהמות; אויף די מצריים איז אָנגעפאלען א קרעץ (שחין) פון וועלכער די הויט האָט זיך בעדעקט מיט וואונ־דען און געשווירען; און צולעצט איז אין לאנד מצרים אָנגעשטאַנען אזא געדיכטע פינסטערניש (חשך) אז דריי טעג האָבען די מענשען

ניט געקענט זעהן איינער דעם אנדערען און זיינען ניט אויפגעשטאַ־
נען פון זייערע פלעצער.

דער חומש דערצעהלט, אז די אלע אומגליקען האָבען על פי
נס געטראָפען נאר די מצריים און ניט די אידען. נאָך יעדער מכה
פלעגט דער אָנגעשראָקענער פרעה רופען משה׳ן און איהם בעטען
ער זאָל מתפלל זיין צו גאָט ער זאָל אבטהאָן די צרה, צוזאגענ־
דיג דערפאר אָבצולאָזען די אידישע שקלאפען; אבער יעדען מאָל
האָט ער חרטה געהאט. נאָך דער נײַנטער מכה — די דריי טעג
פינסטערניש — האָט שוין פרעה מסכים געווען אָבצולאָזען די אי־
דען אין מדבר, אבער מיט דעם תנאי אז זייערע הערדען זאלען בלײַ־
בען אין מצרים. אבער משה האָט מיט שטאָלץ געזאָגט: „באלד
ווערסטו אונז אלעמען אָבלאָזען און ווערסט נאָך אפילו אליין אונז
געבען פיה אויף צו ברענגען קרבנות צו אונזער גאָט.“ און ווירק־
ליך, ווען גאָט האָט אָנגעשיקט אויף מצרים די צעהנטע און לעצטע
מכה, מכת בכורות, פון וועלכער עס זיינען אויסגעשטאָרבען אלע
בכורים פון די מצריים, צווישען זיי אויך פרעה׳ס עלטסטער זוהן,
— דעמאָלט איז דעם קעניג׳ס גרויזאמע הארץ ווייך געוואָרען. אין
מיטען נאכט האָט ער גערופען משה׳ן מיט אהרנ׳ען און האָט זיך
ביי זיי געבעטען זיי זאָלען וואס שנעלער אַוועקפיהרען די אידען
פון מצרים. די מצריים האָבען אונטערגעאיילט די אידען, זא־
גענדיג: „געהט אייך אוועק, אז ניט ווערען מיר אלע אויסשטאַר־
בען.“ אויף אזא אופן האָבען די אידען נאָך א לאנגער קנעכטשאַפט
מיט אמאָל נעקראָגען פרייהייט.

§23. **יציאת מצרים.** די אידען האָבען זיך שנעל צוגע־
גרייט אין וועג אריין. אין איין פריהלינגס־מאָרגען, דעם פופ־
צעהנטען טאג אין חדש ניסן, זיינען פון מצרים ארויסגעגאנגען אלע
אידען, זעקס הונדערט טויזענד אין צאָל. צו זיי זיינען אויך צו־
געשטאנען א סך מענשען פון אנדערע פעלקער („ערב רב“). משה
איז געגאנגען בראש פון די בעפרייטע. די אידען זיינען אזוי איי־
לענדיג ארויס פון מצרים, אז זיי האָבען אפילו קיין צייט ניט גע־
האט אָבצובאקען זיך ברויט אויפ׳ן וועג. זיי האָבען מיטגענומען
זייער טייג, וואס איז נאָך ניט געווען זויער, און האָבען אויף גיך
אבגעבאקט מצות. אלס זכר דערפון איז ביי די אידען געוואָרען

א מנהג יעדען יאהר אין פערלויף פון זיבען טעג, פסח, צו עסען מצות אַנשטאַט דעם געוועהנליכען געזייערטען ברויט. אז די אי־דען זיינען ארויס פון מצרים האָבען זיי זיך געלאָזט געהן צום מדבר, וואס ליגט אויפ'ן וועג קיין כנען. עטליכע טעג און נעכט זיינען זיי געגאַנגען אין דער וויסטעניש. די תורה דערצעהלט, אז ביי טאָג פלעגט פאראויס פון די וואנדערער געהן א וואָלקען־זייל, צו וויי־זען זיי דעם וועג, און ביינאכט פלעגט זיי בעלייכטען דעם וועג א פייערדיגער זייל. ווען זיי וואָלטען געוועזן געהן מיט דיזען גראדען וועג וואָלטען זיי גאר גיך דערגרייכט די גרעניצען פון זייער איי־גען לאנד; אבער משה האָט זיך ניט ענטשלאָסען צו געהן מיט'ן גלייכען וועג, מורא האָבענדיג אז די איינוואוינער פון דרום כנען זאָלען ניט ארויסגעהן פלוצלינג מיט געוועהר געגען די אידען, וועל־כע זיינען נאָך ניט געוועזן צוגעגרייט פאר מלחמה. דעריבער האָט דער פיהרער פון די אידען זיך פארנומען צוריק און האָט זיך אב־געשטעלט מיט'ן פאָלק ביים צונג פון רויטען ים (ים סוף). אויפ'ן גרעניץ פון מצרים, וואו עס איז געשטאַנען א טעמפעל פון דעם עגיפטישען גאָט בעל צפון, דער גאָט פון מדבר.

דערווייל האָבען די מצריים חרטה געהאט וואס זיי האָבען ארויסגעלאָזט זייערע קנעכט, די אידען. פרעה האָט זיך דערוואוסט, אז די אידען האָבען זיך פארקעהרט צום ים האָט ער גערעכענט, אז האָס בלאָנדזען זיי, און אז דער גאָט צפון האָט זיי פארשטעלט דעם וועג צום מדבר. האָט דער עגיפטישער קעניג גענומען א גרוי־סען חיל מיט פערד און אייזערנע רייטוועגען און האָט זיך אוועק־געיאגט נאָך די אידען צו צווינגען זיי זיך אומצוקעהרען קיין מצרים. די מצריים האָבען אָנגעיאגט די אידען ביים ים־סוף. ווען די אידען האָבען דערזעהן דעם שונא'ס חיל האָבען זיי זיך שטאַרק דערשרא־קען און א סך פון זיי האָבען אָנגעהויבען קריעגען אויף משה'ן און געזאגט: „צו־וואס האָסטו אונז ארויסגעפיהרט פון מצרים? צי זיינען אין מצרים קיין קברים ניטאָ וואס דו האָסט אונז געבראכט אהער צו אומקומען אין דער וויסטעניש?“ אבער משה האָט די שוועכלינגע ערמוטיגט. „האָט נישט קיין מורא“ — האָט ער גע־זאגט — „איהר וועט נאָך היינט זעהן דעם נס, וואס גאָט וועט מיט אייך טהאָן. היינט זעהט איהר נאָך די מצריים, אבער איהר וועט

זיי שוין קיינמאָל מעהר ניט זעהן". און ווירקליך, אין דער נאַטור איז געשעהן עטוואס אונגעוועהנליכעס, דערצעהלט דער תנ"ך. א שטאַרקער מזרח־ווינד האָט אָבגעטריבען אן א זייט די וואסער אין דעם שמאָלען וואסער־צונג פון רויטען ים, אזוי אז אין איין ארט האָט זיך כמעט געוויזען דער גרונד פון ים. די אידען זיינען שנעל אריבער אויף דעם דאָזיגען ארט אזוי ווי אויף דער טריקעניש. אבער ווען די מצריים האָבען זיך א וואַרף געטהאָן נאָך זיי האָט זיך דאָס וואסער צוריק א גאָס געטהאָן אין זיין פריהערדיגען פלאַץ און אין איין אויגענבליק איז דאס גאנצע עגיפּטישע חיל מיט זיינע רייטוועגען און פערד דערטרונקען געווארען.

גרוים איז געוועזען די פרייד פון די אידען ווען זיי זיינען איג־גאנצען פּטור געוואָרען פון זייערע שונאים. אויפ'ן ברעג פון רוי־טען ים האָט דאָס באפרייטע פאָלק געזונגען שירה, לויבענדיג גאָט און זיין שליח משה'ן. משה'ס שוועסטער, מרים, האָט גענומען א פּויק אין די הענד און האָט אויך געזונגען א זיעג־ליעד און נאָך איהר זיינען ארוים פרויען מיט פּויקען אין די הענד און האָבען גע־זונגען און געטאַנצט. די שירה האָט זיך אָנגעהויבען מיט די ווער־טער: „זינגט צו גאָט ווייל ער האָט זיך דערהויבט, דעם פערד מיט זיין רייטער האָט ער געוואָרפען אין ים!" דאס פאָלק האָט זיך גע־פרעהט ביי דעם געדאנק אז ער איז בעפרייט געוואָרען פון פיעל־יעהריגער קנעכטשאפט און געהט אין דעם לאנד פון זיינע עלטערען, קיין כנען.

§24. **היסטארישע אויספיהרונגען.** לויט דעם תנ"ך האָבען די אידען געלעבט אין מצרים 430 יאהר. פון די וויסענ־שאפטליכע פארשונגען אין דער געשיכטע פון דעם מזרח איז נאָך ניט מעגליך פעסטצושטעלען גענוי ווען די אידען האָבען זיך בעזעצט אין מצרים און ווען זיי זיינען פון דאָרט ארוים. פונדעסטוועגען איז מעגליך דורך די דאָזיגע פאָרשונגען צו בע־שטימען פיעל־וועניג די פערבינדונג צווישען דער אידישער גע־שיכטע און דער געשיכטע פון מצרים אין יענער ווייטער עפּאָכע.

אויפ'ן עגיפּטישען טראָהן פלעגען זיך די קעניגליכע דינאס־טיעס אָפּט בייטען. די קעניגליכע ממשלה פלעגט פערהאַפּען דאָס איינער, דאס א צווייטער פון די עגיפּטישע קריעגספיהרער

אדער פרעמדע בעזיעגער, און האלטען זי א געוויסע צייט אין זיין אייגענער דינאסטיע. אין דער צייט ווען עס האט געהערשט די 17טע דינאסטיע, אין ערך 2000 יאהר פאר דער קריסטליכער צייטרעכנונג, איז א בעדייטענדער טייל פון מצרים געווען בעזיעגט פון וואנדערנדע סעמיטען פון מדבר, וועלכע די עגיפטישע אויפשריפטען רופען „שאסו“ (וואנדערער, בעדואי־נען) און די שפעטעריגע גריכישע שרייבער רופען אן „היקסען“. די היקסען האבען אין פערלויף פון דריי אדער פיער הונדערט יאהר געוועלטיגט אין מצרים און האבען דארט בעפעסטיגט זייער „פאסטוכער־דינאסטיע“. פאר איינעם פון די פרעה׳ס פון אט יענער סעמיטישער דינאסטיע, זעהט אויס, האבען די אידען איינגעוואנדערט קיין מצרים. דעמאלט האט עס געלעבט יע־נער פרעה, וועלכער האט, לויט דער ביבלישער ערצעהלונג, גע־מאכט דעם אידען יוסף פאר זיין שני־למלך און האט ערלויבט זיינע קרובים איבערוואנדערען פון כנען און זיך בעזעצען אין דער עגיפטישער פראווינץ גושן. אין גושן האבען די אידען געלעבט אלס פריעדליכע פאסטוכער, און טיילווייז ערדארביי־טער, ביז עס האט זיך געענדיגט די הערשאפט פון די היקסען אין מצרים. ארום 1600 יאהר פאר דער איצטיגער צייטרעכ־נונג איז די פרעמדע פאסטוכער־דינאסטיע ארונטערגעווארפען געווארען אין מצרים האט זיך צוריק בעפעסטיגט די מעכטיגע נאציאנאלע דינאסטיע פון די פרעה׳ס, די טעבאנישע אדער די 18טע. די שנאה פון די תושבים צו זייערע געוועזענע אונטער־דריקער, די היקסען, האט זיך איצט פארשפרייט אויף אלע סע־מיטען־פאסטוכער, און איבערהויפט אויף די אידען, וועלכע הא־בען געוואוינט אין גושן. און מען האט זיי געמאכט פאר קנעכט. די מלכים פון דער נייער דינאסטיע, פאר וועלכע מיליאנען שקלאפען האבען געבויט שטעדט, פראכטפולע טעמפלען, דענק־מעלער און פיראמידען, האבען איינגעשפאנט אויך די אידען אין דער דאזיגער צוואנג־ארבייט. איינער פון די דאזיגע מלכים איז עס געווען דער „מלך חדש“, דער נייער קעניג, פון וועלכען עס זאגט זיך אין חומש, אז ער האט פיינט געהאט די אידען און האט זיי געהייסען פערשקלאפען.

פון די צוויי שטעדט וואס די אידען האָבען אויפגעבויט אין מצרים, פיתם און רעמסס, איז דער אנדערער נאָמען נאָך צוויי פרעה׳ס פון דער 19טער דינאַסטיע, רעמסס דעם ערשטען, און רעמסס דעם צווייטען. פאַר רעמסס דעם צווייטען (אין יאהר 1300), וועלכער איז בעריהמט פאַר זיינע גרויסע עראָ־בערונגען און ריעזיגע געביידען האָבען די אידען איבערגעלעבט די גאנצע ביטערקייט פון דער קנעכטשאַפט אין מצרים. ערשט אין דער צייט פון זיין נאָכפאָלגער מענעפטא דעם ערשטען, ווען די מאכט פון מצרים האָט אָנגעהויבען צו זינקען צוליעב די מרידות פון די קנעכט אין לאנד אינוועניג און די אָנפאַלען פון וואַנדערענדע שבטים פון דרויסען, האָבען די פערשקלאַפטע אידען געקענט זיך בעפרייען פון זייערע אונטערדריקער. זיי האָבען איינגאנצען פערלאזען מצרים און זיינען אוועק אין די שכנ׳ישע מדבריות, וואו עס האָבען אומגעוואַנדערט זייערע קרוב׳ישע סעמיטישע שבטים. אויף אזא אופן איז יציאת מצרים פאָרגעקומען, לויט די חשבונות פון די עגיפּטאָלאָגען, ארום 1250 יאָהר פאַר דער קריסטליכער צייטרעכנונג, דאָס הייסט, ארום 3150 יאָהר פאַר אונזער צייט.

דער העלד פון דער בעפרייאונג פון דעם אידישען פאָלק איז געווען דער גרעסטער פון זיינע זיהן — משה. ער קומט ארויס פון דעם פּריסטער־שבט, לוי, וועלכער, זעהט אויס, איז געשטאַנען נעהנטער צו די מצריים איידער די איבעריגע שבטים. די שקלאַפעריי פון די אידען וועקט אויף אין משה׳ן א געפיהל פון רעליגיעזען און נאַציאנאַלען פּראָטעסט. ער פערלאזט דאס לאנד פון קנעכטשאַפט און וואוינט לאנג אין דעם דערבייאיגען מדבר, נעבען בארג סיני אדער חורב. דאָ האָבען געלעבט די קינים, וועלכע זיינען געווען א צווייג פון די מדינים און זיינען דעריבער געווען פערוואַנדט מיט די אידען. משה נעהמט זיך פאַר א ווייב די טאָכטער פון א כהן פון דעם דאָזיגען שבט. עס איז פאראן א השערה, אז די קעניטען זיינען מיט זייער גלויבען געשטאַנען נאָהנט צו דעם אידישען גלויבען אין אן איינציגען גאָט, און זיי האָבען געהאלטען דעם אידישען גאָט פאַר דעם גאָט פון זייער שבט און האָבען געדיענט צו איהם אויפ׳ן הייליגען

בארג סיני. אויף אזא אופן האט זיך משה אין דער וויסטעניש נעבען מצרים געקראגען פריינד צווישען די קעניטען. ערמונטערט דערפון, קעהרט ער זיך אום קיין מצרים, הויבט אויף דעם גייסט פון זיין פערשקלאפטען פאלק, און אזוי ווי די עגיפטישע מלוכה איז געווען אבגעשוואכט, נוצט משה אויס די געלעגענהייט און פיהרט ארויס זיינע פאלקסברידער פון מצרים אין דער וויסטעניש. די בעפרייטע קנעכט לאזען זיך אוועק צו די וואנדער־ערטער פון דעם פריינדליכען שבט, די קינים, דארט וואו עס איז געשטאנען דער הייליגער בארג סיני.

## דריטער קאפיטעל.

# די אידען אין מדבר.

§25. פון ים־סוף ביז׳ן בארג סיני. פון ים־סוף האט משה אוועקגעפיהרט די אידען אין מדבר שור. דא אין דעם זאמדיגען מדבר האבען די וואנדערער שטארק געליטען פון א דוחק אין וואסער. אין איין ארט האבען זיי געפונען וואסער, אבער מען האט עס ניט געקענט טרינקען, ווייל עס איז געווען ביטער. דאס פאלק האט אנגעהויבען קריעגען אויף משה׳ן. דאן האט משה אריינגעווארפען אין דעם וואסער א געוויסען האלץ, און דאס וואסער איז געווארען זים. נאכדעם האבען זיי אנגעטראפען אין מדבר אן אאזיס, (אן ארט אין א וויסטעניש וואס איז בעדעקט מיט פלאנצען), מיט׳ן נאמען אלים, וואו עס האבען געשלאגען קוואלען און עס זיינען געוואקסען פאלמען.

פון דאנען זיינען זיי אוועק אין מדבר סין, און דא האט זיי אויסגעפעהלט שפייז. דאס פאלק האט ווידער אנגעפאנגען צו קלאגען אויף משה׳ן און אהרנ׳ען, און געזאגט: „אין מצרים זיינען מיר געזעסען איבער׳ן קעסעל פלייש און געגעסען ברויט צו דער זעט, און איצט האט איהר אונז ארויסגעפיהרט אין דער וויסטעניש, צו טויטען אונז אלעמען דורך הונגער“. אויף מארגען אין דערפריה, ווען די אידען זיינען אויפגעשטאנען, האבען זיי דער־

זעהן אויף דער ערד ארום זייער לאגער עפּעס ווייסעס, אזוי ווי קלעפּינע גרייפּעלעך. *)

„אָט האָט אייך גאָט געשיקט ברויט“ — האָט משה געזאגט — „איהר וועט עס קלייבען יערען פריהמארגען צו איין מאָס אויף א מענשען. און דעם זעקסטען טאָג פון וואָך זאלט איהר אָנקלייבען צוויי מאָל אזוי פיעל, כדי אָנצוגרייטען אויף שבת“. די אידען האָבען גענומען קלייבען די ווייסע גרייפּעלעך, און האָבען עס א נאָמען געגעבען מן. פון דעם מן האָבען זיי זיך געבאקט זיסע קוכען און געקאָכט זופּ. דער מן פלעגט פאלען יערען פריהמאָרגען, און בייטאג פלעגט ער צוגעהן פון די שטראהלען פון דער זון און פערשווינדען. ער האָט געשפּייזט די אידען די גאנצע צייט פון זייער וואנדערונג אין דער וויסטעניש.

אין קורצען נאָכדעם זיינען די אידען אנגעקומען אין א באַר־גינען געגענד, רפידים. דאָ איז אויף זיי אָנגעפאלען דער ווילדער שבט עמלקים, וואס האָט זיך אומגעטריבען אין דעם מדבר. משה האָט ארויסגעשיקט אנטקעגען די עמלקים א מחנה קריעגער אונטער דער פיהרערשאפט פון זיין תלמיד און העלפער יהושע בן־נון. דער יונגער העלד האָט אבגעשלאָגען דעם אנפאל פון די מדבר־רויבער, און די בערוהיגטע אידען האָבען זיך געריהרט ווייטער אין וועג אריין.

אין א קורצער צייט ארום זיינען זיי אָנגעקומען אין מדבר סיני (דער האלב־אינזעל סיני). זיי האָבען זיך אויסגעלעגט מיט זייער לאגער נעבען דעם הייליגען בארג חורב, וועלכער וועט אויף אָנגערופען מיט׳ן נאָמען פון דעם מדבר סיני, דארט וואו אמאָל האָט זיך גאָט בעוויזען צו משה׳ן אין א ברענענדיגען דארנבוים. ארום דעם בארג האָבען געלעבט די מדינים, צווישען וועלכע דער אידי־שער פיהרער האָט פערבראכט זיין יוגענד. ווען יתרו האָט זיך דערוואוסט, אז זיין איידים משה איז אָנגעקומען, איז ער געגאנגען צו איהם. יתרו האָט זיך דערפרעהט ווען מען האָט איהם דער־צעהלט ווי אזוי די אידען האָבען זיך בעפרייט פון דעם יאָך פון

---

*) אין איניגע ערטער אין אראבישען מדבר טריפט אָפטמאָל פון די קוסטעס אַ מין געדיכטע זאַפט, וואָס איז זיס ווי האָניג. די אַראַבער קלייבען עס אויף און עסען עס.

מצרים. לעבענדיג אין דעם אידישען לאגער, האָט יתרו בעמערקט, אז משה איז פון בעגינען ביז שפּעט ביינאכט פארנומען מיט פער־וואלטען דאס פאָלק און ריכטען זיינע משפּטים. און ער האָט איהם געזאגט: „דו טהוסט נישט גוט וואס דו פערוואלטסט דאס פאָלק אליין; דו וועסט דאך אזוי פערמאטערען זיך און דאס פאָלק. מיין עצה איז, אז דו זאלסט אויסקלייבען פון צווישען פאָלק עהר־ליכע און קלוגע לייט, און זאלסט זיי בעשטימען פאר עלטסטע, וועמען איבער טויזענד מענשען, וועמען איבער הונדערט, און וועמען איבער צעהן. זיי וועלען פערוואלטען דאס פאלק, און פּסק'נען אלע זיינע משפּטים, און צו דיר וועלען זיי זיך ווענדען נאָר אין בעזונדערס וויכטיגע ענינים". משה'ן איז דער פּלאַן געפעלען גע־וואָרען און ער האָט געטהאָן ווי זיין שוועהר האָט איהם געראטען.

§26. מתן תורה. צוויי חדשים זיינען אריבער זינט די אידען זיינען ארויס פון מצרים. די אידען זיינען געווען פריי און זיינען געגאנגען קיין כנען, דארט צו אָנהויבען לעבען אלס א זעלבסטשטענדיג פאלק. אָבער איידער זיי זיינען אריינגעטראטען אין דעם אייגענעם לאנד, האָבען די בעזונדערע אידישע שבטים גע־דארפט פעראייניגט ווערען דורך איינהייטליכע געזעצען און כללים פון לעבען. ביז איצט האָבען די אידען אויפגעהאלטען זייער אל־טען גלויבען אין אן איינציגען גאָט און אבגעהיט אייניגע מנהגים, וואס זיי האָבען גע'ירש'עט פון זייערע אבות. אבער קיין קלארען בעגריף וועגען גאָט און וועגען דעם אמת'ן גלויבען האָבען זיי ניט געהאט; זיי האָבען אויך ניט געהאט קיין פעסטגעשטעלטע גע־זעצען פון געזעלשאפטליכען און מאָראלישען לעבען. זייענדיג לאנג אין מצרים, האָבען אייניגע דארט איבערגענומען היידנישע מנהגים. עס איז דעריבער נויטיג געווען צו ווייזען די אידען אין וואס עס בעשטעהט זייער אמת'ע אמונה און נאָך וועלכע געזעצען זיי דארפען זיך פיהרען. די דאָזיגע גרויסע געשעהעניש איז פאָר־געקומען ביים בארג סיני.

נאָכדעם ווי די אידען האָבען אויפגעשלאָגען זייערע געצעלטען נעבען דעם דאָזיגען בארג, האָט זיי משה צוזאמענגערופען און זיי געזאגט אין נאָמען פון גאָט: „איהר האָט געזעהן וואס גאָט האָט געטהאָן צו די מצריים. ער האָט אייך געטראגען אויף אדלער־

פליגעל און איך געבראכט צו איהם. אויב איהר וועט פאָלגען גאָט און וועט אָבהיטען זיינע געבאט וועט איהר זיין פאר איהם דאָס טייערסטע פון אלע פעלקער אויף דער ערד. איהר וועט זיין א קעניגרייך פון כהנים און א היילינעס פאלק". אויסהערענדיג די דאָזיגע ווערטער, האָט דאס פאָלק אויסגעשריען: „אלץ וואס גאָט האָט געזאגט וועלען מיר פאָלגען!" נאָכדעם האָט משה אנגעזאגט די אידען זיי זאָלען זיך וואשען און רייניגען אין פערלויף פון צוויי טעג, כדי צו מאכען זיך גרייט פאר דער גרויסער געשעהעניש. אויפ'ן דריטען טאָג אין דערפריה האָט משה ארויסגעפיהרט די אידען פון לאגער און האָט זיי אויסגעשטעלט אין א לאנגער קייט ביי די פיס פון דעם בארג סיני, און האָט זיי אנגעזאגט, אז העכער אויפ'ן בארג זאָל קיינער ניט ארויף.

פון פריהען מאָרגען איז דער בארג געשטאַנען איינגעהילט אין געדיכטע וואלקענס; דונערען האָבען געקנאלט און בליצען האָבען געבליצט. דער שפּיץ פון באַרג האָט אַלע ווײַלע אויפגעפלאַ־קערט. דער גאנצער סיני איז געשטאַנען אין פלאמען און אין רויך. משה איז ארויף אין דער הויך און צווישען קראכענדע דו־נערען און פייערדיגע בליצען האָט זיך פון דעם שפּיץ פון בארג צולאזט א מעכטיגע שטים. און דאס פאָלק האָט דערהערט פאָל־גענדע ווערטער, אין וועלכע עס זיינען ענטהאלטען די גרויסע גע־באָטען פון דער אידישער רעליגיאָן:

א) איך בין גאָט, דיין גאָט, וואס האָט דיך ארויסגעפיהרט פון לאנד מצרים, פון דעם הויז פון קנעכטשאפט.

ב) זאָלסט ניט האָבען קיין אנדערע געטער חוץ מיר; דו זאָלסט זיך ניט מאכען קיין אבגעטער און קיין געשטאלט, וואס איז אין הימעל אויבען, און אויף דער ערד אונטען, און אין וואסער אונטער דער ערד, און זאלסט זיך צו זיי ניט בוקען, און זאָלסט זיי ניט דיענען.

ג) דו זאלסט ניט ארויסרעדען גאָט'ס נאָמען צו פאלשקייט.

ד) געדענק צו האלטען הייליג דעם טאג שבת: זעקס טעג זאָלסטו ארבייטען און טהאָן דיין מלאכה, און דער זיבעטער טאָג זאָל זיין א רוה־טאָג צו דיין גאָט; זאָלסט ניט טהאָן קיין ארבייט, דו, און דיין זוהן און דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין דיענסט,

און דיין פּיה, און דער פּרעמדער וואס וואוינט אין דיינע טויערען.

ה) זאָלסט אבגעבען כבוד דיין פאטער און מוטער, כדי עס זאָלען לאנג זיין דיינע טעג אויף דער ערד וואס גאָט ניט צו דיר.

ו) זאלסט ניט מאָרדען.

ז) זאלסט ניט זיין אויסגעלאסען.

ח) זאלסט נים גנב׳ענען.

ט) זאלסט ניט פאלש עדות זאגען געגען דיין חבר.

י) זאָלסט ניט גלוסטען דאס הויז פון דיין פריינד; זאלסט ניט גלוסטען די וויב פון דיין פריינד און זיין קנעכט און זיין דיענסט, זיין אָקס און זיין עזעל און אלץ וואס געהערט צו דיין פריינד.

דאָס פּאָלק, וואס איז געשטאַנען צופוסענס דעם בארג סיני האָט מיט ציטערניש אויסגעהערט די דאָזיגע הויכע געבאָטען פון גלויבען, גוטסקייט און עהרליכקייט, און איז זיך צוגאנגען איבער די געצעלטען. אָבער מישה איז נאָך געבליבען אויפ׳ן בארג סיני פערציג טעג און פערציג נעכט. דא, דערצעהלט דער חומש, האָט איהם גאָט איבערגעגעבען נאָך פיעל געזעצען, ועלכע לערנען ווי אזוי יעדער איד דארף לעבען און זיך אויפפיהרען אין זיין פאמי־ליע און אין דער געזעלשאפט. כדי צו פעראייביגען די תורה וואס איז געגעבען געווארען אויפ׳ן בארג סיני האָט משה אויסגעקריצט די וויכטיגסטע צעהן געבאָט אויף צוויי שטיינערנע טאָוולען, אדער לוחות, וועלכע האָבען געדארפט געהיט ווערען צווישען פאלק ווי א הייליגקייט. אלע איבעריגע געזעצען זיינען שפּעטער פערשריבען געווארען אין א בוך, מיט׳ן נאָמען „ספר הברית“, דאָס בוך פון בונד.

§27. דער עגל. נאָר ניט דאס גאנצע אידישע פאלק האָט פערשטאנען די גרויסע אמת׳ען וואס זיינען ארויסגעזאגט געוואָרען אויף דער הויך פון בארג סיני. צווישען די אידען זיינען געווען א סך פינסטערע מענשען וואס האָבען אוועקגעטראָגען פון מצרים פאלשע בעגריפען און א נייגונג צו געצענדיענסט. די דאָזיגע מענ־שען האָבען געוואלט, אז דער אידישער גאָט זאָל, אזוי ווי די הייד־נישע אבגעטער, פארגעשטעלט ווערען אין דער געשטאלט פון א געצענבילד, וועלכען מען קען זעהן מיט די אויגען און אָנטאפּען מיט

די הענד. זעהענדיג אז משה זאמט זיך לאנג אויפ'ן בארג סיני, האָבען זיי גענומען פאדערען פון אהרנ'ען, אז ער זאָל זיי מאכען א בילד פון גאָט אין דער געשטאַלט פון א קאלב, עהנליך צום עגיפּ־טישען געץ, דעם אקס אַפּיס. אהרן איז געצוואונגען געווען צו טהאָן דעם ווילען פון דעם פראסטען המון. די אידען האָבען געבראכט צו אהרנ'ען זייער גאָלדענע צירונג. ער האָט דאָס גאָלד צושמאָל־צען און אויסגעגאסען דערפון א געץ אין דער פאָרמע פון א קאלב. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען טאנצען ארום דעם גאָלדענעם קאלב און האָט געשריען: „אָט איז אונזער גאָט, וואס האָט אונז ארויס־געפיהרט פון מצרים". פאר'ן עגל האָט מען אויסגעבויט א מזבח און מען האָט געבראכט קרבנות פון הויזליכע פיה. און דאָס פאָלק האָט געהוליעט און זיך פרעהליך געמאכט.

דערווייל האָט משה, נאָך פערציג טעג זאמען אויפ'ן הייליגען בארג, זיך אומגעקעהרט אין אידישען לאגער און אין די הענד האָט ער געהאלטען צוויי לוחות מיט די עשרת הדברות אויסגעקריצט אויף זיי. נאָך פון דערווייטענס האָט ער דערהערט דעם טומעל פון א סך שטימען. אריינטרעטענדיג אין לאגער און דערזעהענ־דיג ווי דאס פאָלק טאנצט ארום א גאָלדענעם קאלב, איז ער אריינ־געפאלען אין א שרעקליכען צארן. ער האָט געטראגען פון סיני צום פאָלק די לעהרע פון דעם אמת'ן גאָט און פלוצלינג זעהט ער ווי דאָס דאָזיגע פאָלק טאנצט ארום א געץ! פאר כעס האָט משה א שליידער געטהאָן די שטיינערנע לוחות אויף דער ערד און האָט זיי צושמעטערט אויף שטיקלעך. דאן האָט ער געחאפּט דעם גאָלדע־נעם געץ און איהם אריינגעווארפען אין פייער. דערנאָך האָט משה אויסגערופען: „ווער צו גאָט — צו מיר!" און געקומען זיינען אלע פון משה'ס אייגענעם שבט לוי, וועלכע האָבען זיך ניט פעראומ־ווערדיגט דורך בוקען זיך צום געץ. בעוואפענטע לויים האָבען זיך ארויפגעווארפען אויף דעם המון, וואס האָט זיך געבוקט צום גאָל־דענעם קאלב און א סך פון זיי גע'הרג'עט.

א לאנגע צייט איז משה געווען אין כעס אויף די אידען פאר דער בעגאנגענער זינד, נאָר ענדליך, זעהענדיג אז דאס פאָלק האָט חרטה, איז זיין כעס געשטילט געווארען. משה האָט אויסגעהאקט נייע לוחות, און האָט אויף דאָס ניי אויסגעקריצט אויף זיי די

עשרת הדברות. צופוסענס פון בארג סיני האָט מען אויפגעשטעלט א נייעם מזבח פון צוועלף גרויסע, ניט ארומגעהאקטע שטיינער, נאָך דער צאָל פון די צוועלף אידישע שבטים. ווען משה איז צום צווייטען מאָל ארונטער פון בארג סיני מיט די נייע לוחות איז זיין געזיכט געווען ארומגערינגעלט מיט א שטראַהלענדען שיין. די אידען האָבען דערפיהלט א יראת־הכבוד צו זייער גרויסען פיה־רער און האָבען אָנגעהויבען גלויבען אז גאָט רעדט צו זיי דורך איהם.

§23. דער משכן אין דער אידישער לאַגער. ווען די אידען האָבען געלעבט אין מדבר סיני האָט זיי משה געהייסען אויסבויען א בעוועגליכען געצעלט, וועלכער זאָל דיענען אלס גאָט'ס הויז פאר'ן וואנדערנדען פאלק. מיט פרייד האָבען זיך די אידען גענומען פאר דער ארבייט. יעדערער, ווער וויפיעל ס'האָט געקענט, האָט געבראכט עפּעס פון בוי־מאַטעריאל: האָלץ, מעטאלען, פער־שיידענע געוועבען, און פעל פון חיות. פאר אויפזעהער איבער דער ארבייט האָט משה בעשטימט צוויי מענשען, בצלאל און אהליאב, וועלכע האָבען זיך אין מצרים אויסגעלערנט די קונסט פון בויען. אין ניבען איז דער געצעלט פארטיג געווען. אין מיטען געצעלט איז געשטאַנען אַן ארון, בעפּוצט פון אויבען מיט געפליגעלטע פי־גורען, אדער כרובים; אין דעם דאָזיגען ארון האָט מען געהיט דאס גרעסטע הייליגטום פון פאָלק — די שטיינערנע לוחות מיט די עשרת הדברות. דער געצעלט איז געווען ארומגערינגעלט מיט א הויף, און אין מיט'ן הויף איז געשטאַנען א מזבח פאר קרבנות. דער דאָזיגער גאנצער געביי האָט געהייסען אהל־מועד, אדער משכן. אהרן און זיינע זיהן זיינען בעשטימט געוואָרען פאר די כהנים פוי דעם משכן און א סך לויים האָבען דאָרט געדיענט אלס ארויס־העלפער. פאר די הייליגע דיענער איז בעשטימט געוואָרען א בע־זונדער קליידונג.

דער אהל־מועד איז געשטאַנען אין מיטען פון דעם אידישען לאַגער. דער דאָזיגער לאגער איז געווען אויסגעשטעלט אזוי ווי א קריעגס־לאגער, ווארום די אידען האָבען זיך געגרייט איינצונעהמען כנען. משה האָט געמאכט פאר א חוב אויף אלע געזונטע מאנס־לייט, אָנפאנגענדיג פון דעם עלטער פון צוואנציג יאהר, צו דיענען




דער משכן און דער אידישער לאגער ארום איהם.

אין מיליטער. בלויז די לויים, וועלכע זיינען געוועזן בעשטימט פאר'ן משכן, זיינען געוועזן פריי פון מיליטערדיענסט. אינגאנצען, אויסער די לויים, זיינען געוועזן צוועלף שבטים (ווארום יוספ'ס שטאם האָט זיך געטיילט אויף צוויי שבטים, אפרים און מנשה). זיי זיינען געוועזן אויסגעשטעלט ארום דעם משכן אין קריעגס־גע־צעלטען. אם נאָהנטסטען צום משכן זיינען געשטאנען די געצעל־טען פון דעם שבט לוי, צו וועלכען עס האָבען געהערט משה, אהרן און אלע בעדיענער פון דעם משכן. ארום דעם שבט לוי האָבען געלאגערט די איבעריגע צוועלף שבטים, צו דריי אויף יעדער זייט; יעדע דריי שבטים האָבען געבילדעט א בעזונדער מחנה, און האָ־בען געהאט אן אייגענע פאָהן. יעדער שבט האָט געהאט זיין עלט־סטען. ווען מען האָט זיך געדארפט לאָזען אין וועג אריין פלעגען די כהנים בלאָזען אין שופרות, און אלע מחנות פלעגען זיך אָנ־הויבען ריהרען אין דער זעלבער ארדנונג ווי זיי זיינען געשטאנען; די לויים זיינען געגאנגען אין מיטען, טראגענדיג אויף די הענד דעם אהל מועד און דעם ארון קודש, און ארום זיי — די פיער מחנות מיט זייערע פאהנען. צו די אידען איז צוגעשטאנען א מחנה פון מדינים, אונטער דער פיהרערשאפט פון חובב, א ברודער פון משה'ס ווייב. חובב האָט גוט געקענט אלע וועגען פון דעם מדבר און איז געוועזן ניצליך פאר די אידען אלס א געניטער וועגווייזער.

§29. די מרגלים; קרח'ס אויפשטאנד. אן ערך א יאָהר האָבען די אידען אבגעלעבט אין מדבר סיני. נאָכדעם ווי זיי האָבען געפייערט דעם צווייטען פסח נאָך זייער בעפרייאונג פון מצרים, האָבען זיי זיך אין פריהלינג געלאזט געהן ווייטער צו כנען. נאָך א צייט וואנדערען זיינען זיי אנגעקומען קיין קדש. דאָס איז געוועזן אן אָאזיס, ניט ווייט פון דעם גרעניץ פון דרום כנען. עס איז געקומען די צייט ארייננצוטרעטען אין דעם אייגע־נעם לאנד. די אידען האָבען אויפגעשלאָגען זייער לאגער אין קדש און האָבען אויסגעקליבען פון צווישען זיך צוועלף מענשען, צו איינעם פון איטליכען שבט, און זיי געשיקט פאראויס קיין כנען אויסצוקוקען דאס לאנד, צו זעהן וואס פאר אן ערד דאָרט איז, וואס זיינען איהרע פלאנצען און די מענשען וואס וואוינען דארט. צווי־שען די דאָזיגע אויספארשער, אדער מרגלים, זיינען געוועזן די

קריעגספיהרער יהושע בן־נון פון שבט אפרים און כלב בן יפונה פון שבט יהודה. די מרגלים זיינען דורכגעגאנגען דאס גאנצע לאנד כנען, פון דרום ביז צפון, און האבען עס אויסגעקוקט. נעבען חברון האבען זיי אבגעשניטען עטליכע פירות פון בוימער און עטליכע הענגלען וויינטרויבען, וועלכע זיינען געוועזען זעלטען מיט זייער גרויס, און האבען עס מיטגענומען צו וויזען די אידען.

אין פערציג טעג ארום זיינען די מרגלים געקומען צוריק אין אידישען לאגער אין קדש און האבען דערצעהלט פאלגענדעס: „מיר זיינען דורכגעגאנגען דאס גאנצע לאנד כנען. די ערד דארט איז ווירקליך רייך און פרוכטבאר, און אט זיינען איהרע פירות. נאר דאס פאלק וואס וואוינט דארט איז זעהר שטארק, און זיינע שטעדט זיינען גרויסע און בעפעסטיגטע. מיר האבען דארט געזעהן מענשען־ריעזען, אנטקעגען וועלכע מיר האבען אויסגעזעהן ווי פליגען". און די שליחים, אויסער כלב'ן און יהושע'ן, האבען ערקלערט, אז עס איז קיין האפנונג ניטא איינצונעהמען כנען. די רייד פון די מרגלים האבען ארויסגערופען גרויס טרויער אין פאלק. א סך האבען געוויינט, און די וואס האבען זיך נאך ניט אבגעוועהנט פון קנעכטשאפט, האבען געשריען, אז מען דארף זיך אומקעהרען צוריק קיין מצרים. כלב און יהושע האבען געפרובט בערוהיגען דאס פאלק: „אויב גאט וועט זיין בארמהערציג מיט אונז וועט ער אונז אריינפיהרען אין דיזען לאנד, און וועט עס אונז אבגעבען, אבוואהל דארט וואוינען שטארקע מענשען. שרעקט אייך ניט פאר זיי!" אבער דער אויפגערעגטער המון האט ניט געהערט די צוויי מוטיגע שליחים און האט אפילו געוואלט זיי פערשטיינען.

דאס אלץ האט משה'ן טיעף געקרענקט. ער האט ענדליך פערשטאנען, אז מיט אזעלכע מענשען, וואס די לאנגע קנעכטשאפט אין מצרים האט דערשלאגען זייער מוט, וועט זיין אונמעגליך איינצונעהמען כנען, און אז מען דארף ווארטען ביז עס וועט אויפקומען א נייער דור, וואס וועט זיין אויפגעוואקסען אין פרייהייט. האט ער ערקלערט די אידען, אז זיי וועלען אומוואנדערען אין דעם מדבר נאך פערציג יאהר, אזוי לאנג ביז עס וועט איינגאנצען אויסשטארבען דער אלטער דור וואס איז ארויס פון מצרים, און

עס וועט אויסוואַקסען דער יונגער דור, וואָס וועט זיין מעהר מוטיג און פעהיג אויף געוואַגטע מלחמות, און זיי, די נייע מענשען, וועלען אריינטרעטען אין כנען. און משה האָט בעפעהלען צו לאָזען זיך וויי־טער וואַנדערען איבער דער ברייטער וויסטעניש, פּאַזע דעם רויטען ים. ווען דאָס פּאָלק האָט עס דערהערט איז עס אריינגעפּאַלען אין טיעפען טרויער. איינינע ענטשלאָסענע מענשען האָבען ניט געוואָלט פּאָלגען משה'ן. זיי האָבען זיך אָבגעטיילט פון לאַגער און זיינען אוועק גלייך אין די בערג, אין דער זייט פון כנען. נאָר דאָ זיינען פון די בערג אַרונטערגעלאָפּען די ווילדע עמלקים און האָבען זיי צוטרי־בען.

נאָך דער דאָזיגער געשיכטע האָט זיך דער גרעסטער טייל אידען אונטערגעגעבען דעם ווילען פון משה'ן. אָבער אין אַ געוויסען טייל פון פּאָלק האָט נאָך געגליהט אַן אונצופריעדענקייט מיט דער אונ־בעגרענצטער מאַכט פון דעם גרויסען פיהרער. די דאָזיגע אונצופרי־דענקייט האָט אַרויסגעפּלאַצט אין דעם אויפשטאַנד פון קרח'ן. צוויי הונדערט און פופציג חשוב'ע לייט, וועלכע זיינען געוועזען אָנגע־פיהרט פון קרח'ן פון שבט לוי, און דתן און אבירם פון שבט ראובן, האָבען מורד געוועזען געגען משה'ן און אהרנ'ען. „גענוג אייך צו הער־שען!" — האָבען געשריען די מורדים — אונזער גאַנצע עדה איז הייליג; וואָרום זשע שטעלט איהר זיך העכער פון דעם גאַנצען פּאָלק פון גאָט?" זיי האָבען פאַרגעוואָרפען משה'ן, לּמאַי ער האָט די אידען אַרויסגעפיהרט פון מצרים און קיין כנען האָט ער זיי ניט גע־בראַכט, און ער צווינגט זיי אַלעמען אומקומען אין דער וויסטעניש. דאָס פּאָלק האָט זיך גענומען קלייבען אַרום די געצעלטען פון די מורדים, און עס איז געוועזען אַ סכנה, אַז דער אויפשטאַנד וועט זיך צעוואַקסען. דעמאָלט, דערצעהלט דער חומש, האָט משה בעפעהלען דאָס פּאָלק אָבצוטרעטען פון די געצעלטען פון די דאָזיגע שווער־פערזינדיגטע מענשען. און ווי נאָר דאָס פּאָלק איז אָבגעטראָטען איז געשעהן אַ וואונדער: אויף יענעם אָרט, וואו עס איז געשטאַנען קרח מיט זיינע לייט, האָט זיך געשפּאָלטען די ערד, און אַלע מורדים מיט זייערע געצעלטען און מיט זייער גאַנצען פאַרמעגען זיינען איינגע־זונקען אין דעם געעפענטען אָבגרונד. פיעל אידען וואָס האָבען גע־האַלטען מיט די מורדים זיינען אומגעקומען פון אַ מגפה.

§30. דער דור המדבר. נאָך דער געשיכטע מיט די

מרגלים האָבען די אידען געלעבט אין מדבר אַן ערך פון פערציג יאָהר. צום טייל האָבען זיי געפיהרט אַן איינגעזעסענעם לעבען, אין דעם אָאזים קדש, און צום טייל האָבען זיי אומגעוואַנדערט אין די דער־בייאיגע סטעפּעס, נעבען דרום כנען. געלעבט האָבען זיי אין געצעל־טען און האָבען זיך בעשעפטיגט מיט האָדעוועון פיה און אביסעל ערד־ארבייט. פאר א זכר פון יענער צייט איז שפּעטער ביי די אידען געוואָרען א מנהג צו בויען געצעלטען אָדער „סכות“ און פייערען דעם הערבסטליכען יום־טוב סכות זיבען טעג.

אין משך פון יענער צייט זיינען ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבען די עלטערע מענשען, וואָס זיינען ארויס פון מצרים, און עס איז אונ־טערגעוואַקסען א יונגער דור, וועלכען משה האָט אויפגעצויגען אין פרייהייט און ריינעם גלויבען. משה האָט ניט געארבייט אליין. ער האָט געהאַט ארום זיך א ראַט פון זיבעציג זקנים אָדער עלטסטע, וועלכע האָבען איהם געהאָלפען צו רעגירען דאָס פאָלק. אהרן איז געווען דער כהן גדול און די לויים האָבען געדיענט ביים אהל מועד און געהאָלפען משה'ן צו לערנען און ערציהען דאָס פאָלק.

ווען די צייט וואָס משה האָט בעשטימט צו בלייבען אין מדבר האָט זיך שוין געדאַרפט ענדיגען האָבען זיך די אידען אָנגעהויבען צורוקען צו די גרעניצען פון כנען. ביי די דאָזיגע גרעניצען, אין דרום און אין מזרח, האָבען געלעבט די קריעגערישע פעלקער אדום, מואב און אמורי. משה האָט צוערשט געפּרובט פועל'ן מיט גוטען ביי די מלכים פון די דאָזיגע פעלקער זיי זאָלען דורכלאָזען די אידען קיין כנען. ער האָט געשיקט שלוחים צום קעניג פון אדום און איהם גע־לאָזט אזוי זאָגען: „אזוי זאָגט דיין ברודער ישראל: ערלויב אונז דורכצוגעהן דורך דיין לאַנד; מיר וועלען ניט געהן, ניט איבער דיינע פעלדער און ניט איבער דיינע וויינגערטנער, און מיר וועלען ניט טרינקען דאָס וואַסער פון דיינע ברונימער, נאָר מיר וועלען געהן מיט'ן גרויסען וועג, ביז מיר וועלען ארויס פון דיין גבול“. אָבער דער קעניג פון אדום האָט אָבגעזאָגט די דאָזיגע פריינדליכע בקשה. דעמאָלט האָבען די אידען געמוזט געהן ארום אדום. אויפ'ן וועג איז געשטאָרבען אהרן, אויפ'ן בארג הר, און אויף זיין אָרט איז געוואָרען כהן גדול זיין זוהן אליעזר. אביסעל פריהער איז אויך גע־שטאָרבען משה'ס שוועסטער, מרים.

§31. די עראָבערונג פונ'ם עבר־הירדן. אויסמיידענדיג דאָס לאַנד פון אדום האָבען זיך די אידען אָבגעשטעלט צו דרום־מזרח פון כנען, נעבען מואב. א גרויסען טייל פון דעם דאָזיגען לאַנד האָט נאָך פריהער איינגענומען סיחון, דער מעכטיגער קעניג פון אמורי. די לענדער פון די אמורים האָבען זיך געצויגען אין דער לענג פון דעם גאַנצען מזרח ברעג פון ירדן. האָט משה געשיקט שלוחים צו סיחונ'ען מיט דער בקשה ער זאָל דורכלאָזען די אידען דורך דעם דאָזיגען לאַנד. אָבער סיחון האָט ניט נאָכגעגעבען משה'ס פערלאַנג און איז אַרויס געגען איהם מיט א גרויסען חיל. די אידען האָבען געקעמפּפט העלדיש און האָבען געבראַכט אויף די אמורים א גרויסע מפּלה. זיי זיינען אריינגעדרונגען אין לאַנד און האָבען פאַר־נומען די הויפּט שטאָדט חשבון. זייענדיג ערמוטיגט דורך ריזען נצחון האָבען זיך די אידען געלאָזט געהן ווייטער צו צפון, קיין בשן, — א לאַנד, וואָס איז געווען רייך אין ווײדען. דאָ איז געגען זיי אַרויסגעטראָטען עוג, דער קעניג פון בשן, וועלכער האָט געשטאַמט פון די אַלטע ריעזען. נאָר די אידען האָבען צושלאָגען עוג'ן און זיין גאַנץ פאָלק און האָבען איינגענומען דאָס פרוכטבאַרע בשן. אויף אַזא אופן איז דאָס אידישע פאָלק שוין געשטאַנען מיט א פעסטער פוס אין דעם מזרח געגענד פון כנען, אין דעם „עבר־הירדן“.

אַזוי ווי די אידען האָבען איצט געלאַגערט ביי די גרענעצען פון דעם לאַנד מואב, האָט בלק, דער קעניג פון מואב, מורא געקראָגען אַז זיי זאָלען ניט פערכאַפּען אויף זיינע לענדערייען. האָט בלק גע־שיקט די עלטסטע לייט פון מואב קיין מעסאָפּאָטאַמיען און גע־בראַכט פון דאָרט דעם כשוף־מאַכער בלעם. און בלק האָט געזאָגט צו בלעמ'ן אַזוי: „א פאָלק איז אַרויס פון מצרים און האָט בעדעקט דאָס גאַנצע לאַנד וואָס ליגט נעבען מיר. מלחמה האַלטען מיט איהם קענען מיר ניט, וואָרום ער איז שטארקער פון אונז. דעריבער קום און שעלט מיר דיזען פאָלק, און דעמאָלט וועלען מיר איהם אפשר קענען מנצח זיין און פאַרטרייבען פון דאַנען. איך ווייס וואויל, אַז וועמען דו בענשסט דער איז געבענשט, און וועמען דו שעלטסט דער איז גע־שאָלטען“. בלעם האָט מסכים געווען. נאָר דאָ, דערצעהלט דער תנ"ך, האָט זיך גאָט בעוויזען צו בלעמ'ן אין א חלום און האָט איהם גע־הייסען האַנדלען גאַנץ אַנדערש. ווען דער קעניג פון מואב האָט

ארויפגעפיהרט דעם מכשף אויפ׳ן שפּיץ פון א בארג, פון וואנען מען האָט געקענט זעהן דעם אידישען לאגער, האָט בלעם אויסגערופען: קען איך דען שעלטען דעם, וועמען יהוה האָט ניט געשאָלטען, און צאָרנען אויף דעם, אויף וועמען יהוה האָט ניט געצארנט? דעם צוויי־טען מאָל איז בלעם אזוי ענטציקט געוואָרען פון דעם אויסזעהן פון דעם אידישען לאגער, אז ער האָט זיך ניט געקענט איינהאלטען פון בעגייסטערונג און האָט אויסגערופען: „ווי שעהן זיינען דיינע געצעלטען, יעקב, און די וואוינונגען דיינע, ישראל!“ אומזיסט האָט בלק געוואַרט צו הערען פון דעם צויבערער קללות אויף די אידען: בלעם האָט זיי נאָר געבענשט און האָט זיי פאָראויסגעזאָגט א גרויסע צוקונפט. דער קעניג פון מואב איז אין כעס געוואָרען אויפ׳ן מכשף און האָט איהם אוועקגעשיקט אהיים.

§32. **די חלוקה פונ׳ם עבר־הירדן; משה׳ס טויט.** ווען דאָס לאנד פון עבר־הירדן איז שוין געווען איינגענומען האָבען זיך די אידען גענומען גרייטען אריבערצוגעהן דעם טייך ירדן און איינ־נעהמען מערב כנען. דעמאָלט זיינען געקומען פאר משה׳ן די זקנים פון די פאסטוכער־שבטים ראובן און גד און האָבען צו איהם אזוי געזאָגט: „דאָס לאנד, וואָס מיר האָבען איינגענומען איז רייך אין װייד, און מיר האָבען א סך פיה. גיב אונז דאָס דאָזיגע לאנד פאר אונזער ירושה און פיהר אונז ניט אריבער דעם ירדן“. משה האָט זיי פאָרגעוואָרפען, פארוואָס זיי ווילען ניט העלפען די איבעריגע שבטים צו איינגעהמען כנען, נאָר זיי ווילען זיך אָבטיילען פון פאָלק און לעבען רוהיג אויף דעם בעזיעגטען טייל פון דעם לאנד. אָבער די עלטסטע פון ראובן און גד האָבען געענטפערט, אז זיי האָבען גאָר ניט בדעה זיך אָבצוטיילען פון דעם גאנצען פאָלק. „מיר װעלען — האָבען זיי געזאגט — נאָר אויסבויען דאָ שטאלען פאר אונזערע שאָף און וואוינונגען פאר אונזערע ווייבער און קינדער, און אליין װעלען מיר אָנטהאָן געװעהר און געהן אין מלחמה פאָראויס פון אלע שבטים, און מיר װעלען זיך ניט אומקעהרען צו אונזערע היימען ביז דאָס גאנצע לאנד אויף יענער זייט ירדן וועט ניט זיין איינגע־נומען“. נאָך אזא הבטחה האָט משה אָבגעגעבען צו דעם שבט ראובן און גד די לענדער פון אמורי און בשן פאר זייער נחלה. צו די דאָזיגע צוויי שבטים איז דערנאָך צוגעשטאנען א האלבער שבט מנשה, וועל־

כער האָט זיך גענומען דעם טייל פון די אמורי־לענדער, וואָס איז בעוואוסט אונטער'ן נאָמען גלעד. אויף אזא אופן האָבען צוויי און א האלב שבטים בעזעצט דעם מזרח טייל פון כנען, דעם עבר־הירדן.

איצט איז נאָך געבליבען אריבערצוגעהן דעם ירדן און איינגעהמען דעם אינוועניגסטען טייל פון כנען און צוטיילען דאָס לאַנד צווישען די איבעריגע שבטים. נאָר דאָס איז שוין ניט באַשערט געווען משה'ן דורכצופיהרען. דער גרויסער בעפרייער און פיהרער פון די אידען האָט דערפיהלט אז דער טויט רוקט זיך אָן און ער האָט געוואוסט אז ניט אויף זיין גורל איז אויסגעפאלען אריינצופיהרען דאָס פאָלק אין כנען. פאר'ן טויט פלעגט משה אָפט פערזאַמלען די אידען ארום זיך און זיי לערנען ווי צו לעבען אין דעם נייעם לאַנד לויט די געזעצען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט. פאר א מנהיג נאָך זיך האָט ער בעשטימט זיין העלפער יהושע בן־נון. ענדליך איז די טרויעריגע שטונדע פון צושיידונג געקומען. משה האָט זיך געזעגענט מיט די אידען, האָט פאָראויסגעזאָגט דעם פאָלק זיין צוקונפט און האָט געבענשט יעדען שבט בעזונדער. דערנאָך איז ער ארויף אויפ'ן בארג נבו, דער העכסטער שפּיץ פון דער מואב'ישער בארגקייט פסגה, און פון דעם דאָזיגען בארג־שפּיץ האָט משה געקענט זעהן א גרויסען טייל פון כנען. לאַנג איז ער דאָ געשטאַנען און געקוקט אויפ'ן לאַנד און געטרויערט, וואָס ניט איהם איז געגעבען געוואָרען אריינצוטרעטען אין דעם צוקונפטיגען לאַנד פון די אידען.

און משה איז געשטאָרבען אין עלטער פון הונדערט און צוואַנציג יאָהר, און האָט געפונען זיין קבר אין דעם טאָל פון מואב. דאָס אָרט פון משה'ס קבר איז קיינעם ניט בעוואוסט, עס איז געבליבען פארבאָרגען צו די צוקונפטיגע דורות. דרייסיג טעג האָבען די אידען געוויינט אויפ'ן טויט פון זייער גרויסען פיהרער. „און ניט אויפגעשטאַנען איז מעהר ביי אידען א נביא ווי משה" — זאָגט דער תנ"ך. משה איז געווען דער בעפרייער און דער גייסטיגער וועגווייזער פון זיין פאָלק. א מאַסע פון שקלאַפען האָט ער פערוואַנדעלט אין א פאָלק און מיט זיין בעגייסטערטער לעהרע האָט ער דיזען פאָלק געמאַכט פאר אַן „אויסדערוועהלט" און גרויס פאָלק.

§33. היסטאָרישע אויספיהרונגען. פון דער צייט וואָס די אידען זיינען ארויס פון מצרים, „דאָס הויז פון קנעכטשאַפט" ביז זיי זיינען אריין אין דעם „פערשפּראָכענעם לאַנד" כנען, איז,

לויט דער מסורה, דורכגעגאנגען א משך פון עטליכע צעהנדליג יאָהר. און אין פערלויף פון דער צייט האָבען די אידען אומגע־וואנדערט אין דער וויסטעניש. דאָ אין דעם מדבר, האָבען זיי זיך א קירצערע צייט אויפגעהאלטען אין די געגענדען פון דעם בארג סיני, און א לענגערע צייט אין דעם אָאזים קדש, נעבען אדום און די דרום גרעניצען פון כנען.

די בעפרייאונג פון קנעכטשאפט האָט אזוי שטארק אויפ־געהויבען דעם נאציאָנאלען גייסט פון די אידען, אז זיי זיינען פון מצרים גלייך אוועק צום סיני. דאָס בעפרייטע פאָלק האָט גע־פיהלט א בעדערפניש צו פעראייניגען אלע זיינע בעזונדערע טיילען אין איין געזעלשאפט, וועלכע זאָל זיך פיהרען לויט בע־שטימט׳ן געזעצען. פול מיט האָפנונגען און ליכטיגע שטרעבונגען איז דאָס פאָלק נאָכגעגאנגען זיין גרויסען פיהרער. די נייע אומ־געבונג אין וועלכער זיי זיינען פלוצלונג אריינגעטראָטען, האָט געמוזט האָבען א ווירקונג אויף די ארויסגעגאנגענע פון מצרים. נאָך די פרוכטבארע ברעגען פון דעם ניל האָבען זיי זיך מיט אמאָל געפונען אין א פינסטערער, טרוקענער וויסטעניש, וואו נאקעטע פעלזען, ווי גרויזאמע ריעזען, האָבען זיך געצויגען צו די הימלען און זייערע שפּיצען האָבען זיך פערלאָרען אין די וואָלקענס — דאָ איז אזוי ווי פערשוואונדען דער גרענעץ צווישען הימעל און ערד, צווישען לעבען און טויט ; דאָ האָט געשוועבט דער גייסט פון דעם בעשעפער פון דער וועלט. אויב ערשט ניט לאנג, אין מצרים, האָט דאָס פאָלק געפיהלט דעם שווערען דרוק פון מענשען, האָט עס איצט, אין מיטען פון דעם ברייטען, איינזאמען מדבר, גע־שפּירט אן אנדערע, א העכערע מאכט — די מאכט פון אן איינ־ציגען און אייביגען וועזען, פון גאָט. צופוסענס פון דעם געטליכען בארג סיני, האָט דאָס פאָלק דערהערט יענע אונשטערבליכע גע־באָטען, וועלכע זיינען געוואָרען די ווינקעלשטיינער פון יודענ־טום.

דאָ האָט זיך אָנגעפאנגען דער איבערגאנג פון דער טונקעלער נ א ט ו ר רעליגיאָן פון די אבות צו דער קלאָרער ג ע ז ע ל־ש א פ ט ל י כ ע ר רעליגיאָן פון משה׳ן. אין משה׳ס לעהרע איז גאָט דער הערשער ניט נאָר פון דער נאטור נאָר אויך פון דעם

מענשליכען לעבען. ער איז ניט נאָר דער גאָט פון דער גאַנצער וועלט נאָר אויך בעזונדערס דער גאָט פון אידישען פאָלק, און האָט א בעשטימטען נאָמען, יהוה. „איך בין יהוה, דיין גאָט, וועלכער האָט דיך ארויסגעפיהרט פון דעם לאַנד מצרים, פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט" (דער ערשטער געבאָט). אין די דאָזיגע ווערטער איז אויסגעדריקט דער נאַציאָנאַלער תמצית פון משה'ס רעליגיאָן. נאָכדעם ווערען פאָרגעשטעלט די אייגענשאַפטען פון גאָט: ער איז איינציג און איז אונקערפּערליך, עס טאָר ניט זיין קיין פיעלגעטעריי און קיין געצענדיענסט (צווייטער געבאָט). די רוה פון שבת ווערט געגעבען אלס מיטעל אויפצוהאַלטען אין דעם פאָלק די געזונדהייט פון קערפּער און די פרייהייט פון גייסט (פערטער געבאָט). כבוד אב ואם ווערט אוועקגעלעגט אלס דער הויפּט פונדאַמענט פון דער פאַמיליע און דער געזעלשאַפט, וואָרום דער כח פון א פאָלק בעשטעהט אין דעם שטאַרקען באַנד צווישען דעם אַלטען און דעם יונגען דור (פינפטער געבאָט). דער פערבאָט צו זאָגען ליגען, צו מאָרדען, גנב'ענען, זיין אויסגעלאַסען און גלוסטען יענעמס איז דער יסוד פון דער מאָראַל און פון דעם מענשליכען צוזאַמענלעבען (דריטער, זעקסטער און צעהנטער געבאָט). דאָס זיינען געווען אייביגע אמת'ן, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט אויפגעדעקט פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

אין דער צייט וואָס די אידען זיינען געווען אין קדש האָט זיך דאָס פאָלק אָנגעהויבען צוגעוועהנען צו א ריכטיגען געזעלשאַפטליכען לעבען. לויט דער מסורה האָט משה פערוואַלטעט די אידען מיט דער הילף פון א ראַט פון עלטסטע אָדער זקנים. ער האָט געשטעלט אויבערהאַרען איבער בעזונדערע גרופּען און האָט זיי איבערגעגעבען צו האָבען השגחה איבער דער אָרדנונג און צו משפּט'ן אין קלענערע סכסוכים. דאָ אייגענטליך האָבען זיך געקענט אויסאַרבייטען און בענוצט ווערען אין דער פּראַקטיק אייניגע פון יענע געזעלשאַפטליכע געזעצען, וועלכע זיינען געווען פערשריבען אין דעם „ספר הברית" (שמות כא־כג), וועלכעס איז דער ערשטער קערן פון משה'ס געזעצגעבונג. מענשענליעבע, מיטלייד מיט'ן שוואַכען און אָרימען, און א שטרענגקייט צו די וואָס ריהרען אָן די רעכט פון אַנדערע — אָט

דאָס זיינען די הויפּט שטריכען פון די דאָזיגע געזעצען. אַלע מענ־שען זיינען גלייך פאַר גאָט: מאַן און פרוי, רייך און אָרעם, האַר און דיענער. אָט זיינען איינ‍יגע ביישפּיעלען: „אויב דו וועסט קויפען אַ אידישען קנעכט זאָל ער זעקס יאָהר ביי דיר דיענען און אויפ'ן זיבעטען יאָהר זאָלסטו איהם אַרויסלאָזען פריי אומ־זיסט; אויב ער האָט אַ ווייב זאָלסטו זיין ווייב פריילאָזען מיט איהם". „די אלמנה און דעם יתום זאָלט איהר ניט דריקען"; „אויב דו לייהסט געלד צו אַן אָרימאַן און ער גיט דיר זיין אויי־בערשטען בגד פאַר אַ משכון, זאָלסטו יעדען טאָג ווען די זון פאַר־געהט איהם אומקעהרען זיין בגד, וואָרום ער דאַרף זיך מיט איהם צודעקען ביינאַכט"; „משפּט ניט אומגערעכט דעם אָרימאַן"; „נעהמט ניט קיין שוחד"; „איהר זאָלט ניט דריקען דעם גר, וויל גרים זענט איהר געווען אין דעם לאַנד מצרים".

אין קדש זיינען אויך אוועקגעלעגט געוואָרען די יסודות פון דעם אַלטען אידישען גאָטעסדיענסט. דאָס הייליגטום פון פאָלק איז געווען דער „ארון־הברית", ד. ה. דער ארון, וואו עס האָבען זיך געהיט די שטיינערנע לוחות מיט די עשרת הדברות פון סיני. אין דער צייט ווען די אידען פלעגען זיך אָבשטעלען אין זייער וואַנדערען אַן מדבר האָט זיך דער ארון געפונען אין דעם משכן. אין דער צייט פון די מלחמות אין מזרח כנען פלעגען די לויים מיט'ן ארון געהן פאָראויס פון דער מחנה, אַלס צייכען אַז גאָט אַליין פיהרט דאָס פאָלק. דערביי פלעגען זיך הערען אויסרופען: „קומה ד', ויפוצו משנאיך!" — שטעה אויף גאָט, און זאָלען צושפּרייט ווערען די פיינד דיינע! פיהלענדיג אַז דאָס הייליגטום געהט מיט זיי פלעגען די אידישע קריעגער קעמפּפען העלדיש און האָבען אָבגעהאַלטען יענע גלענצענדע נצחונות, וועלכע האָבען פאַר זיי געעפענט אַ צוטריט אין דעם לאַנד כנען. דאָס זיינען גע־ווען הייליגע רעליגיעזע מלחמות, מלחמות ה', ווי עס דריקט זיך אויס דער תנ"ך.

## פיערטער קאַפּיטעל

# די עראָבערונג פון כנען.

(אַרום דרייצעהנטען יאָהרהונדערט פאַר דער קריסטליכער צייטרעכנונג).

§34. דאָס לאַנד און זיינע איינוואוינער. דאָס לאַנד, וואָס די אידען האָבען געדאַרפט איינגעהמען נאָך משה'ס טויט האָט געטראָגען פערשיידענע נעמען. ביי די אידען האָט עס צו־ערשט געהייסען כנען, און נאָכער — ארץ ישראל. די שפּעטערע גריכען און רוימער האָבען עס גערופען פּאַלעסטינא, און די קריסטליכע פעלקער — דאָס הייליגע לאַנד. דאָס דאָזיגע לאַנד איז געלעגען אויפ'ן עקסטען מערב ברעג פון אזיען, אויפ'ן וועג צווי־שען די גרויסע מלוכות אשור און בבל אין אזיען, און מצרים אין צפון אפריקא. אין פאָרמע זעהט דאָס לאַנד אוים ווי א לענגלי־כער ערד־פּאַס, וואָס גרעניצט זיך אין מערב זייט מיט'ן מיט־לענדישען ים, אין מזרח און דרום — מיט'ן אראבישען מדבר, און אין צפון — מיט סיריען אָדער ארם. אויפ'ן צפון גרעניץ פון כנען הויבען זיך אויף איינע געגען די אַנדערע צוויי גרויסע בערג־קייטען, דער לבנון און דער חרמון, וואָס זייערע שפּיצען זיינען בעדעקט מיט אייביגען שניי. די וואַסערען, וואָס פליסען אַרונ־טער פון דיזע הויכע ערטער זאַמלען זיך צונויף אין שטראָמען און בילדען דעם הויפּט טייך פון כנען — דעם ירדן. דער ירדן ציהט זיך ווי א גלייכע לענטע פון צפון צו דרום, געהט דורך צוויי אָזערעס, מי מרום און כנרת, און פאַלט אריין אין דרום, אין טויטען אָדער געזאַלצענעם ים (ים המלח). דער ירדן צוטיילט דאָס גאַנצע לאַנד אין צוויי טייל: דער מזרח טייל (עבר־הירדן, גלעד), און דער מערב טייל (כנען גופא). דער ערשטער טייל איז אַמאָל געווען בעריהמט מיט זיינע פעטע וויידען, און דער צווייטער — מיט זיין פרוכטבארען באָדען, אויף וועלכען עס זיינען געוואַקסען תבואה, וויינטרויבען, אויבס און איילבירטען. פון ביידע זייטען ירדן ציהען זיך, פון צפון צו דרום, אָבצווייגונגען פון די צוויי בארג־קייטען לבנון און חרמון. די דאָזיגע אָבצווייגונגען זיינען אין מזרח די גלעד בערג (הרי גלעד), און אין מערב — א סך בערג־

קייטען, בעוואוסט אין תנ"ך אונטער די נעמען: הרי נפתלי, הרי אפרים, און הרי יהודה. צו די הרי נפתלי שליסען זיך צו די בע־ריהמטע בערג תבור און כרמל. צווישען זיי ליגט דער פראכטפולער טהאָל יזרעאל. צו איהם שליסען זיך צו, פון דרום זייט, די הרי אפרים, פון וועלכע עס איז בעזונדערס בעוואוסט דער בארג גרזים נעבען דער שטאָדט שכם. צום ברעג־צו פון ים נידערט די דאָזיגע בארג־קייט אלץ מעהר און מעהר ארונטער ביז זי געהט אריבער אין דעם טאָל שרון. נאָך ווייטער צו דרום, פון ירושלים ביז חברון, ציהען זיך די הרי יהודה מיט זייערע העכסטע שפיצען ציון און הר־הזיתים.

די נאַטור און דער קלימאַט פון כנען זיינען זעהר פערשיידענ־ארטיג. פון די הויכע בערג־שפּיצען בלאָזען פרישע ווינטען. די לופט איז דעם גרעסטען טייל פון יאָהר ריין און דורכזיכטיג, נאָר אין דער נידערער הערשט אין די זומער מאָנאַטען אַ טראָפּישע היץ. מחמת דעם איז אויך דאָס פלאַנצענרייך פערשיידענאַרטיג: דאָ געפינט מען די פּאַלמע וואָס וואַקסט נאָר אין הייסען קלימאַט, און דעם דעמב וואָס קען קיין היץ ניט פערטראָגען. דאָס וואַסער פון ים כנרת איז זיס און איז רייך מיט פיש; אויף די ברעגען פון דיזען ים וואַקסען וויינטרויבען, פייגען און אַנדערע פרוכטבוימער. אָבער אין דעם טויטען ים איז דאָס וואַסער אָנגעזאַפּט מיט זאַלץ און אַנדערע מינעראַלען און פיש קענען דאָ ניט לעבען. די ברעגען פון דיזען ים זיינען אַ וויסטער מדבר, וואָס ווערט בלויז זעלטען אונ־טערבראָכען פון פרוכטבאַרע אָאַזיסען (עין גדי). די פלאַכע טייכען און אָזערעס טריקענען אויס אין די הייסע צייטען פון יאָהר, אָבער אין דער רעגענדיגער צייט פילען זיי זיך אָן מיט וואַסער, געהען אַריבער די ברעגען און בעפרוכפּערען דעם באָדען. עס זיינען ניטאָ קיין סך לענדער אויפ'ן ערד־קוגעל, וועלכע האָבען פעראייניגט אין זיך אַזעלכע שעהנקייטען פון דער נאַטור, אַזאַ פערשיידענאַרטיג־קייט פון קלימאַט און פלאַנצען, ווי כנען אָדער ארץ־ישראל. די אַלע איינגענשאַפטען האָבען געמוזט האָבען אַ ווירקונג אויפ'ן כאַראַק־טער און אויפ'ן גייסטיגען לעבען פון די אידען. דער קלימאַט, וואָס איז מיטעל צווישען מעסיג און הייס, האָט אַרויסגערופען אין די איינוואוינער אַ נייגונג צו פיזישער אַרבייט, און די נאַטור מיט

איהרע שעהנקייטען האָט געגעבען רייכע שפּייז פאַר דעם רעלי־גיעזען און פּאָעטישען געפיהל. זי האָט ניט געמאַכט די איינוואוי־נער שוואַך און אָבגעלאָזען, אַזוי ווי אין אַנדערע לענדער פון מזרח, אָבער זי האָט זיי אויך ניט פאַרגרעבט דורך צופיעל פיזישער אַר־בייט.

אין יענע אַלטע צייטען, ווען די אידען זיינען צוגעטראָטען צו איינגעהמען כנען, האָבען אויף איהרע גרעניצען געלעבט א צאָל קליינע, אָבער שטאַרקע פעלקער. די קריעגערישע חתים האָבען גע־וואוינט אויפ׳ן צפון־מערב גרעניץ, צווישען די לבנון בערג און דעם מיטלענדישען ים; שפּעטער איז זייער לאַנד איבערגעגאַנגען צו דעם האַנדעלס פאָלק די פעניציער. אין צפון־מזרח זייט האָבען גע־לעבט די ארמים, וואָס זיינען געוועזען פערוואַנדט צו די אידען לויט זייער ראַסע און שפּראַך. אזעלכע קרוב׳ישע שבטים האָבען אויך געלעבט אין מזרח און אין דרום: עמון, מואב און אדום. אויפ׳ן דרום־מערב ברעג פון כנען האָבען איינגעוואַנדערט די ווילדע עמלקים, אין העכער, ביים ברעג פון ים, האָבען זיך בעזעצט די קריעגערישע פלשתים, וועלכע זיינען שפּעטער געוועזען דער ערגסטער פיינד פון די אידען.

דער אינוועניגסטער טייל פון כנען, אויפ׳ן מערב זייט פון ירדן, איז בעשטאַנען פון א סך קליינע מלוכות, אין וועלכע עס האָ־בען געלעבט פערשיידענע שבטים, בעוואוסט אונטער׳ן אַלגעמיינעם נאָמען די כנענים. יעדע מלוכה איז בעשטאַנען דאָס רוב פון איין שטאָדט מיט די דערבייאיגע פעלדער און וויידען. צווישען די דאָ־זיגע מלוכות איז ניט געוועזען קיין שטענדיגער בונד אויף צו בעשי־צ׳ען דאָס לאַנד אין צייט פון א פיינדליכען אָנפאַל; פערקעהרט, די קליינע מלכים האָבען זיך דאָס רוב געקריעגט צווישען זיך. דערי־בער ווען עס האָט זיך פערשפּרייט די נאַכריכט, אז דורכ׳ן מדבר געהט פון מצרים דאָס צאָלרייכע אידישע פאָלק, וואָס האָט שוין בעזיעגט אויף יענער זייט ירדן די שטאַרקע מלוכות פון סיחון און עוג, האָבען זיך די איינוואוינער פון כנען שטאַרק דערשראָקען. זיי זיינען נישט געוועזען צוגעגרייט געגען אזא מעכטיגען שונא און זיי האָבען געמוזט, נאָך לאַנגע און בלוטיגע מלחמות, אָבטרעטען א גרויסען טייל פון זייער לאַנד צו די פעראייניגטע קרעפטען פון די

אידען, וועלכע האבען געהאלטען דאס לאנד פאר א ירושה פון זייערע אבות.

§35. דער איבערגאנג איבער'ן ירדן; דער פאל פון יריחו. נאך משה'ס טויט האט יהושע בן־נון, דער נייער פיהרער פון אידישען פאלק, זיך געלאזט געהן צום ירדן בראש פון אלע אי־דישע שבטים. פאר'ן אריבערגעהן דעם ירדן האט ער געשיקט מרגלים אויף דער אנדערער זייט טייך אויסצוקוקען די שטאדט יריחו און איהר סביבה. קומענדיג צוריק האבען די מרגלים דער־צעהלט, אז די איינוואוינער פון יריחו און ארום האבען שוין גע־הערט וועגען די נצחונות פון די אידען אויף דער זייט ירדן און געפינען זיך אין גרויס שרעק. דאן איז יהושע און דאס פאלק ארי־בער דעם ירדן אויף אן ארט, וואו דער טייך איז געווען ניט טיעף. פון פארנט זיינען געגאנגען די כהנים מיט דעם הייליגען ארון און נאך זיי זיינען געגאנגען אלע אידען און דאס פאלק האט אויפ־געשלאגען זיין לאגער אויף דעם מערב ברעג פון ירדן, אין דער שטאדט גלגל, נעבען יריחו. דאס איז געווען אין פריהלינג, אין זעל־בען מאנאט ניסן, אין וועלכען די אידען זיינען אמאל ארויס פון מצרים. דאס פאלק האט פסח געהאלטען אין גלגל.

פון דאנען האט זיך דער אידישער חיל א רוק געטהאן אויף יריחו. די שטאדט איז געווען שטארק בעפעסטיגט און עס איז שווער געווען זי צו נעהמען מיט שטורם. יעדען טאג אין בערלויף פון זעקס טעג האבען די אידישע קריעגער ארומגעקרייזט די מויערען פון שטאדט, און דערביי האט מען געפיהרט פאראויס דעם היי־ליגען ארון און די כהנים האבען געבלאזען אין שופרות. אויפ'ן זיבעטען טאג, ווען די אידען זיינען ארומגעגאנגען די שטאדט, די שופרות האבען הילכיג געשאלט און די זיגעס־געשרייען פון די קריעג־גער האבען פערקלונגען די לופט, איז א טייל פון דער פעסטונג פון יריחו איינגעפאלען און דער אידישער חיל האט זיך אריינגעריסען אין שטאדט אריין. די זיעגער האבען אויסגע'הרג'עט אלע איינ־וואוינער פון יריחו, האבען פערברענט זייערע הייזער און פערניכ־טעט זייער פערמעגען. בלויז גאלד, זילבער און מעטאלענע כלים האט מען איבערגעלאזט פאר'ן משכן.

אז די איינוואוינער פון גבעון און די ארומיגע שטעדט האבען

זיך דערוואוסט, אז די אידען גרייטען זיך צו פערטיליגען אלע איינ־וואוינער פון כנען, האָבען זיי בעשלאָסען זיך צו בענוצען מיט א שווינדעל. זיי זיינען געקומען אין אידישען לאגער אין אלטע אָבגע־ריסענע קליידער און האָבען געזאָגט: „דאָס קומען מיר פון ווייטע לענדער, וואָרום מיר האָבען געהערט וועגען אייערע נצחונות און מיר ווילען שליסען מיט אייך א בונד". יהושע און די עלטסטע האָ־בען געגלויבט די געקומענע, אז זיי זיינען ניט פון כנען, און האָ־בען געשוואָרען צו לאָזען זיי לעבען. נאָר אין גיכען האָט זיך ארויס־געשטעלט, אז די לייט וואוינען גאָר אין נאָהנטע שטעדט און זיינען פון דעם שבט הוים. די אידען האָבען איינגענומען די שטעדט, אָבער די איינוואוינער האָבען זיי ניט אָנגעריהרט, כדי ניט צו ברעכען זייער שבועה. אָבער אלס שטראָף פאר זייער רמאות האָט יהושע געמאכט די גבעונים פאר קנעכט און זיי געצוואונגען צו זיין האָלצהעקער און וואסערטרעגער ביי די אידען.

§36. די עראָבערונג פון דרום און צפון כנען. ווען פינף מלכים פון דרום כנען (די מלכים פון ירושלים, חברון, ירמות, לכיש און עגלון) האָבען דערהערט, אז גבעון האָט זיך מיט גוטען אונ־טערגעגעבען די אידען, האָבען זיי געשלאָסען צווישען זיך א בונד און זיינען ארויס מלחמה האלטען געגען די גבעונים. די גבעונים האָבען זיך געווענדעט נאָך הילף צו יהושע'ן, וועלכער האָט זיך דע־מאָלט געפונען אין זיין לאגער אין גלגל. דער אידישער קריעגס־פיהרער האָט שנעל ארויסגעפיהרט זיין חיל געגען די פעראייניגטע מלכים און נעבען גבעון איז ער זיי פלוצלונג בעפאלען און זיי שטארק צושלאָגען. די אידען האָבען לאנג נאָכגעיאָגט דעם אנטלוי־פענדען שונא. אין תנ"ך איז פערבליבען א ליעד וואָס דערצעהלט אז יהושע האָט געוואָלט ענדיגען די שלאכט איידער ס'פאלט־צו די נאכט, האָט ער אויסגערופען: „אָה זון, בלייב שטעהן איבער גבעון, און דו, לבנה, איבער'ן טאָל אילון!" און די זון האָט זיך אָבגע־שטעלט און ניט נעאיילט צו אונטערגעהן, ביז דאָס אידישע פאָלק האָט זיך נוקם געווען אין זיינע פיינד". און ווען די כנענים האָבען גענומען לויפען אראָב די בערג איז אראָבגעקומען א גרויסער האָגעל און האָט גע'הרג'עט יענע, וואָס זיינען אנטרונען פון דער שווערד. די מלכים אליין האָט מען גענומען געפאנגען און אויף יהושע'ס

בעפעהל האָט מען זיי אויפגעהאנגען. זייערע לענדער, וועלכע זיי־נען געלעגען אין דעם בארגיגען טייל פון דרום כנען, האָבען די אידען צוגענומען.

די ידיעה וועגען די דאָזיגע נצחונות איז שנעל דערגאַנגען צו די מלכים פון צפון כנען, פון וועלכע דער שטארקסטער איז געווען יבין מלך חצור. כדי צו בעשיצען זיין לאַנד געגען דעם מורא'דיגען פיינד האָט זיך יבין פעראייניגט מיט די שכנ'ישע מלכים. די פער־אייניגטע מלכים האָבען צונויפגעזאַמעלט אַ ריעזיגע ארמעע, מיט אַ סך פערד און מלחמה־וועגען און האָבען צולעגט זייער לאַגער ביים טייך מי־רום. נאָר די גרויסע מחנות האָבען ניט אָבגעשראָקען דעם בראַווען אידישען קריעגספיהרער. יהושע איז ארויסגעטראָטען מיט אַן אָבגעקליבענעם חיל געגען דעם שונא, האָט אויף זיי גע־בראַכט אַ שווערע מפלה און האָט נאָכגעיאָגט דעם אנטלויפענדען פיינד ביז'ן ברעג פון ים; די אידען האָבען דעם שונא'ס פערד איבערגעשניטען די אָדערען און די קריעגס־וועגען האָבען זיי פאַר־ברענט. די זיעגער האָבען חרוב געמאַכט און פארברענט יבינ'ס הויפּטשטאָדט חצור, און אין די אנדערע שטעדט האָבען זיי אויס־גע'הרג'עט די איינוואוינער און גענומען אַ סך רויב. אויף אַזאַ אופן האָבען די אידען, נאָך פיעל־יעהריגע מלחמות, בעזיעגט דעם גרעסטען טייל פון כנען, פון דעם בארג לבנון אין צפון ביז'ן ים המלח אין דרום. דאָך זיינען אַ סך בעפעסטיגטע שטעדט אינ־וועניג אין לאַנד, איבערהויפּט אין דרום, געבליבען ניט איינגע־נומען דורך די אידען.

§37. די חלוקה פון כנען. ווען אַ גרויסער טייל פון דעם לאַנד איז שוין געווען איינגענומען איז געקומען די צייט צו צוטיילען עס צווישען די אידישע שבטים. דער שבט ראובן, דער שבט גד און האלב מנשה האָבען שוין געקראָגען זייערע חלקים נאָך פאַר משה'ן אויפ'ן מזרח זייט פון ירדן, אין בשן און גלעד, וועלכע זיינען געווען רייך אין וויידען. עס איז דע־ריבער געבליבען גאַנץ מערב כנען אויף צו צוטיילען צווישען די איבעריגע ניין און אַ האלב שבטים. די גרעסטע חלקים זיינען דאָ אָנגעקומען די צוויי שטארקסטע שבטים, אפרים און יהודה. דער שבט אפרים, פון וועלכען עס האָט געשטאַמט

דער אידישער פיהרער יהושע, האָט פארנומען דעם גאַנצען מיטעלען ערד־פּאַס פון כנען, צווישען ירדן און מיטלענדישען ים, מיט דער הויפּטשטאָדט שכם אין צענטער. אין צפון־מערב זייט פון שבט אפרים, ביז׳ן צופוסענס פון כרמל, האָט זיך בעזעצט דער אַנדערער האַלבער שבט מנשה. די נחלה פון שבט יהודה האָט פערנומען דעם דרום־טייל פון לאַנד, אָנ־פאַנגענדיג פון ירושלים. (ירושלים גופא מיט׳ן בארג ציון איז געבליבען אין די הענד פון דעם כנעני׳שען שבט יבוסים ביז דער צייט פון דוד המלך). אין דער נחלה פון שבט יהודה איז אָבגעטיילט געוואָרען אַ בעזונדער חלק פאר׳ן קלײנעם שבט שמעון, אַ שטייניגע שטרעקע ערד אויפ׳ן דרום־מערב ברעג פון כנען, אויפ׳ן גרענעץ פון מדבר, וואו די עמלקים האָבען זיך אומגעטריבען.

צווישען די נחלות פון יהודה און אפרים האָבען זיך איינ־געאָרדענט די צוויי שבטים בנימין און דן. דער שבט בנימין האָט פערנומען די געגענד, וואָס די אידען האָבען דאָס ערשטע איינגענומען גלייך ווי זיי זיינען אריבער דעם ירדן, מיט די שטעדט גליל און יריחו. און דער שבט דן האָט זיך בעזעצט צו מערב זייט פון זיי, נעהנטער צום פלשתי׳שען ברעג פון מיט־לענדישען ים, וואו עס געפינט זיך די האפענשטאָדט יפו. דעם צפון־טייל פון כנען האָבען בעזעצט פיער שבטים. דער שבט יששכר, וועלכער האָט זיך בעשעפטיגט מיט ערד־ארבייט, האָט געקראָגען דעם פּרוכטבארען טאָל יזרעאל מיט די בערג גלבוע און תבור. דער שבט זבלון האָט געוואוינט נעהנטער צו די ים־ברעגען פון פעניציען און האָט איבערגענומען פון די פע־ניציער די ליעבשאַפט צו מסחר. ווייטער צו צפון פון זיי, אין דער לענג פון דעם פעניצישען ים־ברעג, האָבען זיך געצויגען די לענדערייען פון שבט אשר. דער שבט נפתלי האָט פערנומען דעם צפון־מזרח ווינקעל פון כנען, די געגענד פון די אָזערעס מירום און כנרת. בלויז דער שבט לוי, וואָס איז בעשטאַנען פון די כהנים און געלעהרטע, האָט ניט געקראָגען קיין בעזונדער לאַנד־איינענטום. די לויים האָט מען אָבגעגעבען צום וואוינען אַכט־און־פערציג שטעדט, וועלכע זיינען געווען צעוואָרפען אי־

בער די נחלות פון די פערשיידענע שבטים. זייענדיג די דיע־
נער פון גאָט און די גייסטיגע לעהרער האָבען די לויים געדאַרפט
וואוינען איבער׳ן גאַנצען לאַנד, צושפּרייט צווישען גאַנצען
פאָלק.

ווען די ערד פון כנען איז שוין געווען צוטיילט צווישען אַלע
אידישע שבטים האָט זיך דער פיהרער פון פאָלק, יהושע, בעזעצט
אין דער נחלה פון זיין אייגענעם שבט אפרים. דער דאָזיגער שבט,
זייענדיג דער רייכסטער אין צאָל, האָט געקראָגען די אויבערשאַפט
איבער אַלע איבעריגע שבטים. אין דעם לאַנד פון דעם שבט
אפרים האָט זיך אויך אויפגעהאַלטען דאָס גרעסטע פאָלקס־היי־
ליגטום — דער משכן מיט׳ן ארון הקדש, וועלכער האָט בעגלייט
די אידען אין אַלע מלחמות. נאָך דער עראָבערונג און צוטיילונג
פון כנען איז דער משכן אריבערגעטראָגען געוואָרען אין דער
שטאָדט שלה, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם לאַנד פון אפרים.
דאָ איז א לאַנגע צייט געשטאַנען דער משכן מיט׳ן ארון און א
מזבח פאַר קרבנות; דאָ האָבען די כהנים און לויים געפּראַוועט
גאָטעסדיענסט, און קיין שלה פלעגען זיך ציהען מתפּללים פון
אַלע עקען כנען. שלה איז געווען דער שטענדיגער פּלאַץ, וואו עס
האָט געוואוינט דער כהן גדול. פאַר יהושע׳ן זיינען די כהנים
גדולים געווען אהרנ׳ס זוהן און אייניקעל, אליעזר און פנחס.

ווען יהושע איז געוואָרען אַלט, האָט ער צונויפגערופען קיין
שכם אַלע כהנים און די זקנים פון אַלע שבטים. דער אַלטער
פיהרער האָט דערמאָנט די פערזאַמעלטע וועגען די גרויסע געשע־
הענישען פון דער פערגאַנגענהייט, וועגען די אבות, וועגען דער
קנעכטשאַפט אין מצרים, וועגען יציאת מצרים און די וואַנדערונ־
גען אין דעם מדבר. „איצט — האָט ער געזאָגט — האָט אייך
גאָט געגעבען א לאַנד, אויף וועלכען איהר האָט ניט געהאָרעוועט,
און שטעדט, וועלכע איהר האָט ניט געבויט, און איהר וואוינט אין
זיי; ער האָט אייך געגעבען איילגערטנער און וויינגערטנער,
וועלכע איהר האָט ניט געפלאַנצט, און איהר עסט זייער פרוכט.
דעריבער פאָרכט אייך פאַר גאָט און דיענט איהם מיט א ריינעם
הארצען; פערלאָזט די אָבגעטער צו וועלכע עס האָבען אמאָל גע־
דיענט אייערע עלטערען אויף יענער זייט טייך (פּרת) און אין

מצרים, און דיענט צו גאָט". אויף דער דאָזיגער צואה האָט דאָס פאָלק אויסגערופען: מיר ווע‍לען דיענען אונזער גאָט און היטען זיינע געבאָטען!" יהושע האָט גענומען א גרויסען שטיין און איהם אוועקגעשטעלט אונטער א דעמב אין שכם פאר א זכר, אז אויף דעם דאָזיגען אָרט האָט דאָס פאָלק געגעבען א שבועה צו היטען די געבאָטען פון גאָט. אין גיכען איז יהושע געשטאָרבען, הונדערט און צעהן יאָהר אלט.

§38. די וויסענשאַפטליכע ענטדעקונגען פון דער נייסטער צייט ווארפען א ליכט אויף דער לאגע פון די פעל־קער אין כנען אין דער עפּאָכע ווען דאָס לאנד איז בעזיעגט גע־וואָרען פון די אידען. ניט לאנג צוריק (אין יאָהר 1887) האָט מען אין די אויסגראָבונגען אין טעלל־על־אמארן, אין מצרים, געפונען א סך ליימענע טאפלען מיט אויפשריפטען, וועלכע האָ־בען זיך ארויסגעשטעלט צו זיין בריעף פון די קליינע פאלעס־טינישע מלכים צו די עגיפּטישע פּרעה׳ס. פון די דאָזיגע בריעף, וועלכע געהערען צו דעם 15טען און 14טען יאָהרהונדערט פאר דער קריסטליכער צייטרעכנונג, איז צו זעהן, אז אין יענער צייט זיינען די כנענ׳ישע מלכים געשטאנען אונטער דער הער־שאפט פון די פּרעה׳ס פון מצרים. די מלכים דריקען אויס אין די בריעף זייער טרייהייט צו די פּרעה׳ס און בעטען אָפט הילף אנטקעגען די פיינדליכע שכנים אָדער די איינדרינגענדע וואנדערער. איינער פון די מלכים אבדי־כיבא, פון ירושלים, איז מודיע פּרעה׳ן אז א וואנדער־שבט מיט׳ן נאָמען „האבירי" איז אריינגעדרונגען אין כנען און סטראשעט צו בעזיעגען דאָס לאנד, און דער מלך בעקלאָגט זיך וואָס מצרים שיקט ניט קיין הילף (ארום 1400 פ. ק.). אונטער „האבירי", ווי עס צייגט אויס פון אלע בעווייזען, ווערען דאָ געמיינט די אידען. אין אַן אנדער עגיפּטישער אויפשריפט, וואָס געהערט צו א שפּעטע־רער צייט, רעדט זיך שוין וועגען א מלחמה פון א פּרעה אנט־קעגען „ישראל" אין פאלעסטינא.

אין די דאָזיגע דענקמעלער הערען זיך די אָבקלאנגען פון יענער גרויסער פעלקער־וואנדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין כנען צווישען דעם 15טען און 13טען יאָהרהונדערט פאר דער

קריסטליכער צייטרעכנונג. אין משך פון די דאָזינע צוויי הונדערט יאָהר, איז די הערשאַפט פון מצרים אין פּאַלעסטינאַ דאָס פערשטארקט געוואָרען, דאָס אָבגעשוואַכט געוואָרען, און ענדליך איז זי אינגאַנצען געפאַלען. אין כנען זיינען פאָרגעקו־מען אָהן אויפהער מלחמות צווישען די דאָרטיגע פעלקער; די גרעסערע פעלקער, ווי למשל די חתים און אמורים, וועלכע ווע־רען דערמאָנט אין די עגיפּטישע אויפשריפטען, האָבען גע־שטרעבט צו בעפעסטיגען דאָרט זייער ממשלה איבער די קלע־רע פעלקער. און אין יענער צייט האָבען זיך אין לאַנד אריינ־געריסען די וואַנדערענדע „האַבירי" פון דער זייט פון מדבר. אין דער גרופּע פון די „האַבירי" זיינען אריין נישט נאָר די אידען, נאָר אויך זייערע קרוב'ישע שבטים פון דער העברעאי־שער צווייג פון דער סעמיטישער ראַסע (מואב, אדום). נאָר ביסלעכווייז טיילען זיך אויס די אידען פון דער דאָזיגער אַלגע־מיינער גרופּע, און מאַכען זייערע ערָאָבערונגען זעלבסטשטענ־דיג. די אינוועניגסטע מחלוקות וואָס האָבען געהערשט צווי־שען די מלכים פון כנען, האָבען גרינגער געמאַכט פאַר די אי־דען צו בעזיעגען דאָס לאַנד. די ערָאָבערונג פון כנען איז פאָר־געקומען לאַנגזאַם. פון אָנפאַנג האָבען די אידען פערנומען בלויז איינינע טיילען פון לאַנד, אין אַ סך ערטער האָבען זיי געוואוינט צוזאַמען מיט די אַלטע איינוואוינער. אזוי ווי זייערע שכנים האָבען זיך אויך די אידען געטיילט אויף בעזונדערע קליינע שבטים, וועלכע האָבען זיך פעראייניגט אין אַ פאָלק ערשט אין אַ שפּעטערער צייט.

## פינפטער קאַפּיטעל.

## די צייט פון די שופטים.

(פון 12טען ביז'ן 11טען יאָהרהונדערט פאַר ק. צ.)

§39. היסטאָרישער איבערבליק. ווען די אידען זיינען אריינגעטראָטען אין כנען האָט זיי פעראייניגט איין אַלגעמיינער ציעל — צו איינגעהמען דאָס לאַנד. אַלע שבטים האָבען צוזאַמען

געקעמפפט אונטער דער פיהרערשאפט פון יהושע און האָבען איינגענומען איין שטיק לאנד נאָכ'ן אנדערען. נאָר אָט איז שוין א גרויסער טייל פון לאנד בעזיעגט און צוטיילט צווישען די שבטים, די פאסטוכער־שבטים האָבען זיך צוריקגעצויגען אין זייערע נחלות און די איבעריגע האָבען זיך אויף פערנומען יעדער איינער מיט אויפבויען זיין נחלה. דער פיהרער יהושע איז געשטאָרבען און האָט ניט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין שטעלפערטרעטער, וועלכער זאָל פעראייניגען אלע אידען אונטער זיין הערשאפט. און דאָס פאָלק איז זיך צופאלען אין בעזונדערע טיילען. די נחלה פון יעדען שבט איז געווארען אזוי ווי א בעזונדערע, קליינע מלוכה פאר זיך. מיט דער דאָזיגער צוריסענקייט פון דעם אידישען פאָלק האָבען זיך בענוצט סיי די פעלקער וואָס האָבען געוואוינט ביי די גרעניצען, סיי יענע, וואָס זיינען ניט בעזיעגט געוואָרען אין יהושע'ס צייטען און זיינען געבליבען אין זייערע שטעדט צווישען די אידען. ארם, מואב און עמון האָבען איינס נאָכ'ן אנדערען אונטערדריקט די אידען; זיי פלעגען אָנפאלען דאָס אויף איין שבט, דאָס אויף אן אנדערען, פלעגען זיי אונטעריאָכען און נעהמען פון זיי צינז. אָבער פון צייט צו צייט פלעגט ביי איין שבט אָדער אן אנדערען אויפשטעהן אן עלטסטער, וועלכער פלעגט אויפקלייבען אונטער זיין פיהרערשאפט מחנות פון עטליכע שכנ'ישע שבטים, פלעגט ארויסגעהן מלחמה האלטען מיט די פרעמדע אונטערדריקער און בעפרייען זיין פאָלק פון פרעמדען יאָך. אזעלכע העלדען־פיהרער פלעגען זיך רופען שופטים. דער שופט פלעגט אמאָל רעגירען איבער עטליכע פעראייניגטע שבטים, אָבער קיין איינציגער שופט האָט ניט בעוויזען צו פעראייניגען דאָס גאנצע פאָלק אונטער זיין הערשאפט. נאָכ'ן טויט פון אזא שופט פלעגט זיך ווידער צושיטען דער בונד פון די שבטים וואָס ער האָט פערוואלטעט, און די אָבגעזונדערטע טיילען פון פאָלק פלעגען ווידער אונטערפאלען אונטער'ן יאָך פון פרעמדע, ביז עס פלעגט אויפשטעהן א נייער שופט און בעפרייער.

אזוי האָט זיך געצויגען צוויי הונדערט יאָהר. וועגען דער דאָזיגער צייט ווערט געזאָגט אין דער געשיכטע: „אין יענע טעג איז ניט געווען קיין מלך אין ישראל, און יעדער האָט געטהאָן וואָס

ער האָט געוואָלט". עס איז ניט געווען ביים אידישען פאָלק קיין אחדות, ניט אין מלוכה און ניט אין אמונה. דער גלויבען אין אַן איינציגען גאָט און די מאָראַל פון תורת משה זיינען נאָך ניט אריין טיעף אין הארצען פון פאָלק; אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָבען די געצענדיענערישע שבטים, וואָס האָבען געלעבט אין נאָהנטער שכנות מיט די אידען, געמוזט האָבען אַ שלעכטע ווירקונג אויפ'ן גלויבען און די מדות פון די אידען. נישט קוקענדיג אויף דעם אַלטען פערבאָט פלעגען די אידען זיך אָפט מתחתן זיין מיט די אַנדערע איינוואוינער פון כנען. דאָס דאָזיגע צוזאַמענלעבען מיט די פרעמדע פעלקער האָט געבראַכט דערצו, אַז די אידען פלעגען איבערנעהמען די היידנישע פיהרונגען און מנהגים. זיי האָבען געדיענט ניט נאָר צו זייער גאָט ה' נאָר אויך צו די כנענישע געטער — צו די בעל'ס (בעל מיינט האר, גאָט און בעשיצער פון דער געגענד) פון די פערשיידענע ערטער. פלעגען אויפשטעלען מזבחות אויף די שפיצען פון די בערג און דאָרט ברענגען קרבנות צו די געצען. ביי זיי זיינען אויך געווען היימליכע געצען (תרפים), וועלכע האָבען זיך גערעכענט פאַר די בעשיצער פון דער פאַמיליע. אין דעם משכן אין שלה פלעגט מען ווייניג קומען און עס פלעגען זיך צוזאַמענקלייבען אָהער בלויז געצעהלטע דיענער פון דעם איינציגען גאָט.

דאָס איז געווען די צייט פון דער פריהער יוגענד פון דעם אידישען פאָלק. דאָס יונגע פאָלק איז פערבלענדט געוואָרען פון יענע קינדערשע גלויבענס, וואָס זיינען געוועהנליך ביי אַלע פעלקער ווען זיי זיינען נאָך יונג. נאָר נישט קוקענדיג אויף דער דאָזיגער פערבלענדעניש האָבען די אידען ניט געקענט זיך אינגאַנצען צומישען מיט די אַרומיגע פעלקער. אין דעם זכרון פון פאָלק האָבען נאָך געלעבט עראינערונגען וועגען זייער גלענצענדער פערגאַנגענהייט, וועגען די פרומע און עהרליכע אבות, וועגען דער בעפרייאונג פון דער קנעכטשאַפט פון מצרים און וועגען מעמד הר סיני. די געשיכטען פון די דאָזיגע געשעהענישען פלעגען איבערגעהן פון עלטערען צו קינדער און האָבען אונטערגעהאַלטען דעם גייסט פון פאָלק אין שווערע צייטען. די לויים און כהנים, וואָס האָבען געדיענט אין דעם משכן פון שלה, זיינען געווען די היטער

פון די אַלטע רעליגיעזע טראַדיציעס. די אמונה וואָס זיי האָבען גע'ירש'עט איז ניט פערשוואונדען, נאָר זי איז געלעגען בעהאַל־טען אונטער א צודעק פון געצענדיענסט. די דאָזיגע אמונה האָט זיך נאָך געדראַפט ענטוויקלען אין שפּעטערע צייטען.

§40. די ערשטע שופטים. נאָך יהושע'ס טויט, האָט דאָס אידישע פאָלק, מיעד פון די פיעל־יעהריגע מלחמות, געגאַרט נאָך רוה און פריעדען. אָבער די קריעגערישע פעלקער, וואָס האָבען געלעבט אויף די גרעניצען פון כנען, האָבען ניט געלאָזט די אידען געניסען קיין רוה, ווארום זיי פלעגען מאכען אָפטע אָנפאַלען אויף זייערע לענדערייען. צוערשט האָבען זיך קיין כנען אריינגעריסען די ארמים (סיריער) פון צפון און האָבען אונטערדריקט די אידען אכט יאָהר. דעמאָלט איז אויפגעשטאַנען עתניאל, דער עלטסטער פון שבט יהודה, און בראש פון א קליינער מחנה האָט ער פער־טריבען די אראַמעאישע גארניזאָנען, וואָס זיינען געשטעלט געוואָ־רען אין די אידישע שטעדט. די אידען זיינען דורכדעם שטארק ערמוטיגט געוואָרען און האָבען אָנגעהויבען זיך קלייבען אין גרוי־סע מאסען אונטער דער פאָהן פון דעם העלד פון יהודה. דעמאָלט איז עתניאל אריינגעדרונגען מיט א גרויסען חיל אין סיריען, האָט צושלאָגען די אראַמעער, האָט געטויט זייער קעניג און בעפרייט דאָס אידישע פאָלק פון דעם פרעמדען יאָך. נאָכדעם האָט א טייל פון די אידען אנערקענט עתניאל'ן פאר א שופט, אָדער פיה־רער.

נאָך עתניאל'ס טויט זיינען די אידען וויעדער געבליבען אָהן א פיהרער. דער צאָלרייכער שבט יהודה האָט זיך איינגעשלאָ־סען אין זיין בעשיצטער, בערגיגער נחלה, אין דרום כנען, און האָט זיך אָבגעטיילט פון די איבעריגע שבטים. ווען די ארומיגע פעל־קער האָבען געזעהן אז צווישען די אידען איז ניטאָ קיין אחדות האָבען זיי וויעדער אָנגעהויבען בעאונרוהיגען דאָס אידישע לאַנד. די מואבים זיינען אריבער דעם ירדן, האָבען פערכאַפּט די שטאָדט די בני בנימין געטראָגען דעם יאָך פון די מואבים, און האָבען יריחו און אנדערע טיילען פון שבט בנימין. א לאַנגע צייט האָבען געצאָלט צינז זייער גרויזאמען קעניג עגלון. אָבער ענדליך איז אין בנימין ערשינען א מוטיגער העלד, דער שופט אהוד, וועלכער האָט

בעוויזען פאַלגענדע העלדישקייט. ער איז געקומען צו עגלון, דעם קעניג פון מואב, מיט'ן אויסרייד אַז ער האָט איהם איבערצוגעבען מתנות פון די אידען; און ווען אהוד איז געבליבען אליין מיט'ן קעניג, האָט ער איהם דערשטאָכען מיט'ן שווערד. דערנאָך האָט ער אויפגעקליבען א גרויסען חיל און האָט אויסגע'הרג'עט אלע מואבים פון יריחו און האָט זיי אויך פערטריבען פון די איבעריגע טיילען פון אידישען לאַנד.

§41. דבורה הנביאה. אין דער צייט ווען די קריגערישע שבטים פון דרום (יהודה און בנימין), האָבען זיך פערזיכערט גע־גען די אַנפאַלען פון פרעמדע, האָבען די שבטים פון צפון (נפתלי, זבלון, ישכר, אשר) געמוזט פיהרען א קאַמפף מיט די איינוואוינער פון לאַנד. דער צפון־טייל פון כנען איז ניט בעזיעגט געוואָרען אינגאַנצען פאר יהושע'ן, און א סך כנענים זיינען געבליבען אין זייערע בעפעסטיגטע שטעדט צווישען די אידען. די דאָזיגע קליי־נע פעלקער האָבען געהאסט די אידען, וועלכע האָבען צוגענומען א גרויסען טייל פון זייער לאַנד, און זיי האָבען אויסגענוצט יעדע געלעגענהייט צו נעהמען נקמה פון זייערע בעזיעגער. דער קעניג יבין האָט זיך געשטעלט בראש פון יענע פעלקער און אין א משך פון פיעל יאָהרען האָט ער גרויזאַם געדריקט דעם שבט נפתלי און זבולן. זיין קריעגספיהרער סיסרא, וועלכער האָט געהאט א גרוי־סען חיל און א סך אייזערנע רייטוועגען, האָט געהאַלטען אין דער מורא די גאַנצע אידישע בעפעלקערונג. א סך אידען פון די צפונ־דיגע שבטים זיינען געלאָפען פון דעם שונא'ס דרוק אין דעם לאַנד פון שבט אפרים.

אין יענער צייט האָט אויפ'ן בארג אפרים געלעבט א קלוגע פרוי מיט'ן נאָמען דבורה. זי איז געווען א נביאה, דאָס הייסט א בעגייסטערטער מענש וואָס רעדט אין דעם נאָמען פון גאָט. צו איהר פלעגט מען קומען נאָך עצות און נאָך משפט. זי פלעגט זיצען אונטער א פאַלמע און לערנען און ריכטען דאָס פאָלק. ווען דבורה האָט זיך דערוואוסט דורך די אנטלאָפענע פון צפון וועגען די ליידען, וואָס זייערע ברידער שטעהען־אויס פון סיסרא'ן, האָט זי אָנגעהויבען וועקען דאָס פאָלק צו א פעראייניגטען קאַמפף מיט די אונטערדריקער. דאַן האָט זי גערופען דעם קריעגער ב ר ק

פון שבט נפתלי און האָט איהם געהייסען ער זאָל זיך שטעלען בראש פון דער אידישער מחנה און געהן מלחמה האלטען מיט סיסרא'ן. אָבער ברק האָט איהר געזאָגט: אויב דו וועסט געהן מיט מיר וועל איך געהן." דבורה האָט געענטפערט: „גוט, איך וועל געהן מיט דיר, אָבער דאָס וועט דיין כבוד ניט גרעסער מאַ־כען, ווארום מען וועט זאָגען, אז א פרוי האָט געוואונען דעם זיעג אין דער מלחמה".

האָט ברק צוזאַמענגענומען א חיל פון צעהן טויזענד מאַן פון דעם שבט נפתלי, זבולון און אנדערע, און איז אוועק צום בארג תבור. ווען סיסרא האָט דערהערט אז די אידען האָבען זיך בע־וואפענט האָט ער צוזאַמענגענומען זיין גאַנצען פערד־חיל און האָט זיך געלאָזט צום טייך קישון, נעבען בארג כרמל. דאָ איז פאָרגע־קומען אַן ענטשיידענדע שלאַכט. סיסרא'ס חיל מיט זיינע שווערע קריעגסוועגען האָט זיך ניט געקענט פריי בעוועגען אין דער בער־גיגער געגענד, בשעת ווען דער גרינגער אידישער פוס־חיל האָט איהם דערלאַנגט איין קלאַפּ נאָכ'ן אנדערען. דער סוף איז געווען, אז דער שונא איז אינגאַנצען צושלאָגען געוואָרען. סיסרא איז אַנט־לאָפען צופוס און האָט זיך בעהאַלטען אין געצעלט פון י ע ל, די ווייב פון אַן עלטסטען פון די קעניטען, וועלכע זיינען געווען פריינד־ליך צו די אידען. יעל האָט אויפגענומען סיסרא'ן מיט געמאַכטער פריינדליכקייט, האָט איהם אָנגעטרונקען מיט מילך און איהם גע־ראַטען זיך לעגען אָברוהען. און ווען ער איז איינגעשלאָפען האָט זי גענומען א שאַרפען פּלאָקען פון געצעלט און האָט עס מיט א האַמער ארייַנגעשלאָגען אין קאָפּ דעם שלאָפענדען קריעגער. סיסרא איז געבליבען טויט אויפ'ן אָרט. אויף אַזאַ אופן זיינען די אידישע שבטים פון צפון בעפרייט געוואָרען פון דעם שווערען יאָך. אין תנ"ך איז געבליבען „דאָס ליעד פון דבורה", אין וועלכעי עס ווערט געשילדערט אין העלע בילדער די שטימונג פון פּאָלק איי יענעם בעפרייאונגס־קריעג:

הערט אויס, איהר מלכים! פאַרנעהמט, איהר שרים!
איך זינג צו יהוה, צו גאָט פון ישראל. עס איז קיין פיהרער ניט
געווען אין ישראל, ביז וואַנען איך דבורה בין געקומען, ביז
וואַנען איך בין אויפגעשטאַנען א מוטער אין ישראל. שטעה

אויף, ברק, און פּאַנג דיין פּאַנג, זוהן פון אבינועם. אָט קומען די קריעגער פון אפרים, נאָך זיי פון בנימין, פון זבולן זיינען געקומען פיהרער, פון יששכר — פירשטען אינאיינעם מיט דבורה'ן. נאָר ראובן צעגערט. וואָס זשע הויערסטו, ראובן, צווישען די געמארקען, צו הערען די געשרייען פון די סטאַדעס? ראובן איז זיך צו לאַנג מישב. גלעד ליעגט אין עבר־הירדן, נאָר וואָס זיצט דן אין זיינע שיפען? זבולן איז אַ פאָלק, וואָס איז מקריב זיין לעבען אין שטרייט, נפתלי — אויפ'ן שלאַכטפעלד. פון הימעל האָט מען מלחמה געהאַלטען, די שטערען פון זייערע שטעגען האָבען מיט סיסרא'ן געשטריטען. געבענשט זאָל זיין צווישען פרויען יעל! וואסער האָט ער געבעטען, מילך האָט זי געגעבען. איהר לינקע האַנד האָט זי געשטרעקט צום צוואָק, איהר רעכטע — צום האַמער. דורכ'ן פענסטערל קוקט און שמאַכט די מוטער פון סיסרא: פאַרוואָס זאַמען זיך די רייטער, וואָרום קומען ניט די רייטוועגען? און איהרע האַרינטעס ענטפע־רען איהר: זיי האָבען דאָך פיעל רויב גענומען, צווישען זיך די רויב צוטיילען, די רויב פון פאַרבענרייכע צייגען, געוואַנטען פאַר די פרויען. אזוי זאָלען אונטערגעהן אַלע פיינד דיינע, יהוה, און דיינע פריינד זאָלען שיינען ווי די זון אין איהר מאַכט.

§42. גדעון. נאָך עטליכע צעהנדליג יאָהר פון רוה איז פאַר די אידען וויעדער אָנגעשטאַנען אַ שווערע צייט. די וואַנדערנדע שבטים, וועלכע האָבען געלעבט נעבען די גרענעצען פון כנען, האָ־בען אָנגעהויבען זיך אריינרייסען אין לאַנד און רויבען די איינ־וואוינער. די מדינים פון מזרח און די האַלב־ווילדע עמלקים פון דרום פלעגען „אָנפליהען ווי די היישעריקען" אויף די אידישע נחלאות. זיי פלעגען אריינדרינגען אהין אין צייט פון שניט, פלעגען וואַנדערען איבער'ן לאַנד אויף זייערע קעמלען און אויפ־שלאָגען זייערע געצעלטען אין די ערטער וואו עס האָבען געוואוינט די ערד־ארבייטער. וואו זיי פלעגען קומען פלעגען זיי פערוויסטען די תבואות אויף די פעלדער, פערכאַפּען די פיה און אוועקפיהרען און מאַכען אַ תל פון די פריעדליכע איינוואוינער. די אידען פלעגען מוזען בעהאַלטען זייער פערמעגען אין הייהלען און אין שפּאַלטען פון די בערג. די אידען האָבען אינגאַנצען זייער מוט פערלאָרען.

אין יענער צייט האָט אין עפרה, אַ שטאָדט אין מערב פון מנשה'ס נחלה, געלעבט אַ מאַן מיט'ן נאָמען גדעון, אַ שטילער ערד־אַרבייטער, וועלכער האָט אָבער בעזעסען דעם מוט פון אַ קריעגסמאַן. ווען די מדינים האָבען געהרג'עט זיינע עלטערע ברידער האָט זיך אין גדעונ'ן אָנגעצונדען אַ פערלאַנג צו נעהמען נקמה פון די רויבער און בעפרייען זיין פאָלק. איינמאָל ביי־נאַכט — דערצעהלט דער תנ"ך — ווען גדעון האָט געדראָשען ווייץ אין דער שטיל כדי צו פערבאָרגען עס פון די מדינים, האָט זיך אַ מלאך פון גאָט בעוויזען צו איהם און איהם געזאָגט: „געה און לייז אויס די אידען פון די מדינ'ישע הענד; דיך שיקט גאָט". גדעון האָט דערפיהלט אַ בעגייסטערונג אין זיך אין די ערשטע זאך האָט ער צושטערט דעם מזבח פון בעל, וואָס האָט געהערט צו זיין פאָטער יואש, און אויף זיין אָרט האָט ער אויסגעבויט אַ מזבח צו יהוה. די איינוואוינער פון עפרה, וועלכע האָבען געדיענט צום בעל, האָבען געזאָגט צו גדעונ'ס פאָטער: „הרג'ע דיין זוהן דערפאַר וואָס ער האָט צושטערט דעם מזבח פון אונזער גאָט". נאָר יואש האָט זיי געענטפערט: „דאַרפט איהר זיך איינשטעלען פאַר בעל? ווערט איהר איהם דען העלפען? אויב ער איז גאָט, דאַן זאָל ער זיך אָננעהמען פאַר זיך אַליין און בעשטראָפען יענעם, וואָס האָט צושטערט זיין מזבח".

אין גיכען נאָכדעם האָט גדעון גענומען רופען דאָס פאָלק צו פערטיידיגען דאָס פאטערלאַנד. אויף זיין רוף האָבען אָבגע־ענטפערט טויזענדער קריעגער פון די שבטים מנשה, זבולון, אשר און נפתלי. די מדינ'ישע מחנות זיינען געשטאַנען מיט זייער לאַגער אין טאָל יזרעאל און האָבען פערוויסט דאָס לאַנד. גדעון האָט בעשלאָסען אָנצופאַלען אויף זיי פּלוצלונג. ער האָט געלאָזט אויס־רופען איבער זיין חיל: „ווער עס שרעקט זיך און האָט מורא, יע־נער זאָל געהן אהיים!" ארום גדעונ'ן איז געבליבען אַן אָבגעקלי־בענע מחנה פון דריי הונדערט גבורים. ביינאַכט האָבען די אידי־שע גבורים גענומען טראָמפּייטען, און ברענענדיגע פאַקעלען, וועל־כע זיי האָבען בעהאַלטען אין קרוגען. דאַן האָבען זיי זיך פּלוצ־לונג אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן שלאָפענדען לאַגער פון שונא, האָ־בען אַרויסגעוואָרפען די פאַקעלען און גענומען שאַלען אין די

טראָמפּייטען און שרייען: „אַ שווערד פאר גאָט און פאר גדעון!“ די איבערראשטע מדינים האָבען זיך דערשראָקען פון די קולות פון די טראָמפּייטען און פון די פלאַמען פון די פאַקעלען, און האָבען זיך געלאָזט לויפען. די אידען האָבען זיי נאָכגעיאָגט און זיי צו־קלאַפּט. גדעון האָט צושיקט שלוחים צו אַלע שבטים מיט אַ בע־פעהל צו פאַנגען די אַנטלויפענדע. דער שטאַרקער שבט אפרים האָט זיך אויך אָנגעשלאָסען אן דער מלחמה און האָט גענומען גע־פאַנגען די פיהרער פון די מדינים. גדעון האָט זיך ניט בעגנוגענט מיט פערטרייבען דעם שונא פון דעם אידישען לאַנד, נאָר איז אויך מיט זיין חיל אריבער דעם ירדן און איז אריינגעדרונגען אין מדינ׳ישע לענדער. דאָ האָט ער געפאַנגען די מדינ׳ישע הערשער (זבח און צלמון) און האָט זיי געהייסען טויטען דערפאר וואָס זיי האָבען אמאָל גע׳הרג׳עט זיינע ברידער.

דער דאָזיגער גלענצענדער נצחון האָט בעריהמט געמאַכט גדעונ׳ס נאָמען ביים גאַנצען פאָלק. די אידען האָבען פערשטאַנען, אז זיי וואָלטען געווען שטאַרק, ווען זיי וואָלטען שטענדיג געהאַט אזעלכע פיהרער און רעגיערער ווי גדעון, און די עלטסטע פון די וויכטיגסטע שבטים האָבען אנערקענט גדעונ׳ען פאר זייער שופט. זיי האָבען איהם פאָרגעלעגט ער זאָל זיך קרוינען פאר׳ן אידישען קעניג. נאָר דער עניוות׳דיגער פיהרער האָט געענטפערט: „ניט איך און ניט מיינע קינדער וועלען הערשען איבער אייך; גאָט איז אייער הערשער“.

§43. אבימלך. גדעון איז געשטאָרבען אין טיעפען עלטער, און האָט געלאָזען נאָך זיך אַ סך זיהן פון זיינע פיעל ווייבער. צווישען זיי איז געווען איין זוהן, געבאָרען פון זיינער אַ דיענסט, וועלכע האָט געשטאַמט פון שכם. דער דאָזיגער זוהן, מיט׳ן נאָ־מען אבימלך, איז געוועזן אַ גרויסער רודף אחר כבוד און ער האָט געוואָלט קריגען יענע קעניגליכע הערשאפט, פון וועלכער זיין פאָ־טער האָט זיך אָבגעזאָגט. האָט ער מיט דער הילף פון זיינע אָנ־הענגער גע׳הרג׳עט אַלע זיינע ברידער, אויסער איינעם, דעם איינ־סטען, יותם, וועלכער איז אַנטלאָפען. די איינוואוינער פון שכם האָבען אנערקענט אבימלכ׳ן פאר אַ קעניג. ווען יותם האָט זיך דערפון דערוואוסט איז ער ארויף אויפ׳ן שפּיץ פון בארג גריזים

און פון דאָרטען האָט ער געזאָגט דעם פאָלק א פּראַכטפולען משל, וואו ער האָט פערגליכען די איידעלקייט פון גדעון'ען, וועלכער האָט זיך אָבגעזאָגט פון דעם קעניגליכען נאָמען, מיט דער זשעד־נעקייט פון אבימלכ'ן, וועלכער האָט דערגרייכט צו דיזען נאָמען דורך רציחות און פארברעכען. יותם האָט אזוי געזאָגט:

געגאנגען זיינען אמאָל די בוימער פון וואלד צו זאלבען א קעניג איבער זיך און זיי האָבען געזאָגט צום איילבוים: קום קעניג איבער אונז! און דער איילבוים האָט זיי געענטפערט: צי דען וועל איך אויפהערען געבען מיין בוימאייל און וועל געהן זיך פאר־נעהמען מיט די בוימער? האָבען די בוימער געזאָגט צום פייגענ־בוים: געה דו קעניג איבער אונז. און געענטפערט האָט דער פיי־גענבוים: צי דען וועל איך אויפהערען געבען מיין זיסקייט און מיין געשמאקע זאפט, און וועל געהן זיך פארנעהמען מיט די בוי־מער? האָבען די בוימער געזאגט צום וויינשטאָק: געה דו קעניג איבער אונז! און דער וויינשטאָק האָט זיי געענטפערט: צי וועל איך אויפהערען געבען מיין זאפט, וואָס דערפרעהט גאָט און לייט און געהן זיך פארנעהמען מיט די בוימער? האָבען זיך די בוימער געוועגדט צום דאָרן: קעניג דו איבער אונז! און דער דאָרן האָט געזאָגט צו די בוימער: אויב איהר מיינט באמת מיך צו זאלבען פאר א קעניג איבער אייך, דאן קומט און שיצט זיך אין מיין שאָטען; און אויב ניט, וועט ארויס א פייער פון דעם דאָרן און וועט פערצעהרען די צעדער פון לבנון".

נאָר ניט לאנג האָט דער גרויזאמער אבימלך געקעניגט. אין דריי יאָהר ארום זיינען די איינוואוינער פון שכם געוואָרען אונ־צופרידען פון זיין שלעכטער ממשלה און האָבען מורד געווען און איהם פערטריבען פון שטאָדט. און עס האָט זיך אָנגעהויבען א בלוטיגער ברודער־קריעג. אבימלך האָט געהאט א שלאכט מיט די מורדים נעבען שכם און האָט זיי מנצח געווען. ער איז אריין אין זיין אייגענער שטאָדט שכם אזוי ווי אין אן איינגענומענער שטאָדט, האָט זי חרב געמאכט און אויסגע'הרג'עט די איינוואוי־נער. ארום טויזענד מענער און פרויען האָבען זיך בעפעסטיגט אין דעם שטאָדטישען טהורם. האָט אבימלך אונטערגעצונדען דעם טהורם, און אלע מענשען וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען זיינען

אומגעקומען אין פייער. דערנאָך האָבען אבימלכ׳ס מחנות בעלאַ־גערט די שטאָדט תבץ, וואו די איינוואוינער האָבען אויך געמאַכט אַן אויפשטאַנד און זיך אויך בעפעסטיגט אין א טהורם. דאָ האָט א פרוי אַרונטערגעוואָרפען פון שפּיץ א שטיק מיהלשטיין אבימלכ׳ן אין קאָפּ און האָט איהם צושפּאָלטען דעם שאַרבען. אבימלך האָט צוגערופען זיין וואפען־טרעגער און האָט איהם געזאָגט: ענטבלויז דיין שווערד און טויט מיך, כדי מען זאָל ניט זאָגען, אז א פרוי האָט מיך געטויט. דער וואפענטרעגער האָט ערפילט זיין בעפעהל און אבימלך איז געשטאָרבען. אזוי האָט זיך געענדיגט דער ערשטער ניט געלונגענער פּרוב איינצופיהרען א קעניגליכע הערשאַפט צווי־שען די פרייע אידישע שבטים, וואָס זיינען ניט געוואוינט געווען צו א זעלבסטהערשאַפט. *)

§44. יפתח. די פּאַסטוכער־שבטים, וועלכע האָבען גע־לעבט אויפ׳ן מזרח זייט פון ירדן האָבען געהאַט שטענדיגע צוזאַ־מענשטויסען מיט דעם שכנ׳ישען פּאָלק עמון. דאָס ראַזיגע פּאָלק, וואָס אמאָל האָט עס בעהערשט גאַנץ גלעד, האָט געקוקט אויף די אידען ווי אויף פרעמדע זיעגער, און האָט געזוכט אָבצונעהמען צו־ריק די לענדערייען, וואָס די אידען האָבען פערנומען נאָך אין דער צייט פון דעם אמורי׳שען קעניג סיחון. עס איז געקומען א צייט ווען די עמונים זיינען געוואָרען אזוי שטאַרק, אז זיי האָבען ניט נאָר אונטערדריקט די אידען פון גלעד, נאָר זיי האָבען אפילו געוואָגט אַריבערגעהן דעם ירדן און בעפאַלען די שבטים פון אינוועניגסטען כנען. דעמאָלט האָבען זיך די עלטסטע פון גלעד פערזאַמעלט און בעשלאָסען צו האַלטען מלחמה מיט די אונטערדריקער. פאַר זייער הויפּטמאַן האָבען זיי אויסגעקליבען דעם העלדישען יפתח.

יפתח איז געווען דער שטיפזוהן פון אַן איינוואוינער פון גלעד. זיינע שטיפברידער האָבען איהם פאַרטריבען פון זיין פאָטער׳ס הויז און האָבען איהם בערויבט פון זיין ירושה. דער בעליידיגטער יפתח איז געוואָרען אויפגעבראַכט און איז אַנטלאָפען אין די דערביי־

*) דער נאָמען „אבימלך" האָט נאָך אַן אַנדער בעדייטונג. עס מיינט „דער פאָטער פון קעניג", ד. ה. דער גרינדער פון דער קעניגליכער הער־שאַפט.

איגע סטעפּעס און איז געוואָרען דער פיהרער פון א באנדע גזלנים. ווען די עמונים האָבען אָנגעהויבען שטארק דריקען די אידען זיינען די עלטסטע פון גלעד אוועק צו יפתח'ן און איהם געזאָגט: „קום און זיי ביי אונז א פיהרער אין דער מלחמה מיט די עמונים". און יפתח האָט זיי געענטפערט: „האָט איהר דען ניט דערלאָזט, אז מען זאָל מיך ארויסטרייבען פון מיין פאָטער'ס הויז? וואָרום זשע זייט איהר געקומען צו מיר איצט ווען איהר זייט אין א צרה?" פונדעסטוועגען ווען די עלטסטע זיינען צו איהם שטארק צוגעשטא־נען האָט ער נאָכגעגעבען און האָט אָנגענומען די פיהרערשאפט אי־בער דעם אידישען חיל. קודם־כל האָט ער געשיקט שלוחים צום קעניג פון עמון און געפאָדערט אז ער זאָל צוריקציהען זיינע מחנות פון גלעד. אָבער דער קעניג פון עמון האָט זיך ענטזאגט צו ערפילען יפתח'ס פאָדערונג און האָט געזאָגט, אז די דאָזיגע לענדער האָבען געהערט צו די עמונים נאָך איידער זיי זיינען פערנומען געוואָרען פון די אידען, וואָס זיינען ארויס פון מצרים. דעמאָלט איז יפתח ארויס מלחמה האלטען. מיט זיינע העלדישע מחנות איז ער בע־פאלען די עמונים און האָט אָבגעהאלטען א גרויסען נצחון איבער זיי. די עמונים זיינען פערטריבען געוואָרען פון גלעד און זיי האָבען מעהר ניט געהאט דעם מוט צו בעאונרוהיגען די אידען. דער זיעג־רייכער יפתח איז מיט טריאומף אריינגעטראָטען אין זיין געבורטס־שטאָדט מצפה־גלעד און איז אנערקענט געוואָרען אלס פיהרער אָדער שופט פון זיינע לאנדסלייט.

מיט דעם דאָזיגען נצחון איז אין זכרון פון פאָלק פערבונדען געווען א שרעקליכע און אין דער זעלבער צייט טראגישע לעגענדע. דער תנ"ך דערצעהלט, אז איידער יפתח איז בעפאלען דעם שונא, האָט ער א נדר געטהאָן צו גאָט, אז אויב גאָט וועט איבערענטפערען דעם שונא אין זיינע הענד וועט ער, צוריקגעהענדיג אהיים, ברענ־גען צו איהם פאר א קרבן די ערשטע זאך וואָס וועט איהם ארויס־געהן אנטקעגען פון זיין הויז. אָבער ווען יפתח האָט זיך נאָך דער געוואונענער מלחמה אומגעקעהרט אהיים, איז די ערשטע צו קומען איהם אנטקעגען געווען זיין איינציגע טאָכטער. א שעהנע יונגע מיידעל, וועלכע איז פרעהליך ארויס מיט א פויק אין די הענד מקבל פנים זיין איהר זיעגרייכען פאָטער. ווען יפתח האָט זי דערזעהן

האָט ער אין פערצווייפלונג אויסגעשריען: „אָה, טאָכטער מיינע, דו האָסט מיך פערדאָרבען! איך האָב אַ נדר געטהאָן צו גאָט אַז איך וועל איהם ברענגען פאַר אַ קרבן די ערשטע זאַך וואָס וועט אַרויס־געהן פון מיין הויז מיר אַנטקעגען, און איך קען ניט עובר זיין אויף מיין וואָרט!“ און די מיידעל האָט געענטפערט: „פאָטער, אויב דו האָסט געגעבען אַ נדר צו גאָט, דאַן טהו מיט מיר ווי דו האָסט צו־געזאָגט. נאָכדעם ווי גאָט האָט דורך דיר נקמה גענומען פון זיינע פיינד, די עמונים. נאָר איין בקשה האָב איך צו דיר: לאָז מיך אָב אויף צוויי חדשים, איך וועל אַרויפגעהן אויף די בערג און דאָרט וועל איך צוזאַמען מיט מיינע חבר׳טעס בעקלאָגען מיין מיידעלשען לעבען“. יפתח האָט געטהאָן איהר פערלאַנג און זיין טאָכטער האָט אין פערלויף פון צוויי מאָנאַטען געלעבט אין די בערג און דאָרט זיך געזעגענט מיט איהר יונג לעבען. דערנאָך האָט זי זיך אומגעקעהרט צו איהר פאָטער און ער האָט מקיים געוועזן דעם נדר וואָס ער האָט געגעבען. פון דעמאָלט אָן איז געוואָרען אַ מנהג, אַז די יונגע אי־דישע מיידלעך פלעגען יעדען יאָהר געהן אין די בערג אויף פיער טעג צו בעקלאָגען יפתח׳ס טאָכטער.

§45. שמשון הגבור. נאָכדעם האָט אַ נייער שרעקליכער פיינד אָנגעהויבען דריקען די אידען. דאָס זיינען געוועזען די פלשתים, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אויפ׳ן דרום־מערב גרעניץ פון כנען אין די שטעדט עזה, אשקלון און אַנדערע, וואָס זיינען געלעגען נאָהנט צום ים. דער שבט דן, וואָס האָט געלעבט אין שכנות מיט די פלשתים, האָט אַ סך געליטען פון די אָנפאַלען פון דעם דאָזיגען קריעגערישען פאָלק, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין כח מיט איהם מלחמה צו האַלטען. עס זיינען נאָר געבליבען די לעגענדען פון איין אידישען גבור, וועלכער האָט זיך איינער אַליין נוקם געוועזען אָן די שונאים פאַר זיין אונטערדריקטען פאָלק. דאָס איז געוועזען שמשון פון שבט דן. זיינע פרומע עלטערען האָבען איהם אין דער קינדהייט געהיי־ליגט פאַר אַ נזיר צו גאָט, און אַלס צייכען דערפון האָט ער זיך ניט געשאָרען די האָר. נאָך אין זיינע קינדערשע יאָהרען האָט ער אַרויס־געוויזען אַן אויסערגעוועהנליכע קראַפט. שמשון האָט זיך אויסגע־קליבען אַ כלה פון צווישען די פלשתים. און איז איינמאָל געגאַנגען אין דער שטאָדט וואו זי האָט געוואוינט. אויפ׳ן וועג האָט איהם

בֿעגעגענט א יונגער לייב, וועלכער האָט זיך געוואָלט ארויפוואַרפען אויף איהם, נאָר שמשון האָט א כאַפּ געטהאָן דעם לייב און איהם צוריסען מיט די הענט ווי א ציגעלע. אין גיכען האָט ער זיין גרויסען כח געלאָזט דערפיהלען די שונאים פון זיין פאָלק. אין אשקלון האָט שמשון איינמאָל געכאַפּט דריי הונדערט פוקסען, האָט צוגעבונדען ברענענדיגע פאַקעלען צו זייערע וויידלען, און האָט אָבגעלאָזען די פוקסען אויף די פּלשתי׳שע פעלדער אין דער צייט פון שניט. די גאַנצע תבואה אויף די פעלדער איז פערברענט געוואָרען. שמשון האָט זיך בעהאַלטען אין די בערג. די צורייצטע פלשתים זיינען בעפאַלען דעם שכני׳שען שבט יהודה און געפאָדערט מען זאָל זיי ארויסגעבען שמשון׳ען. די בני יהודה האָבען זיך דערשראָקען און געזאָגט צו שמשון׳ען: „וואָס האָסטו אונז געטהאָן? ווייסטו דען ניט, אז די פלשתים הערשען איבער אונז? מיר ווילען דיך בינדען און איבערגעבען אין זייערע הענד“. און מען האָט שמשון׳ען געבונדען די הענד מיט שטאַרקע שטריק און ארויסגעפיהרט פון דעם פעלזען־שפּאַלט, וואו ער האָט זיך אויפגעהאַלטען. נאָר ווען די פלשתים זיינען צוגעגאַנגען איהם נעהמען האָט ער אָנגעשטרענגט זיינע כחות, האָט צוריסען די שטריק און איז אַנטלאָפען. ניט האָבענדיג ביי זיך קיין געוועהר, האָט ער אויפ׳ן וועג אויפגעהויבען א קינבאַק פון א טויטען עזעל און דערמיט דערשלאָגען יעדען פלשתי וואָס ער האָט בעגעגענט. אין קורצען נאָך דעם האָט שמשון גענעכטיגט אין דער פלשתי׳שער שטאָדט עזה. ווען די איינוואוינער פון שטאָדט זיינען דערפון געוואָהר געוואָרען, האָבען זיי פערשפּאַרט די טויערען פון שטאָדט, און בעשלאָסען אויף מאָרגען אין דערפריה פאַנגען דעם גבור. נאָר שמשון האָט זיך אויפגעכאַפּט אין מיטען נאַכט, און דער־זעהענדיג אז אַלע וועגען זיינען פערשפּאַרט, האָט ער אויסגעריסען די טויערען צוזאַמען מיט די זיילען און שלעסער און האָט זיי אויף די פּלייצעס אַוועקגעטראָגען אויפ׳ן שפּיץ באַרג.

שמשון׳ס גבורות האָבען איהם בעריהמט געמאַכט צווישען אַלע אידען. איינינע שבטים האָבען איהם אויסגעקליבען פאַר זייער שופט. אָבער די פלשתים האָבען געזוכט א געלעגענהייט איהם אומ־צובריענגען. זיי האָבען זיך דערוואוסט, אז שמשון האָט ליעב א פלשתי׳שע פרוי מיט׳ן נאָמען דלילה. זיינען די פלשתי׳שע הארען

געקומען צו דער ראָזינער פרוי און איהר געזאָגט: „דערגעה ביי שמשון׳ען אין וואָס בעשטעהט דער גרויסער כח זיינער און מיט וואָס מען קען איהם בייקומען, און מיר וועלען דיר דערפאַר געבען צו טויזענד און הונדערט זילבערנע שקלים. דלילה איז צוגעשטאַנען צו שמשון׳ען ער זאָל איהר ענטדעקען דעם סוד פון זיין קראַפט. נאָך פיעל בקשות האָט איהר שמשון דערצעהלט, אַז פון קליינווייז אויף האָט ער ניט געשאָרען זיינע האָר, און ווען מען זאָל אָבשערען זיינע לאַנגע האָר וועט ער פאַרלירען זיין קראַפט. דלילה האָט דאָס איבערגעגעבען צו די פלשתי׳שע פירשטען און אליין האָט זי פאַרשלעפערט שמשון׳ען און איהם אָבגעשאָרען זיינע לאַנגע האָר. דאַן האָט שמשון׳ס העלדישע קראַפט איהם פאַרלאָזען. די פלשתים האָבען געכאַפט שמשון׳ען, האָבען איהם אויסגעשטאָכען די אויגען און אַ געשמידטען אין קייטען האָבען זיי איהם אַריינגעזעצט אין תפיסה אין דער שטאָדט עזה, וואו זיי האָבען איהם געצוואונגען צו מאָהלען תבואה אויף מיהלשטיינער.

לאַנג איז דער אידישער העלד געזעסען אין געפענגנים. נאָר מיט דער צייט זיינען איהם די האָר אָבגעוואַקסען און זיין קראַפט האָט זיך אָנגעפאַנגען אומצוקעהרען צו איהם. איינמאָל האָבען די פלשתי׳שע הארען געמאַכט אַ גרויסען יום־טוב אין דעם טעמפעל פון זייער שטאַם־גאָט דגון. זיי האָבען געהייסען ברענגען דעם בלינדען שמשון׳ען ער זאָל משמח זיין זיי און דעם פערזאַמעלטען פאָלק. מען האָט שמשון׳ען געבראַכט אין דגון׳ס טעמפעל, וועלכער איז געוועז אָנגעפילט מיט מענשען. פיהלענדיג ווי דער המון מאַכט זיך לוסטיג איבער איהם האָט דער בלינדער שטיל געבעטען צו גאָט: „דערמאָן זיך, גאָט, אָן מיר און גיב מיר קראַפט כאָטש דעם לעצטען מאָל, איך זאָל זיך קענען נוקם זיין אין מיינע שונאים!" און די גאַנצע פריהערדיגע קראַפט האָט זיך אומגעקעהרט צום אידישען גבור. ער האָט זיך איינגעשפאַרט מיט זיינע מעכטיגע הענד אין די צוויי מיטעלסטע זיילען וואָס האָבען אונטערגעהאַלטען דעם דאַך פון טעמפעל און האָט אויסגעשריען: „תמות נפשי עם פלשתים! לאָמיר שטאַרבען צוזאַמען מיט די פלשתים!" די זיילען האָבען זיך אַ וויעג געטהאָן און דער גאַנצער בנין איז איינגעפאַלען, דערדריקענדיג אויף טויט טויזענדער פלשתים און אויך שמשון׳ען אליין.

זיין קערפער האבען צוגענומען זיינע פריינד און איהם בעגראבען אין די קברים פון זיין פאמיליע אין דעם לאנד פון שבט דן.

§46. דער לעבענספיהר און די זיטען פון די אידען אין דער צייט פון די שופטים האט זיך ווינציג אונטערשיידט פון די זיטען און מנהגים פון די איבעריגע כנענ'ישע פעלקער. א טייל פון אידישען פאלק האט זיך פארנומען מיט ערד־ארבייט, און א טייל מיט פיהצוכט. מלאכות און האנדעל זיינען נאך ניט געווען פאר־שפרייט. איבעראל זיינען די אידען געקומען אין בעריהרונג מיט אנ־דערע פעלקער, וועלכע האבען געוואוינט סיי אין כנען גופא, סיי אויף די גרעניצען, און זיי האבען איבערגענומען זייערע געוועהנ־הייטען און אפילו זייערע פארמען פון גאטעסדיענסט. דער פראס־טער המון פון אידישען פאלק האט זיך ניט געקענט צוגעוועהנען צו דיענען א גאט וואס מען זעהט ניט און האט זיך אפט געבוקט צו בילדער, וועלכע זיינען געמאכט געווארען כלומרשט פארצושטע־לען דעם אידישען גאט. אפילו דער שופט גדעון, וועלכער האט צו־שטערט דעם מזבח פון בעל, האט אויסגעגאסען פון גאלד א גע־שטאלט פון יהוה (אפור), האט איהם אנידערגעשטעלט ביי זיך אין הויז, און דאס פאלק פלעגט געהן זיך בוקען צו דעם דאזיגען געץ.

עס פלעגט פאסירען, אז אפילו די לויים, די דיענער פון דעם אידישען גאט, פלעגען דיענען פאר די געצען. איינער פון דעם שבט אפרים, מיכה, האט אויסגעבויט פאר זיך א טעמפעל, וואו ער האט אוועקגעשטעלט א גרויסען זילבערנעם געץ און קליינע הויזליכע געצקעס (תרפים) און ער האט דא געשטעלט א יונגען לוי צו דיע־נען ארום די אבגעטער. די לייכטגלויביגע מענשען פלעגען געהן אהין, און דער פאלשער כהן פלעגט זיי פאראויסזאגען זייער מזל אין דעם נאמען פון דעם געץ (אראקעל). אין יענער צייט איז א טייל פון דעם שבט דן, וואס איז געווען אונטערדריקט פון די פלשתים, געגאנגען זוכען ניי לאנד זיך צו בעזעצען. די בני דן הא־בען געשיקט פאראויס מרגלים אויסצוקוקען א געוויסע געגענד אין צפון. אויפ'ן וועג זיינען די מרגלים פארגאנגען אין מיכה'ס טעמפעל צו פרעגען אויב זייער שליחות וועט מצליח זיין. דער אראקעל האט זיי פאראויסגעזאגט אז זיי וועלען מצליח זיין. און אזוי איז גראד געשעהן: די בני דן האבען איינגענומען די שטאדט ליש, נעבען דעם

צפון גרעניץ פון פעניציען. דעמאָלט זיינען די בני דן געקומען און האָבען אוועקגערויבט מיכה'ס געץ און איהם אוועקגעפיהרט אלס היילינגטום, צוזאַמען מיט דעם כהן, אין זייער נייער נחלה, וואו זיי האָבען אויסגעבויט פאַר איהם א בעזונדער טעמפעל. אזעלכע גע־צען־טעמפּלען האָבען זיך געפונען אויך ביי עטליכע אנדערע אי־דישע שבטים. דעם משכן אין שלה פלעגען בעזוכען בלויז וועניגע געטרייע דיענער פון אידישען גאָט. מחמת דעם איז קיין אחדות ניט געווען אין פאָלק. דער צוזאַמענבונד צווישען די שבטים איז אָבגע־שוואַכט געוואָרען און ניט זעלטען פלעגען אפילו פאָרקומען צווי־שען זיי אומגליקליכע מחלוקות.

איינמאָל איז צווישען זיי פאָרגעקומען אזא שרעקליכער ברו־דער־קריעג דורך וועלכען עס איז שיער ניט אומגעקומען א גאַנצער אידישער שבט, דער שבט בנימין. אין דער שטאָדט גבעה האָט זיך אָבגעשטעלט אויף נאַכטלעגער א דורכרייזענדער לוי מיט זיין פרוי. איניגע פון די דאָרטיגע איינוואוינער, אויסגעלאַסענע מענשען, האָ־בען ארומגערינגעלט דאָס הויז, וואו דער לוי האָט זיך אָבגעשטעלט, האָבען מיט גוואַלד אוועקגעפיהרט זיין פרוי און זי שענדליך בע־האַנדעלט. אויף מאָרגען האָט דער לוי געפונען זיין פרוי א טויטע נעבען דער טיהר פון זיין הויז. האָט ער גענומען א מעסער און צו־שניטען דעם קערפּער אויף צוועלף שטיק, און צושיקט איבער די שטעדט פון די צוועלף אידישע שבטים, כדי אלע זאָלען וויסען וואָס פאַר א רציחה די איינוואוינער פון גבעה האָבען אָבגעטהאָן. די אי־דען זיינען אריין אין גרויס צאָרן און האָבען בעשלאָסען צו בעשטראָ־פען די שולדיגע. מחנות פון אלע שבטים, בעזונדערס פון אפרים, זיינען אריינגעטראָטען אין דער נחלה פון שבט בנימין און האָבען געפאָדערט מען זאָל זיי ארויסגעבען די רוצחים פון גבעה, כדי זיי צו בעשטראָפען. אָבער די בני בנימין האָבען דערויף ניט מסכים געווען. דעמאָלט האָבען די אידען זיך געגעבען א שבועה ניט צו געבען זייערע טעכטער פאַר וויבער צו די זיהן פון שבט בנימין און אויף אזא אופן נעהמען נקמה פאַר דעם פערגאָסענעם בלוט. און עס האָט אויסגעבראָכען א שוידערליכער ברודער־קריעג. זייענדיג גע־שיקטע שיסער האָבען פון אָנפאַנג די בני בנימין מנצח געווען, נאָר סוף כל סוף האָבען זיי ניט געקענט ביישטעהן דעם צאָלרייכען

פעראייניגטען חיל פון די אידען. טויזענדער מענשען פון שבט בנימין זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרען און זייערע שטעדט זיינען פערניכטעט געוואָרען דורך פייער.

נאָך דער מלחמה האָבען זיך די אידען פערזאַמעלט אין בית־אל. און עס האָט זיי אָנגעהויבען באַנג טהאָן וואָס אַזוי פיעל פון זייערע ברידער פון שבט בנימין זיינען אומגעבראַכט געוואָרען. „צי דען — האָבען זיי געזאַגט — זאָל געמינערט ווערען אַ גאַנצער שבט פון ישראל?“ און זיי האָבען גענומען טראַכטען מיטלען ווי אַזוי צוריק אויפריכטען די לעבענגעבליבענע פון שבט בנימין. אַ סך יונגע לייט פון בנימין האָבען ניט געקענט חתונה האָבען, מחמת אַ גרויסע צאָל מיידלעך פון דעם אומגליקליכען שבט זיינען אומגעקומען אין דער מלחמה, און די איבעריגע אידען האָבען ניט גע־קענט ברעכען זייער שבועה וואָס זיי האָבען געשוואָרען ניט אויס־צוגעבען זייערע טעכטער פאַר די זיהן פון דעם פערזינדיגטען שבט. דעמאָלט האָבען די עלטסטע פון פאָלק געזאָגט צו די בחורים פון שבט בנימין: „יעדען יאָהר קומט פאַר אַ יום־טוב אין שלה; געהט אהין, באהאלט זיך אין די וויינגערטנער, און ווען איהר וועט דער־זעהן ווי די שטאָדטישע מיידלעך געהען אַרויס טאַנצען אין קאַראַ־האָד זאָלט איהר אַרויסלויפען פון אייערע בעהעלטענישען און יע־דער איינער פון אייך זאָל זיך כאַפּען איינע פון זיי, און געהן אין זיין לאַנד“. די בני בנימין האָבען אַזוי געטהאָן. זיי האָבען געפאַנ־גען מיידלעך אין שלה און האָבען מיט זיי חתונה געהאַט און האָ־בען זיך ווידער בעזעצט אין פאַמיליעס אין זייער נחלה. עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז אי דער שבט בנימין איז גאַנץ געבליבען, אי די אידען האָבען געהאַלטען זייער שבועה, וואָרום דאָס פאָלק האָט ניט געגעבען זיינע טעכטער, נאָר די בני בנימין האָבען זיי אַליין גענומען.

§47. עלי הכהן. די בעסערע מענשען פון אידישען פאָלק האָבען געשטרעבט צו פערשטאַרקען אין איהם דעם ריינעם גלויבען און גוטע מדות און איהם פאַרהיטען פון אויסמישען זיך מיט די געצענדיענער. איינער פון די איז געווען עלי, פון דער משפחה פון די כהנים, וועלכער איז געווען כהן גדול אין דעם משכן אין שלה. אין פערלויף פון פערציג יאָהר האָט ער פערוואַלטעט די אידען פון

מיטעלען כנען, צווישען וועלכע דער שבט אפרים האָט פערנומען דעם ערשטען אָרט. זייענדיג דער עלטסטער פון דעם משכן אין שלה האָט עלי געהאט די מעגליכקייט צו ווירקען אויף די מתפללים, וואָס פלעגען קומען אהין פון פערשיידענע ערטער. ער האָט אין זיי גע־וועקט דעם גלויבען אין אַן איינציגען גאָט און אַ פעראכטונג צום געצענדיענסט, און אָפטמאָל פלעגט ער זיי אויפמונטערען און בענ־שען צום קאַמפּף מיט די פרעמדע אונטערדריקער, איבערהויפּט די פלשתים. אַ לאַנגע צייט האָט זיך דער דאָזיגער קאַמפּף געפיהרט מיט ערפאָלג פאַר די אידען און די פלשתים האָבען ניט געקענט אָב־נעהמען קיין נייע לענדער ביי זיי. נאָר ווען עלי איז געוואָרען אלט און שוואַך און האָט געדאַרפט איבערגעבען די פיהרערשאַפט אין די הענד פון זיינע זיהן האָט די לאַגע אַנגעהויבען ווערען ערגער. די זיהן פון דעם אלטען כהן, חפני און פנחס, האָבען ניט געהאט די מעלות פון זייער פאָטער. זיי האָבען ניט געטהאָן זייער פליכט אַלס כהנים צום פאָלק, זיי האָבען נאָר געזוכט צו נעהמען וואָס מעהר מתנות פון די מתפללים, האָבען זיך אריינגעלאָזט אין פערגעניגענס און מיט זייער לעבען האָבען זיי געגעבען אַ שלעכטען ביישפּיעל צום פּראָסטען פאָלק.

אין יענער צייט האָט זיך אויף די אידען אַנגערוקט אַ גרויס אומגליק. די פלשתים האָבען אַלץ מעהר און מעהר גענומען אָנפאַ־לען אויף די לענדער פון אפרים. די פעראייניגטע חילות פון עט־ליכע אידישע שבטים זיינען ארויסגעטראָטען געגען דעם שונא, וואָס זיין הויפּט־לאַגער האָט זיך געפונען אין אפקה. די עלטסטע פון פאָלק האָבען געראטען צו נעהמען דעם ארון־קדש פון דעם משכן אין שלה און טראָגען איהם פאָראויס פון די אידישע קריעגער, כדי צו אונטערגעבען זיי מוט. ווען מען האָט געבראַכט דעם ארון אין דעם אידישען לאַגער האָבען זיך די פלשתים דערשראָקען: זיי האָבען מורא געהאַט, אז דאָס היילינטום פון אידישען גאָט וועט ברענגען אויף זיי אַ מפּלה. זיי האָבען דעריבער צונויפגענומען אַלע זייערע כחות און געקעמפּפט מיט גרויס פערצווייפלונג. און דאָס אידישע חיל איז געשלאָגען געוואָרען פאַר'ן שונא און האָט פערלאָרען אויפ'ן שלאַכטפעלד דרייסיג טויזענד מאַן. צווישען די גע'הרג'עטע זיינען אויך געוועזען עלי'ס צוויי זיהן, חפני און פנחס. איבערהויפּט האָט

געמאכט זעהר א שווערען איינדרוק אויפ'ן פאָלק דאָס וואָס די פלשתים האָבען גענומען געפאנגען דעם הייליגען ארון. איין אידי־שער קריעגער איז געקומען צולויפען פון שלאכטפעלד קיין שלה; זיינע קליידער זיינען געווען אויף איהם צוריסען און ער איז געווען איינגאנצען בעדעקט מיט שטויב. עלי הכהן איז געזעסען ביי די טויערען פון שטאָדט און האָט מיט אונגעדולד געוואַרט אויף ידיעות פון דעם שלאכטפעלד. דער קריעגער איז שנעל צוגעלאָפען צו איהם און געזאָגט: „די אידען זיינען אנטלאָפען, און א גרויסע אויסשלאכ־טונג איז געווען אין פאָלק, און דיינע צוויי זיהן זיינען געשטאָרבען, און דער הייליגער ארון פון גאָט איז גענומען געוואָרען געפאנגען". געטראָפען פון דער שרעקליכער נאכריכט איז דער זקן ארונטערגע־פאלען פון שטוהל און האָט זיך צובראָכען דעם גניק און איז אויפ'ן אָרט געשטאָרבען.

דערווייל האָבען די פלשתים, זייענדיג ערמוטיגט פון זייער נצחון, זיך גענומען רוקען טיעפער אין לאנד אריין און האָבען זיך ארייגעריסען אין דער הייליגער שטאָדט שלה. זיי האָבען צושטערט די שטאָדט און איהר הייליגען משכן, וואָס האָט עקזיסטירט נאָך פון יהושע'ס צייטען. פון דעמאָלט אָן האָט די אפרים'שע שטאָדט שלה אויפגעהערט צו זיין דער רעליגיעזער צענטער פון אידישען פאָלק און דער שבט אפרים האָט פערלאָרען זיין פריהעריגע אויבער־שאפט צווישען די אידישע שבטים. די לאגע פון די אידען איז גע־ווען זעהר א שווערע. די פלשתים האָבען זיי גערריקט, האָבען אוועק־געשטעלט גארניזאָנען אין זייערע שטעדט און ניט ערלויבט די איינ־וואוינער צו האָבען ביי זיך כלי־זין. אין דער דאָזיגער טרויעריגער צייט, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט אויסגעזעהן אינגאנצען הילפ־לאָז, איז אויפגעשטאנען א בעגייסטערטער מענש, וועלכער האָט אויפגעמונטערט זיינע דערשלאָגענע ברידער און זיי געוועקט צום העלדישען קאמפף צו בעפרייען דאָס פאָטערלאנד.

§48. שמואל. נאָך אין יענע טעג ווען עלי האָט זיך גע־פונען ביים משכן אין שלה, איז איינמאָל אהין געקומען א יונגע פרוי און האָט זיך געשטעלט אין א ווינקעלע און האָט שטיל און היים מתפלל געווען צו גאָט. די דאָזיגע פרוי האָט געהייסען חנה און געווען איז זי די ווייב פון א לוי מיט'ן נאָמען אלקנה פון

דער שטאָדט רמה. חנה איז געווען אַן עקרה און איהר געבעט איז געווען אַז גאָט זאָל איהר שענקען אַ זוהן; און זי האָט אַ נדר געטהאָן צו אָבגעבען איהר צוקונפטיגען זוהן אין משכן ער זאָל דאָרט זיין גאַנץ לעבען דיענען פאַר גאָט. אין גיכען האָט חנה געבאָרען אַ זוהן און זי האָט איהם אַ נאָמען געגעבען שמואל. ווען דאָס קינד איז אַנטוועהנט געוואָרען האָט איהם די מוטער אוועקגעפיהרט אין דעם משכן אין שלה און האָט איהם אָבגעגעבען אונטער דער השגחה פון עלי הכהן. זיינע יונגע יאָהרען האָט שמואל פערבראַכט אין שלה און האָט געדיענט אין דעם משכן און געטהאָן אַלע ארבייטען וואָס די לויים. נאָר מיט זיינע גייסטיגע מעלות איז ער געשטאַנען פיעל העכער פון זיינע חברים. ער האָט גוט געקענט אַלע הייליגע זאַגען פון פאָלק און משה'ס תורה, און האָט געטרויערט וועגען דעם, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל דורכגענומען ווערען מיט דער דאָזיגער הויכער לעהרע. און שמואל'ן האָט זיך געדוכט אַז ער איז עס טאַקע בערופען געוואָרען ארויפצופיהרען זיינע בלאָנדזשענדיגע פאָלקסברידער אויפ'ן וועג פון אמת'ן גלויבען. ער האָט געפיהלט אין זיך דעם גייסט פון אַ נביא. ניט איינמאָל האָט זיך איהם אין דער שטילקייט פון דער נאַכט געדוכט, אַז ער זעהט וואונדערליכע זעהונגען; פון די אינוועניגסטע חדרים פון דעם משכן האָט זיך צו איהם דערטראָגען די שטימע פון גאָט, וואָס האָט איהם אָנגעזאָגט אַז עס דאַרפען קומען שווערע ליידען אויפ'ן פאָלק. און שמואל האָט נאָך מיט זיינע אויגען געזעהן די דאָזיגע ליידען פון זיין פאָלק. ער האָט געזעהן די מפלה פון די אידען אין דער מלחמה מיט די פלשתים ביי אפקה, ער האָט געזעהן ווי דער ארון איז געפאַנגען געוואָרען, ער האָט געזעהן דעם טויט פון עלי הכהן און די צושטערונג פון שלה. ווען דער משכן פון שלה איז צושטערט געוואָרען האָט זיך געענדיגט די לויי'שע דיענסט פון שמואל'ן, נאָר דעמאָלט האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען זיין פיעל ברייטערע ארבייט אַלס לעהרער און נביא. ער איז געגאַנגען איבער'ן לאַנד און מיט זיינע דרשות האָט ער גערופען דאָס פאָלק צו פעראייניגונג. „קעהרט זיך אום מיט'ן גאַנצען הארצען צו גאָט — האָט ער געזאָגט — דערווייטערט פון זיך די פרעמדע געצען, דיענט נאָר צו אונזער גאָט און דעמאָלט וועט ער

איך רעטען פון די הענד פון די פלשתים". דאס פאלק האט זיך שטארק צוגעהערט צו די רייד פון שמואל'ן.

נאך עלי'ס טויט איז שמואל געווארען דער שופט איבער די וויכטיגסטע אידישע שבטים. אזוי ווי דער משכן פון שלה איז גע־ווען חרב פלעגט שמואל צונויפקלייבען דאס פאלק צו דיענען גאט אין דער שטאדט מצפה פון שבט בנימין. ווען די פלשתי'שע מלכים האבען דערהערט, אז די אידען פערזאמלען זיך אין מצפה זיינען זיי אוועק אהין מיט א גרוים חיל. די אידען האבען זיך דערשראקען, אבער שמואל האט זיי מיט זיינע רייד געוועקט צום קאמפף מיט די שונאים און האט זיי אריינגעגעבען בטחון אין גאט. בעגייסטערט פון שמואל'ס ווערטער זיינען די אידען ארויסגעטראטען פון מצפה און זיינען מוטיג בעפאלען דעם פיינדליכען חיל און האבען איהם צושלאגען. דעמאלט האבען די פלשתים געמאכט שלום מיט די אי־דען און האבען זיי אומגעקעהרט די פערכאפטע שטעדט. דעם גע־פאנגענעם ארון האבען זיי נאך פריהער צוריקגעקעהרט, ווארום ווי דער תנ"ך דערצעהלט זיינען זיי אויסגעשטאנען פון איהם א סך צרות: אזוי שנעל ווי דער ארון איז געבראכט געווארען אין לאנד פון די פלשתים האבען זיך דארט פערשפרייט קראנקהייטען, און די איינוואוינער האבען געפאדערט מען זאל וואס שנעלער צונעהמען דאס הייליגטום פון דעם אידישען גאט און דערמיט שטילען זיין צארן. אויף אזא אופן האבען די אונרוהען און די מלחמות אויפגע־הערט אויף א צייט און דאס פאלק האט, אונטער דער פיהרערשאפט פון שמואל'ן, אנגעהויבען לעבען רוהיגער.

שמואל האט געלעבט אין זיין געבורטסשטאדט רמה, נאר ער פלעגט אויך ארומרייזען איבער אנדערע שטעדט, וואוהין דאס פאלק פלעגט זיך פערזאמלען צו דיענען גאט. נאך דער צושטערונג פון שלה האבען די אידען ניט געהאט קיין אלגעמיינעם טעמפעל. די כהנים און די לויים האבען זיך צושפרייט איבער'ן גאנצען לאנד. עלי'ס אייניקעל, אחיטוב, האט גערעטעט א טייל כלים פון דעם משכן פון שלה און איז דערמיט אנטלאפען אין דער שטאדט נב און האט דארט אויסגעבויט א קליינעם צייטווייליגען טעמפעל. דער הייליגער ארון, וואס די פלשתים האבען אומגעקעהרט, איז געשטא־נען אין א טעמפעל אין קרית־יערים. עס זיינען נאך געווען מזבחות

אין בית־אל, מצפּה און גלגל. די דאָזיגע אַלע ערטער, וועלכע האָ־
בען זיך געפונען אין דער נחלה פון דעם שבט בנימין אָדער ארום
זיינע גרעניצען, פלעגט שמואל בעזוכען יעדען יאָהר; ער פלעגט
לערנען דעם פערזאַמעלטען פאָלק, פלעגט משפט'ן צווישען זיי,
פלעגט פראַווען גאָטעסדיענסט און ברענגען קרבנות אויף די מזבחות
צוזאַמען מיט די לויים. אויסער דעם פלעגט שמואל צוגרייטען יונגע
לייט פאַר לעהרער צו ערציהען דאָס פאָלק אין דעם ריינעם גלויבען.
די דאָזיגע לעהרער האָבען זיך גערופען בני־נביאים. אין זייערע
דרשות פלעגען זיי מיט בעגייסטערונג רופען דאָס פאָלק צו אינווע־
ניגסטער אויפלעבונג. דורך דער דאָזיגער ברייטער ארבייט פון די
געטרייע לעהרער פון פאָלק האָבען זיך די אָבגעזונדערטע אידישע
שבטים ביסלעכווייז אָנגעהויבען צונויפגיסען אינאיינעם; זיי האָ־
בען זיך דערפיהלט אַלס טיילען פון איין פאָלק.

§49. די ערוועהלונג פון אַ מלך. ווען שמואל איז אַלט
געוואָרען האָבען די דרויסענדיגע שונאים אויף דאָס ניי אָנגעהויבען
שרעקען די אידען. די פלשתים האָבען בענייט זייערע אָנפאַלען אויף
די מערב געגענדען; די עמונים האָבען גענומען בעאונרוהיגען די
אידען אויפ'ן מזרח־זייט פון ירדן. דעמאָלט איז ביי די אידען צייַ־
טיג געוואָרען דער געדאַנק, אַז עס איז ניט גוט צו זיין אָהן אַ פיה־
רער און אַז עס איז נויטיג אויסצוקלייבען אַ מלך, וועלכער זאָל פיה־
רען דאָס פאָלק אין די מלחמות מיט זיינע פיינד.

און די עלטסטע פון די אידען זיינען געקומען צו שמואל'ן אין
רמה און האָבען צו איהם געזאָגט: „אַט ביזטו שוין אַלט געוואָ־
רען און דיינע זיהן זיינען ניט פעהיג צו פערוואַלטען איבער'ן פאָלק;
דעריבער מאַך איבער אונז אַ קעניג, וועלכער זאָל הערשען איבער
אונז, אַזוי ווי עס פיהרט זיך ביי אַנדערע פעלקער". דער גרייז־
גרויער נביא האָט זיך לכתחלה פערוואונדערט פון אַזאַ בקשה. ער
איז געוועהנט געוואָרען מיט דעם געדאַנק, אַז אידען זיינען אַ פאָלק
וואָס איז אויסדערוועהלט פון גאָט, אַז גאָט איז זייער קעניג און
אַז זיי דאַרפען זיך אין אַלץ אונטערשיידען פון אַנדערע פעלקער;
און דאָ קומען זיי פּלוצלינג און פערלאַנגען אַ קעניג און ווילען דוקא
זיין מיט אַנדערע פעלקער גלייך. „ווייסט איהר — האָט שמואל גע־
זאָגט צו די עלטסטע — וואָס עס וועט זיין ווען איהר וועט מאַכען

א קעניג איבער זיך? ער וועט נעהמען אייערע זיהן פאר קריעגער, און וועט זיי מאכען פאר זיינע רייטער, און וועט זיי צווינגען צו מאכען פאר איהם געוועהר און קריעגסוועגען. דער מלך וועט צו־נעהמען אייערע טעכטער, זיי זאָלען פאר איהם קאָכען, בראָטען און באקען זיינע שפייזען. ער וועט פערנעהמען אייערע בעסטע פעל־דער, וויינגערטנער און סעדער און וועט זיי צוטיילען צווישען זיינע דיענער. ער וועט נעהמען מעשר פון אייערע שאָף און איהר אליין וועט זיין קנעכט צו איהם. דעמאָלט וועט איהר וויינען אויף אייער קעניג, וועלכען איהר האָט אליין אויסגעקליבען; אָבער גאָט וועט ניט ענטפערען אויף אייער געוויין!" אָבער אלע שמואל'ס טענות האָבען ניט געהאָלפען; די עלטסטע זיינען בעשטאַנען אויף זייערס, אז אצינד איז נויטיג א קעניג, וועלכער זאָל פיהרען די אידען אין די מלחמות און בערוהיגען דאָס לאנד. און דער נביא האָט זיך אונ־טערגעגעבען דעם ווילען פון פאָלק. ער האָט גענומען זוכען א מענ־שען, וועלכער זאָל קענען ווערען דער פיהרער פון פאָלק אין יענער שווערער צייט. און אין גיכען האָט זיך אזא מענש געפונען.

אין יענער צייט האָט אין דער שטאָדט גבעה, אין שבט בנימין, געלעבט אַן ערד־ארבייטער מיט זיין פאמיליע, מיט'ן נאָמען קיש. קיש האָט געהאט א זוהן, וועלכער האָט געהייסען שאול און וועל־כער איז געוועזען א שטארקער און העלדישער מאַן, און איז געוועזען דורכגעדרונגען מיט א פלאמענדיגער ליעבע צו זיין פאָלק. צוגלייך מיט די אנדערע מיטגליעדער פון דער פאמיליע, האָט שאול געאַ־קערט די ערד און געפּאשעט פיה. איינמאָל זיינען ביי קיש'ן פער־פאלען געוואָרען זיינע עזלען, און שאול האָט זיך אוועקגעלאָזט זיי זוכען. אונטערוועגס איז ער פערגאנגען צו שמואל הנביא צו פרעגען ביי איהם אויב זיין וועג וועט בעגליקען. אין דער צייט פון זיין שמועס מיט שמואל'ן, האָט דעם נביא אויפגעשיינט א געדאנק אז אָט דער ערד־ארבייטער, וועלכער איז שטארק אין קערפער און אין גייסט, איז פאסיג צו זיין דער קעניג פון די אידען. „טראכט ניט מעהר וועגען די פערפאלענע עזלען, — האָט שמואל צו איהם גע־זאָגט, — דיך ערוואַרט אַן אנדער מערכה צווישען דעם אידישען פאָלק". און דער נביא האָט געזאלבט שאול'ן פאר א קעניג איבער די אידען און האָט איהם אָבגעלאָזט אהיים. ווען שאול האָט זיך

אומגעקעהרט אין גבעה, האָט ער אָנגעטראָפען א גרופּע בעגייסטער־טע יונגע נביאים, און צווישען זיי „איז ער געוואָרען אַן אַנדער מענש און האָט אַליין אָנגעהויבען נביאות זאָגען", אַז עס איז גע־קומען די צייט צו בעפרייען דאָס פאָלק פון דעם פרעמדען יאָך.

אין גיכען האָט שמואל פעררופען א פאָלקס־פערזאַמלונג אין מצפה צו אויסקלייבען א מלך. די וואהל איז געפאַלען על־פּי גורל אויף שאול'ן, דעם זוהן פון קיש. מען האָט געגומען זוכען דעם ניי־ערוועהלטען מלך און מען האָט איהם געפונען זיך בעהאַלטענדיג ערגעץ צווישען די כלים. מען האָט שאול'ן ארויסגעפיהרט פון זיין בעהעלטעניש, און מען האָט דערזעהן אַז ער איז מיט א קאָפּ הע־כער פון גאַנצען פּאָלק. ווען ער האָט זיך בעוויזען, האָבען אויס־געבראָכען הילכיגע געשרייען: יחי המלך! (לעבען זאָל דער קעניג!) נאָר א טייל איז ניט געווען צופריעדען מיט שאול'ן און האָט גע־זאָגט: „צי וועט אַזאַ מענש אונז רעטען?" כדי ער זאָל געווינען דעם צוטרוי פון גאַנצען פאָלק איז נויטיג געווען אַז שאול זאָל פריהער בעווייזען עפּיס א העלדישע טהאַט לטובת דעם פאַטער־לאַנד. און שאול איז אַוועק מיט א מחנה חיל אין זיין אייגענער שטאָדט גבעה, און האָט זיך גענומען גרייטען צו א מלחמה מיט די פרעמדע פיינד, וועלכע האָבען געדריקט די אידען פון אַלע זייטען.

§50. דער ערשטער נצחון. אין יענער צייט האָבען די עמונים שטאַרק געדריקט די אידען אין מזרח־זייט פון ירדן. נחש, דער קעניג פון עמון, האָט בעלאַגערט די שטאָדט יבש און גלעד. די אידען וואָס האָבען דאָרט געוואוינט זיינען שוין געווען גרייט זיך אונטערצוגעבען צו נחש'ן און האָבען געבעטען ער זאָל שליסען מיט זיי א בונד און זיי ניט טשעפּען, נאָר דער עמונ'ישער קעניג האָט זיי מיט פעראַכטונג געענטפערט: „איך וועל מיט אייך שליסען אַזאַ מין בונד: איך וועל אויסשטעכען ביי יעדען איינעם פון אייך דאָס רעכטע אויג, און איך וועל דערמיט מאַכען צו שאַנד דאָס אי־דישע פאָלק". די דערשראָקענע איינוואוינער פון גלעד האָבען גע־שיקט שלוחים צו זייערע ברידער אויף יענער זייט ירדן און געבעטען הילף. דאָס פאָלק האָט געהערט די רייד פון די שלוחים און האָט געוויינט אויפ'ן קול. ווען שאול איז געקומען אהיים פון פעלד און האָט דערהערט דעם געוויין האָט ער געפרעגט וואָס דאָס בעטייט.

ווען מען האָט איהם דערצעהלט וועגען דער לאַגע פון די אומגליק־ליכע איינוואוינער פון גלעד האָט ער בעשלאָסען גלייך צו געהן זיי צו הילף. ער האָט גענומען א פּאָר קעלבער, האָט זיי צושניטען אויף שטיקער און די שטיקער האָט ער צושיקט איבער'ן גאנצען לאנד און האָט געלאָזט אויסרופען: „אזוי וועט געטהאָן ווערען מיט די פיה פון יעדען איינעם, וואָס וועט ניט געהן אין מלחמה נאָך שאול'ן און שמואל'ן". דאָס פאָלק איז אויפעגרודערט געוואָרען און אין א קורצער צייט האָט זיך ארום שאול'ן צונויפגעקליבען א גרויסער חיל. מיט דעם דאָזיגען חיל איז שאול פלוצלינג בעפאלען די עמונים; האָט זיי צושלאָגען און בעפרייט די בעלאגערטע איינוואוינער פון יבש.

נאָך דעם דאָזיגען נצחון האָבען אלע אידען מיט שמחה אנ־ערקענט שאול'ן פאר'ן מלך און האָבען געמאכט א גרויסען יום טוב אין גלגל לכבוד זיין ארויפטרעטען אויפ'ן טראָהן. דאָ האָט זיך שמואל הארציג געזעגענט מיט'ן פאָלק, וועלכען ער האָט אזוי לאנג פערוואלטעט. „זאָגט עדות פאר גאָט און פאר זיין געזאלבטען קעניג — האָט דער אלטער נביא געערעדט צום פאָלק — ווּעמעס אָקס האָב איך גענומען, און וועמעס עזעל האָב איך גענומען און וועמען האָב איך בערויבט און וועמען האָב איך אונטערדריקט, און ביי וועמען האָב איך גענומען שחד?" און דאס פאָלק האָט אין איין קול אויס־געריפען: „ניין, דו האָסט אונז קיינמאָל ניט בערויבט און קיינ־מאָל ניט אונטערדריקט!" דערנאָך האָט שאול געהאלטען א רעדע אין וועלכער ער האָט אָנגעזאָגט דעם מלך און דאָס פאָלק זיי זאָלען אָבהיטען די געזעצען פון גאָט. דער אלטער נביא האָט מבטיח גע־ווען אז ער וועט אויך אין דער צוקונפט גאָט בעטען פאר'ן פאָלק און וועט אויך ווייטער בלייבען זיין גייסטיגער פיהרער.

## זעקסטער קאַפּיטעל.

# שאול׳ס קעניגען.

(1055—1067 פאַר קריסטל. צייטר.)

§51. די מלחמה מיט די פלשתים. די ערשטע צוויי יאָהר פון שאול׳ס קעניגען זיינען אוועק אויף צונויפשטעלען א גוטען און בעשטענדיגען חיל. ער האָט געגרינדעט א שטענדיגע מחנה פון דריי טויזענד געקליבענע קריעגער און אין צייט פון מלחמה האָבען זיך צו דיזער מחנה אָנגעשלאָסען דאָס גאנצע חיל פון פאָלק. דער פיהרער פונ׳ם גאנצען חיל איז געווען דער קעניג אליין, און מיט דער אָבגעקליבענער מחנה האָט קאָמאנדירט דעם קעניג׳ס עלטסטער זוהן יונתן, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אונגעוועהנליכער מוטינקייט. יונתן האָט דער ערשטער געבראכט צו אן ענטשיידענ־דער מלחמה מיט די פלשתים, וועלכע האָבען נאָך אלץ אונטער־יאָכט די אידען. די פלשתים האָבען געהאלטען זייערע גארניזאָנען אין די בנימינ׳שע שטעדט, האָבען געדריקט די איינוואוינער און גענומען פון זיי צינז. אין דעם יונגען יונתן האָט געברענט דער פערלאנג צו בעפרייען זיין פאָלק פון דעם שווערען יאָך. איינמאָל האָט ער זיך מיט זיינע קריעגער אריינגעריסען אין גבעה און דאָר־טען גע׳הרג׳עט דעם עלטסטען פון דעם פלשתי׳שען גארניזאָן. ווען די פלשתי׳שע מלכים האָבען דאָס דערהערט האָבען זיי צוזאַ־מענגענומען א גרויסען חיל, פיעל רייטער און קריעגסוועגען און זיינען אוועק מלחמה האלטען מיט די אידען.

די פלשתים האָבען זיך אָבגעשטעלט מיט זייער לאגער אין מכמש און די אידען האָבען זייער לאגער געמאכט אנטקעגען זיי אין גלגל. שאול האָט געהאט זעהר א קליינעם חיל. א סך אידען, דערהערענדיג אז עס קומען די פלשתי׳טע חילות, זיינען זיך צולאָפען און האָבען זיך בעהאלטען אין הייהלען און אין שפאלטען פון פעלזען. די אידען האָבען ניט געהאט ניט קיין שטארקען פערד־חיל, ניט קיין קריעגס־וועגען, און אפילו ניט גענוג כלי־זין, ווארום די פלשתים האָבען פארטריבען פון די אידישע שטעדט אלע שמיעדען און ס׳איז ניט געווען וואו אויסצושמיעדען אָדער אָנשארפען א שווערד און א שפיז.

שאול האָט זיך ניט געקענט ענטשליסען אָנצופאלען אויף דעם פיעל שטארקערען שונא, אָבער יונתן מיט זיין העלדישקייט האָט שנעל געבראכט צו דער ענטשיידענדער שלאכט. דער לאגער פון די פלשתים האָט זיך געפונען אויף א הויכען בארג, ארומגערינגעלט מיט טיעפע גראָבענס. איינמאָל איז יונתן און זיין וואפענטרעגער שטילערהייט ארויפגעקלעטערט אויף דעם דאָזיגען הויכען פעלז, און האָבען פלוצלינג גענומען שיסען פון זייערע בויגענס. דאָס האָט אָנ־געמאכט א מהומה אין דעם פלשתי'שען לאגער. די פלשתים האָבען



כלי נשק של העברים הקדמונים



מחצית השקל



שקל הקדש

פארצייטיגע אידישע געוועהר. אידישע מטבעות.

געמיינט אז הינטער די דאָזיגע מוטיגע שיסער געהט א גרויסער חיל, און זיי האָבען גענומען אנטלויפען. דעמאָלט האָט זיך שאול מיט זיינע קריעגער אויך א וואָרף געטהאָן נאָך די אנטלויפענדע פלשתים און זיי געיאָגט ווייטער. די אידען וועלכע זיינען געלעגען פערבאָר־גען אין די בערג זיינען ארויס פון זייערע בעהעלטענישען, און בע־וואפענענדיג זיך מיט שטעקענס און פלעקער פלעגען זיי בעפאלען קליינע גרופען פון די פלשתים איינציגווייז און זיי פערניכטען. אויף אזא אופן האָבען זיך די אידען אויף א צייט בעפרייט פון

זייער ביטערסטען שונא און אונטערדריקער. דאָס לאנד איז געוועזן פריי און דאָס פאָלק האָט שטארק געלויבט דעם נאָמען פון זיין זיעגרייכען קעניג.

דער ערפאָלג וואָס שאול האָט געהאט קעמפפענדיג מיט די שונאים פון אידישען פאָלק האָט פערשטארקט זיין קעניגליכע מאכט. ווען שאול האָט זיך בעפעסטיגט אויפ'ן טראָהן האָט ער געמאכט זיין געבורט־שטאָדט גבעה, אין בנימין, פאר זיין הויפּטשטאָדט וועלכע האָט דעריבער בעקומען דעם נאָמען גבעת־שאול. דער קע־ניגליכער הויף אין גבעה איז געוועזן איינגעאָרדענט זעהר פשוט. יום־טוב און ראש חדש פלעגט מען ביים הויף ברענגען קרבנות און די קרובים למלכות, מעהסטענס שאול'ס איינענע פון שבט בנימין, פלעגען עסען ביים קעניגליכען טיש. בעזונדערס נאָהנט צום קעניג איז געוועזן זיין שוועסטערקינד אבנר, וועלכער איז געוועזן זעהר א פעהיגער קריעגסמאן, און שאול האָט איהם בעשטימט פאר'ן הויפּט־פיהרער פון דעם גאנצען אידישען חיל. שאול האָט זיך אָבגעגעבען צו איינפיהרען די געזעצען פון דער אידישער רעליגיאָן און אכטונג געבען אז זיי זאָלען שטרענג אָבגעהיט ווערען. וועלענדיג אויסוואָרצ־לען דעם געצענדיענסט פון אידישען פאָלק האָט ער פערטריבען פון לאנד אלע צויבערער און מכשפות, אָבער אין גיכען האָט א נייע מלחמה אָבגעצויגען דעם קעניג פון די אינוועניגסטע ענינים פון דער מלוכה.

§52. די מלחמה מיט די עמלקים. שמואל הנביא איז גע־קומען צו שאול'ן און האָט איהם געהייסען אין גאָט'ס נאָמען צו געהן מלחמה האלטען געגען דעםווילדען שבט פון די עמלקים, וועלכער האָט אומגעוואנדערט אין דער וויסטעניש, נעבען די דרום־גרעני־צען פון כנען, און האָט זיך פערנומען מיט רויבערייען. נאָך פון משה'ס צייטען אָן האָבען די אידען געטראָגען א האס אויף דיזען פאָלק, וועלכער האָט זיי בעפאלען אין דער מדבר בשעת זיי זיינען ארויס פון מצרים. „געה און שלאָג די עמלקים — האָט שמואל גע־זאָגט צום קעניג — און פערטיליג אלץ וואָס זיי האָבען; זאָלסט ניט שוינען קיין מאן, קיין פרוי, קיין אָקס, קיין שאָף, קיין קעמעל און קיין עזעל.“ האָט שאול צונויפגענומען א חיל און זיך געלאָזט געהן צום דרום־גרעניץ. די אידישע מחנות האָבען זיך אריינגעריסען אין לאנד פון די עמלקים, האָבען אויסגע'הרג'עט אלע איינוואוינער,

און פערניכטעט זייערע סטאדעס און זייער גאנצען איינענטום. בלויז דעם קעניג פון די עמלקים, אגג, האט שאול גענומען געפאנגען א לעבעדיגען, און אויך א טייל פון דעם שונא'ס בעסערע פיה איז גאנץ געבליבען. שאול האט רחמנות געהאט אויף אגג'ן און האט איהם ניט געוואלט טויטען; עס איז איהם אויך א שאד געווען די פערבליבענע פיה און ער האט בעשלאסען עס צו לאזען אלס רויב, ניט קוקענדיג אויפ'ן פארזאג פון דעם נביא.

ווען שמואל איז געקומען אין לאגער האט איהם שאול געזאגט אז גאט'ס בעפעהל איז דערפילט געווארען און אז דער שונא איז פערניכטעט. און דער נביא האט שטרענג א פרעג געטהאן: „פון וואנען זשע דערטראגט זיך עס צו מיר דאס בלעקען פון די שאף און דאס ברילען פון די אקסען?" און דער קעניג האט געענטפערט, אז ער האט געלאזט לעבען בלויז אגג'ן און אז דאס פאלק האט געשוינט א טייל פון די פיה, וואס זיי האבען צוגענומען ביי די עמלקים, נאר זיי זיינען אלע גרייט צו ברענגען די פיה פאר א קרבן צו גאט. נאר שמואל האט אויסגערופען: „ליעבער איז פאר גאט ווען מען פאלגט זיין בעפעהל איידער מען ברענגט איהם קרבנות. דו האסט פערשטויסען גאט'ס ווארט און גאט האט דיך פערשטויסען און דו וועסט מעהר ניט זיין קיין קעניג." ביי די ווערטער האט זיך דער נביא אבגעקעהרט פון דעם קעניג. שאול'ן איז שווער געווען צו הערען ווי דער נביא מוסר'ט און סטראשעט איהם פאר די אויגען פון פאלק, און ער האט געזאגט צו שמואל'ן: „איך האב געזינדיגט, נאר טהו מיר אן דעם כבוד פאר די אויגען פון פאלק און קעהר זיך אום מיט מיר און איך וועל זיך בוקען פאר גאט." שמואל האט זיך אומגע־קעהרט און האט געהייסען ברענגען דעם ווילדען עמלק'שען קעניג אגג און האט צו איהם געזאגט: „אזוי ווי דיין שווערד האט אוועק־גערויבט ביי מוטערס זייערע קינדער, אזוי זאל אויך דיין מוטער בערויבט ווערען פון איהר זוהן." און מען האט אגג'ן אבגעהאקט דעם קאפ. נאכדעם איז שמואל אוועק אין זיין שטאדט רמה, און שאול האט זיך אומגעקעהרט קיין גבעה. צווישען דעם מלך און דעם נביא איז פארגעקומען א ריס, און זיי האבען זיך פון דעמאלט אן מעהר ניט געזעהן. שמואל האט בעשלאסען אז שאול איז ניט פעהיג צו רעגיערען איבער'ן פאלק, און האט אנגעהויבען צו זוכען א מענשען

וועלכער זאָל זיין מעהר ראוי צו פערנעהמען דעם קעניגליכען טראָהן.

§53. דוד ביי שאול'ן אין הויף. אין דער נחלה פון דעם שבט יהודה, אין דער שטאָדט בית־לחם, האָט געלעבט אן אנגעזע־העגער אלטער מאן מיט'ן נאָמען ישי, וועלכער האָט געהאט אכט זיהן. דער קלענסטער פון זיי, דוד, איז געוועזן א שעהנער, קלוגער און מוטיגער יונג. זיינע קינדערשע יאָהרען האָט דוד פערבראכט אויף די ווייַדען וואָס האָבען ארומגערינגעלט בית־לחם, וואו ער האָט געפיטערט זיין פאָטער'ס הערדען; דאָ האָט ער ליעב געהאט צו זינגען פאסטוכער־ליעדער און שפּיעלען אויף דער הארף. דער תנ"ך דערצעהלט, אז ווען שמואל האָט איהם דערזעהן, האָט ער מיט זיין נביא'ישען גייסט פאָראויסגעזעהן אז דער דאָזיגער אינגעל וועט נאָך אמאָל זיין דער קעניג פון די אידען. איז דער נביא איינמאָל געקומען קיין בית־לחם און האָט אנטפּלעקט פאר דוד'ן דעם סוד און דערביי האָט ער איהם געזאלבט מיט דעם הייליגען בוימאייל, ווי עס פלעגט זיך פיהרען ווען מען פלעגט בעשטימען א נייעם קעניג. דאָס איז פאָרגעקומען בסוד. און אויסער ישי'ס פאמיליע האָט קיינער ניט געוואוסט וועגען שמואל'ס נביאות.

דערווייל איז דער קעניג שאול, נאָך דער מלחמה מיט די עמלקים, ארייגעפאלען אין א מרה־שחורה. ער האָט געדענקט דאָס צאָרניגע וואָרט, וואָס דער נביא האָט איהם געזאָגט נאָך דעם זיעג איבער די עמלקים, און ער האָט זיך געשראָקען, אז באלד וועט קומען א סוף צו זיין קעניגען. ווען די קרובים למלכות האָבען דערזעהן, אז דער קעניג ליידט פון א שווערער מרה־שחורה האָבען זיי געזאָגט צום איהם: „נעהם דיר א מענשען, וואָס קען שפּיעלען אויף דער הארף, און ווען דיר וועט ווערען אומעטיג, וועט ער דיך צושטרייען מיט זיין שפּיעלען". דער קעניג האָט געגומען זוכען א גוטען שפּיעלער און ער האָט זיך דערוואוסט, אז דוד פון בית־לחם איז א מייסטער אויף דער הארף. און מען האָט דוד'ן באלד געבראכט קיין גבעה, אין קעניגליכען הויז. דער יונגלינג איז שאול'ן שטארק געפעלען געוואָרען, און ער האָט איהם געמאכט פאר זיין וואפענטרעגער. יעדען מאָל וואָס שאול'ן פלעגט בעפאלען אן אומעט, פלעגט דוד נעהמען זיין הארף און שפּיעלען אזוי לאַנג ביז דער קעניג פלעגט ווערען וויעדער פרעהליך.

אין א קורצער צייט ארום איז דוד בעריהמט געוואָרען איבער'ן גאַנצען לאַנד דורך איין גרויסער העלדענטהאַט. די פלשתים האָבען צונויפגעקליבען זייער חיל און האָבען זיך ווידער גענומען גרייטען צו א מלחמה מיט די אידען. פערציג טעג זיינען ביידע מחנות, די פלשתי'שע און די אידישע, געשטאַנען נעבען בית־לחם איינע געגען דער אנדערער און האָבען ניט אָנגעפאַנגען קיין שלאַכט. דאַן איז פון דעם פלשתי'שען לאַגער ארויסגעטראָטען א קריעגער, א מאַן פון ריעזיגען וואוקס, מיט'ן נאָמען גלית, און ווענדענדיג זיך צו דער אידישער מחנה, האָט ער אויסגערופען: „קלייבט אויס פון צווישען אייך א קריעגער, וועלכער זאָל זיך פערמעסטען מיט מיר; אויב איך וועל איהם גובר זיין, וועט איהר זיין אונזערע קנעכט, און אויב ער וועט מיך גובר זיין, וועלען מיר זיין אייערע קנעכט". ווען דער קעניג האָט עס דערהערט האָט ער געלאָזט אויסרופען איבער'ן לאַנד: „ווער פון די אידען עס וועט בייקומען דעם פלשתי'שען גבור וועט קריגען דעם קעניג'ס טאָכטער פאַר א ווייב און נאָך א סך רייכטום דערצו". נאָר דאס אויסזעהן פון דעם פלשתי'שען העלד, וועלכער איז געווען בעוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס, האָט ארויפגעיאָגט אויף אַלעמען אזא שרעק, אז קיינער האָט זיך ניט דערוועגט אריינצוטרעטען מיט איהם אין קאמפף. אין יענער צייט איז דוד געגאַנגען פון די פעלדער פון בית־לחם אין דעם אידישען לאַגער צו געוואָהר ווערען זיינע ברידער. דערהערענדיג די חוצפה'דיגע ווערטער פון גלית'ן, האָט דוד בעשלאָסען אליין ארויסצוטרעטען אין קאמפף מיט דעם האָ־ זיגען ריעז. אלע האָבען געלאַכט פון דוד'ס געוואַגטען בעשלוס, און שאול האָט איהם געזאָגט: „ווי אזוי וועסטו, א איינגעל, געהן געגען א העלד, וואס איז פון קינדווייז־אויף געוועהנט צו מלחמה"? אָבער דוד האָט געענטפערט, אז ער וויל פערטיידיגען דעם כבוד פון זיין פאָלק, און אז ער פערלאָזט זיך אויף גאָט'ס הילף. דעמאָלט האָט איהם שאול געגעבען זיין קעניגליכע געוועהר. ער האָט איהם אָנגעטהאָן זיין שילד אויפ'ן ברוסט, א קופערנעם קיווער אויפ'ן קאָפּ, און האָט איהם אויפגעהאַנגען אויפ'ן גאַרטעל זיין שווערד. אָבער דוד איז דערצו ניט געוועהנט געווען און האָט זיך ניט גע־ קענט ריהרען אין די דאָזיגע שווערע כלי־זין. האָט ער ארונטער־

גענומען פון זיך די קעניגליכע וואפען, האט גענומען אין האנד א פראכטען שטעקען און א שטיינשליידער, האט ארייגעלעגט פינף שארפע שטיינדלעך אין זיין פאסטוכער־טארבע און איז אוועק געגען דעם פלשתי'שען גבור.

אז גלית האט דערזעהן דעם אידישען קעמפפער איז ער אין כעס געווארען און האט געזאגט: „וואס בין איך, א הונט, וואס דו געהסט אויף מיר מיט א שטעקען?" נאר דוד האט זיך ניט דער־שראקען און איז שנעל געגאנגען פאראויס. אויף א געוויסער שטרעקע פון גלית'ן איז ער געבליבען שטעהן, האט ארויסגענומען פון טארבע א קליינעם שטיינדעל, און האט איהם אזוי געשיקט א ווארף געטהאן, אז ער האט געטראפען דעם ריעז גלייך אין שטערן אריין. גלית איז אין זיין שווערען כלי־זין געפאלען צו דער ערד און האט זיך ניט געקענט אויפהויבען. דאן איז דוד צוגע־לאפען צו דעם געפאלענעם, האט ארונטערגעריסען פון איהם זיין שווערד און האט איהם מיט זיין אייגענעם שווערד אפגעהאקט דעם קאפ. ווען די פלשתים האבען דערזעהן, אז זייער העלד איז טויט, זיינען זיי זיך אין שרעק צולאפען. די אידען האבען זיי נאכגעיאגט און זיי צושלאגען. שאול האט געהאלטען זיין ווארט און האט גע־געבען זיין אינגערע טאכטער מיכל צו דוד'ן פאר א ווייב.

§54. דער קאמפף צווישען שאול און דוד'ן. דער זיעג איבער גלית'ן האט דוד'ן שטארק בעריהמט געמאכט. ווען שאול און דוד האבען זיך מיט'ן חיל אומגעקעהרט פון דער מלחמה, זיינען די אידישע פרויען זיי ארויס אנטקעגען מיט געזאנג און טענץ און האבען אויסגערופען: „שאול האט געשלאגען טויזענדער פלשתים, אבער דוד צעהנדליגע טויזענד!" שאול'ן האט גע־קרענקט וואס דעם יונגען וואפענטרעגער פון דעם קעניג שטעלט מען העכער ווי דעם קעניג אליין. האט ער מורא געקראגען, אז דוד וועט ווערען דער ליעבלינג פון פאלק און וועט נאך ביי איהם צונעהמען דעם טראהן. פון דעמאלט אן האט שאול פערהאסט דוד'ן. איינמאל איז דער מלך געווען זעהר אומעטיג און דוד האט פאר איהם געשפיעלט אויף דער הארף, כדי צו פערטרייבען זיין טרויער. פלוצלינג האט דער קעניג, אין אן אנפאל פון צארן, א ווארף געטהאן זיין שפיז אויף דוד'ן און האט איהם שיער ניט דער'הרג'עט.

אָבער דוד איז פלינק אבגעשפרונגען אַן אַ זייט און האָט זיך גע־ראַטעוועט פון טויט. נאָכדעם האָט דוד פערלאָזען דעם קעניגליכען הויף. שאול האָט געשטעלט דוד'ן איבער אַ מחנה פון טויזענד מאַן און איהם געשיקט אין די געפעהרליכסטע שלאַכטען.

בשעת דער מלך האָט דוד'ן געהאסט, האָט זיך זיין איידלער זוהן יונתן שטארק צוגעבונדען צום יונגען העלד און איהם ליעב געקראָגען ווי אַן אייגענעם ברודער. יונתן האָט געפרובט מאַכען שלום צווישען זיין פאָטער און דוד'ן, נאָר שאול האָט צאָרניג גע־שריען צום זוהן: „זיי וויסען, אַז כל זמן דוד לעבט איז דיין קעניגליכע הערשאַפט ניט זיכער". איינמאָל האָט דער קעניג געהיי־סען זיינע דיענער צו טויטען דוד'ן פאַרטאָג ביי איהם אין הויז. ווען מיכל, דוד'ס ווייב, האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט זי ביי־נאַכט ארויסגעלאָזט איהר מאַן דורכ'ן פענסטער. און ווען די מערדער זיינען געקומען פאַרטאָג האָבען זיי שוין דוד'ן ניט געפונען. ער איז אַנטלאָפען קיין רמה, וואו עס האָט געלעבט דער גרויז־גרויער נביא שמואל. אהער איז צו דוד'ן בשתיקה געקומען זיין חבר יונתן און האָט איהם געראָטען צו לויפען ווייטער, כדי ער זאָל ניט אריינפאַלען אין די הענד פון דעם צורייצטען שאול. ביים געזעגנען האָבען זיך די חברים ארומגענומען, האָבען זיך געקושט און האָבען לאַנג געוויינט.

דוד איז אַנטלאָפען קיין נב, די „שטאָדט פון כהנים", וואו עס האָט זיך געפונען דער אהל מועד. דער כהן גדול אחימלך (עלי'ס אייניקעל) האָט דוד'ן שעהן אויפגענומען און האָט איהם געגעבען די שווערד, וועלכע דוד האָט אַמאָל אָבגענומען ביי גלית'ן און וועלכע איז געלעגען באַהאַלטען אין אהל מועד. פון דאָרט איז דוד געלאָפען ווייטער, צום פלשתי'שען גרעניץ, און האָט זיך בעזעצט אין אַ הייהל נעבען עדולם. דאָ האָבען זיך אָנגעהויבען קלייבען צו איהם אלערליי אונצופריעדענע מענשען, מיט פאַרביטערטע געמיטער, הפקר־יונגען און אוזאנטוריסטען און האָבען איהם גע־מאַכט פאַר זייער פיהרער. דערוויל האָט זיך שאול דערוואוסט, אַז דוד איז געוועזען אין נב און אַז די כהנים האָבען איהם געגעבען אַ פריינדליכען קבלת־פנים. האָט ער געהייסען ברענגען צו זיך קיין גבעה אחימלכ'ן און די אַנדערע כהנים פון נב און האָט זיי מיט

צאָרן נעפּרעגט: „וואָרום האָט איהר נעגעבען מיין שונא, דוד'ן, שפּייז און אַ שווערד? וואָרום האָט איהר געבענשט אַ מענשען, וואָס האָט מורד געווען געגען מיר?" אחימלך האָט געענטפערט, אַז די כהנים האָבען אויפגענומען דוד'ן מיט פריינדליכקייט, ווייל ער איז דעם קעניג'ס איידים און זיי האָבען גאָרניט געוואוסט וועגען דער סבה פון זיין אנטלויפען. אָבער שאול האָט ניט געוואָלט הערען פון קיינע תרוצים. ער האָט בעפעהלען זיינע לייבוועכטער זיי זאָלען הרג'ענען אחימלכ'ן און זיין פאמיליע, און נאָך אַכט־און־פופציג כהנים. געראַטעוועט האָט זיך נאָר אביתר, אחימלכ'ס זוהן, וועלכער איז אנטלאָפען צו דוד'ן.

און דוד האָט מיט אַ בעוואפענטער באַנדע אומגעוואנדערט פון אָרט צו אָרט. צו דער דאָזיגער חברה זיינען צוגעשטאַנען דוד'ס קרובים פון בית לחם. צווישען זיי איז געווען זיין שוועסטער'ס זוהן יואב, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט בעזונדערער העלדישקייט און איז שפּעטער געוואָרען אַ קריעגספיהרער. צווי־שען די קריעגסלייט, וואָס האָבען זיך ארומגעקליבען ארום דוד'ן, זיינען אויך געווען פּלשתים און חתים. דוד מיט זיינע מענשען האָבען לאַנג ניט געקענט בלייבען אויף איין אָרט, וואָרום אַ מחנה פון שאול'ן האָט איהם נאָכגעיאָגט פוס־טריט. איינמאָל איז שאול מיט זיין מחנה צוגעקומען נאָהנט צום אָרט, וואו דוד האָט זיך געפונען און זיי האָבען עס ניט געוואוסט און שאול איז אליין אריין אין דער פינסטערער הייהל, וואו דוד און זיינע מענשען זיינען געלעגען בעהאַלטען. אין דער פינסטער האָט זיי דער קעניג ניט בעמערקט. און דוד'ס מענשען האָבען שטיל געזאָגט צו דוד'ן: „אָט האָט גאָט איבערגעגעבען דיין שונא אין דיינע הענד; טהו מיט איהם וואָס דו ווילסט". אָבער דוד האָט געזאָגט: „איך קען ניט אויפהויבען מיין האַנד אויפ'ן מלך, וואָס איז פון גאָט גע־זאַלבט". ער האָט זיך נאָר הינטען־ארום צוגע'גנב'עט צו שאול'ן און האָט אָבגעשניטען אַ פּאָלע פון זיין מאַנטעל, און שאול האָט עס גאָרניט געשפּירט. ווען דער קעניג איז ארויס פון דער הייהל איז איהם דוד נאָכגעגאַנגען, און צייגענדיג איהם פון וויי'טען די אָבגעשניטענע פּאָלע פון זיין בגד, האָט ער אויסגערופען: „אדוני מלך! דו האַלטסט מיך פאַר דיין שונא, נאָר אָט ביסטו ערשט

געווען אין מיינע הענד און פונדעסטוועגען האָב איך דיר קיין שלעכטס ניט געטהאָן. גאָט זעהט מיין גערעכטיגקייט, זאָל ער משפט'ן צווישען אונז". שאול איז גערירט געוואָרען פון דוד'ס גרויסמוטיגקייט און האָט זיך צעוויינט און געזאָגט: „איז עס דיין קול, דוד, מיין קינד? דו ביסט גערעכטער פון מיר, ווייל דו האָסט מיר געטהאָן גוטס און איך בעצאָל דיר מיט שלעכטס. איך וויים, אז דו וועסט קעניגען איבער די אידען; נאָר שווער מיר, אז דו וועסט ניט פארשניידען מיין דור נאָך מיין טויט". דוד האָט איהם געשוואָרען און זיי זיינען זיך צוגאנגען. אין גיכען אָבער האָט שאול פארגעסען וועגען דער דאָזיגער בענעגעניש און האָט ווייטער אָנגעהויבען רודפ'ן דוד'ן.

§ 55. שאול'ס אונטערגאנג. ארום יענער צייט איז דער אלטער נביא שמואל, דוד'ס בעשיצער, געשטאָרבען. דוד האָט מורא געהאט בלייבען אין זיין אייגען לאנד יהודה, וואו עס האָבען איהם נאָכגעיאָגט שאול'ס מענשען און ער איז אריבערגעגאנגען מיט זיין מחנה פון זעקס הונדערט מאן אין דעם לאנד פון די פלשתים. דער פלשתי'שער קעניג אָכיש האָט דוד'ן פריינדליך אויפגענומען, ווייל ער האָט גערעכנט, אז אלס שונא פון שאול'ן וועט ער העלפען די פלשתים מלחמה האלטען געגען די אידען. אויף דוד'ס בקשה האָט אָכיש אָבגעלאזט פאר איהם מיט זיינע לייט א בעזונדער שטאָדט צום וואוינען, מיט'ן נאָמען צקלג. פון דאנען האָט דוד מיט זיין מחנה געמאכט אָנפאלען אויף די עמלקים און אנדערע ווילדע שבטים אין דרום זייט פון כנען און האָט ביי זיי פארנומען א סך רויב. אָבער אָכיש'ן פלעגט ער זאָגען, אז דאָס מאכט ער אָנפאלען אויף די אידישע לענדער. אזוי האָט זיך גע-צווינגען איבער א יאָהר. דעמאָלט האָט דער פלשתי'שער קעניג צונויפגענומען זיין חיל און איז ארויס מלחמה האלטען מיט די אידען. אין די הינטערשטע רייהען פון זיין חיל האָט אָכיש אוועק-געשטעלט דוד'ן מיט זיין מחנה. נאָר ווען די פלשתי'שע מלכים און הארען האָבען דאָס דערזעהן, האָבען זיי געזאָגט צו אָכיש'ן: „וואָס טהוען דאָ די אידען? דאָס איז דאָך דערזעלבער דוד וועגען וועלכען מען זינגט אין קאָראהאָרען, אַז ער האָט צושלאָגען

צעהנדליגע טויזענד פלשתים. מיט וואס וועט ער זיך פארגני־טיגען ביי זיין האר שאול'ן אויב ניט מיט אונזערע קעפ?" אכיש האט געמוזט אבשיקען דוד'ן מיט זיין מחנה צוריק קיין צקלג, און דוד איז דערפון זעהר צופריעדען געוועזן.

ווען שאול האט דערהערט, אז די פלשתים זיינען ארויס מלחמה האלטען, האט ער צונויפגענומען זיין חיל אין טאל יזרעאל, נעבען דער שטאדט גלבע. מיט שרעק האט ער געווארט אויפ'ן אנקומען פון דעם שונא. א פינסטערער פארגעפיהל האט דעם קע־ניג ניט געלאזט רוהען. אונטער דער ווירקונג פון זיין מרה־שחורה איז שאול געווארען אבערגלויביש. ער האט געוואלט טרעפען זיין צוקונפט און ער האט זיך געווענדעט צו א מכשפה, וועלכע האט געלעבט אין עין־דור. איינמאל בייננאכט האט זיך דער קעניג איבערגעטהאן, כדי מען זאל איהם ניט דערקענען, און איז אוועק אין דעם הויז פון דער כשוף־מאכערין און זי געבעטען, זי זאל ארויסרופען פון קבר דעם שאטען פון דעם פערשטארבענעם נביא שמואל. באלד האט זיך אין דער געהיימניספולער פינסטערניש פון דער נאכט בעוויזען דאס געשטאלט פון אן אלטען מאן, אין וועלכען דער קעניג האט דערקענט שמואל'ן. „ווארום האטסו מיך בעאונרוהיגט?" האט זיך דערהערט די שטרענגע שטימע פון דעם נביא. שאול איז געפאלען פאר'ן נביא אויף די קניה און האט אויסגעשריען: „מיר איז שלעכט! די פלשתים בעפאלען מיך און גאט האט זיך פון מיר אבגעטהאן; זאג, וואס זאל איך טהאן?" און שמואל האט געענטפערט: „גאט האט דיך טאקע פערלאזען דער־פאר, וואס דו האסט אמאל ניט געפאלגט זיין בעפעהל, און ער האט אבגעגעבען דיין קרוין צו דוד'ן. גאט וועט איבערגעבען דיך און דיין פאלק אין די הענד פון דעם פיינד: מארגען וועסטו און דיינע זיהן זיין מיט מיר". דערהערענדיג די דאזיגע ווערטער איז שאול פארציטערט געווארען און איז געפאלען צו דער ערד. די צויבערין האט איהם קוים איינגערעדט ער זאל עפיס עסען און זיך אביסעל קרעפטיגען.

אויפ'ן אנדערען טאג האט צווישען די אידען און די פלשתים אויסגעבראכען א שרעקליכע שלאכט אין די בערג און די פלשתים האבען מנצח געוועזן. טויזענדער קערפער פון געפאלענע אידישע

קריעגסלייט האָבען בעדעקט די בערג פון גלבע. יונתן און שאול'ס צוויי אנדערע זיהן זיינען אויף געפאלען אין דעם ברענענדיגען קאמפף. שאול אליין איז פערוואונדעט געוואָרען פון דעם שונא'ס פיילען. דערפיהלענדיג אַז זיין סוף איז נאָהנט, האָט ער גע־זאָגט צו זיין וואפען־טרעגער: „ענטבלויז דיין שווערד און דער־שטעך מיך, כדי עס זאָלען ניט קומען די פרעמדע און זיך לוסטיג מאכען איבער מיר“. אָבער דער וואפענטרעגער האָט ניט געהאט דעם מוט צו טויטען זיין קעניג. האָט זיך שאול אליין א ווארף גע־טהאָן אויף זיין שווערד און איז געשטאָרבען. אויף מאָרגען האָ־בען די פלשתים געפונען דעם טויטען קערפער פון דעם אידישען קעניג און האָבען איהם אויפגעהאנגען אויף דער פעסטונג פון דער שטאדט בית־שן, אלס צייכען פון זייער זיעג. ווען די איינ־וואוינער פון דער שטאדט יבש, אין גלעד (וועלכע שאול האָט אמאָל גערעטעט פון די עמלקים) האָבען זיך דערפון דערוואוסט, האָבען זיי געשיקט זייערע מענשען קיין בית־שן, אראָבצונעהמען פון דער פעסטונג דעם קערפער פון דעם אומגעקומענעם מלך. ביינאכט האָבען די שלוחים אראָבגע'גנב'עט שאול'ס קערפער און האָבען איהם געבראכט קיין יבש, וואו מען האָט איהם מקבר געווען.

דוד האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם טויט פון שאול'ן און זיי־נע זיהן דורך אן עמלקי, וועלכער איז געקומען צולויפען פון שלאכט־פעלד קיין צקלג. דער עמלקי האָט גע‌מיינט, אַז ער וועט דערפרעהען דוד'ן מיט אזא בשורה, און האָט זיך אפילו בעריהמט, אַז ער אליין האָט געטויטעט דעם אידישען קעניג. נאָר דוד האָט אויסגע־שריען: „ווי אזוי האָסטו זיך דערוועגט אויפצוהויבען אַ האנד אויפ'ן געזאלבטען פון גאָט!“ — און האָט געהייסען טויטען דעם עמלקי. לויט דער מסורה האָט דוד בעוויינט דעם טויט פון שאול'ן און זיין חבר יונתן אין דעם פאָלגענדען יהערענדען ליעד:

דיין צירונג, ישראל, ליגט דערשלאָגען אויף די בערג. ווי זענען די העלדען געפאלען! דערצעהלט ניט אין גת, ניט זאָגט אָן די בשורה אין אשקלונ'ס גאסען, די טעכטער פון פלשתים־לאנד זאָלען זיך ניט פרעהען, די טעכטער פון פרעמדע זאָלען זיך ניט לוסטיג מאכען. אָ, בערג פון גלבוע! ניט זיין זאָל אויף

אייך קיין טוי און קיין רעגען, קיין פעלדער קיין פרוכטבארע, וואָרום דאָרט איז פארפלעקט געוואָרען די שילד פון די העלדען, שאול׳ס שילד, מיט אייל ניט געשמירט. יונתנ׳ס בוינען האָט זיך ניט אָבגעשטעלט פאר׳ן בלוט פון גבורים, און שאול׳ס שווערד האָט קיינמאָל זיך לעדיג ניט געקעהרט. שאול און יונתן, געליעבטע און טייערע, ניט צושיידט אין לעבען און טויט! גרינגער פון אָדלערס זיינען זיי געווען, און שטארקער פאר לייבען. אָ, טעכטער פון ישראל! וויינט אויף שאול׳ן, וואָס האָט אייך אין פורפור בעקליידט, און אייערע קליידער מיט גינגאָלד בעפוצט. אָ, ווי זענען געפאלען די העלדען אין מיטען דער שלאכט, יונתן אויף דיינע הויכע בערג א דערשלאָגענער! וועה מיר פאר דיר, מיין ברודער יונתן! ביסט מיר געווען אזוי טייער! דיין ליעבע איז מיר טייערער געוועזן ווי די ליעבע פון פרויען. אָ, ווי זיינען די העלדען געפאלען, די וואָפען פערלאָרען!

## זיבעטער קאפיטעל.

# דוד׳ס קעניגען.

(1055—1015 פאר דער קריסטל. צייטר.)

56 §. דוד און ירושלים; זיינע מלחמות. נאָך שאול׳ס טויט האָט דאָס פאָלק ניט מיט אמאָל אָנערקענט דוד׳ן פאר א מלך. ווען דוד האָט זיך אומגעקעהרט פון דעם לאנד פון די פלשתים אין זיין היים, אין שטאָדט חברון, האָבען בלויז זיין איינענע מחנה און זיינע שטאם-ברידער פון שבט יהודה איהם ערקלערט פאר א קעניג, אָבער די איבעריגע אידישע שבטים, איבערהויפט שאול׳ס אייגענער שבט בנימין, האָבען אנערקענט פאר זייער מלך שאול׳ס געזעצליכען יורש, זיין איינגסטען זוהן איש-בעל אָדער איש-בשת. אויף אזא אופן האָט דאָס אידישע פאָלק געקראָגען אין דערזעלבער צייט צוויי מלכים: דוד׳ן אין חברון און איש-בעל׳ן אין דער שטאָדט מחנים, אויף דער אנדערער זייט ירדן. עטליכע יאָהר האָט זיך געצויגען דער קאמפף צווישען די חילות פון די צוויי געגנערישע מלכים און זייערע

קריעגספיהרער: יואב פון דוד'ס צד און אבנר פון איש־בעל'ס צד. נאָר ענדליך איז אבנר בעזיעגט געוואָרען, און איש־בעל, וועלכער איז געוועזן א שוואכער און אונבעדייטענדער מענש, איז פערלאָזען געוואָרען פון זיינע אָנהענגער און נאכהער איז ער ערמאָרדעט געווארען פון צוויי פעררעטער. דעמאָלט איז דאָס גאנצע פאָלק אריבער אויף דוד'ס זייט.

דוד איז אַלט געוועזן דרייסיג יאָהר, ווען ער איז געוואָרען דער קעניג איבער אַלע שבטים פון אידישען פאָלק. די עלטסטע פון די שבטים זיינען געקומען צו איהם אין חברון און איהם גע־קרוינט פאר'ן מלך. דאָס פאָלק האָט געדענקט דוד'ס אמאָלינע גבורות אין די מלחמות מיט די פלשתים און האָט געהאָפט, אז דער נייער קעניג וועט ברענגען דעם לאנד רוהם און זעלבסטשטענדיג־קייט. און דיעזע האָפנונגען זיינען גיך מקוים געוואָרען.

דוד האָט פריהער פון אַלץ געווענדט זיין געוועהר געגען די פרעמדע פעלקער וואָס האָבען געלעבט צווישען די אידען. אויפ'ן גרעניץ צווישען די שבטים יהודה און בנימין האָט פון לאנג אָן געלעבט א קליינער אָבער שטארקער שבט, די יבוסים. דער דאָ־זיגער שבט איז ניט בעזיעגט געוואָרען פון די אידען אין דער צייט פון יהושע און איז געבליבען וואוינען זעלבסטשטענדיג אין זיין בעפעסטיגטער שטאָדט ירושלים און איהר אומגעגענד. ירושלים האָט זיך געפונען אויף א בארג; אין דעם דרום־טייל פון שטאדט האָט זיך דערהויבען א היגעל מיט'ן נאָמען ציון, אויף וועלכען עס איז געשטאנען א שטארקע פעסטונג. דוד איז אוועק מיט זיין מחנה געגען די יבוסים און האָט בעלאגערט די פעסטונג פון ציון. די יבוסים האָבען מיט שפּאָט געזאגט צו דוד'ן, אז אזא שטארקע פעסטונג וועלען געגען די אידען קענען פער־טיידיגען אפילו בלינדע און קרומע. אָבער דוד'ס חיל האָט זיך מוטיג געוואָרפען פאָראויס און האָט די פעסטונג באַלד איינגענומען. און די יבוסים זיינען פערטריבען געוואָרען פון ירושלים.

דוד האָט זיך ארויסגעצויגען פון חברון און האָט געמאכט ירושלים פאר זיין שטענדיגען וואוינאָרט. ער האָט זיך בעזעצט אין דער פעסטונג פון ציון, וואָס האָט געקראָגען דעם נאָמען „עיר־דוד“ (דוד'ס שטאָדט), און ארום איהר האָט ער בעזעצט

זיינע קריעגסלייט. אין א קורצער צייט ארום האט מען פון דער פעניצישער שטאדט צר אראבגעבראכט בויער און מויערער, וועל־כע האבען אויסגעבויט פאר דוד'ן א קעניגליכען פאלאץ. ירושלים האט אנגעהויבען וואקסען אין איינוואוינער און שעהנע געביידען, און פון דעמאלט אן איז זי געווארען די הויפטשטאדט פון דער אידישער מלוכה.

דוד האט געוואלט מאכען זיין הויפטשטאדט אויך פאר דער הייליגער שטאדט פון פאלק. איז ער אוועק מיט א גרויסען המון אין קרית־יערים און האט צוגענומען פון דארט דעם הייליגען ארון, וועלכער איז דארט געשטאנען נאך פון דער צייט פון שמואל הנביא (§ 48). מיט גרויס פאראד, בעגלייט מיט פרעהליכע אויס־געשרייען פון פאלק האט מען דעם הייליגען ארון אריבערגעפיהרט אין „דוד'ס שטאדט“ און איהם אוועקגעשטעלט אין א בעזונדערען געצעלט, וואס איז געווען בעצויגען מיט טהייערע געוועבען. נע־בען דעם ארון האט מען אויסגעבויט א מזבח צו ברענגען קרבנות. פאר כהן גדול אין דעם נייעם משכן איז בעשטימט געווארען אביתר, דער זוהן פון דעם גע'הרג'עטען אחימלך פון נב, וועלכער פלעגט בעגלייטען דוד'ן אין אלע זיינע וואנדערונגען און מלחמות.

די נאכריכט, אז דוד האט זיך בעפעסטיגט אין דער נייער הויפטשטאדט האט אויפגערייצט די פלשתים. זיי האבען פריהער געמיינט, אז דוד וועט זיין א פערבינדעטער פון די פלשתי'שע מלכים און וועט זיי צאלען צינז, און איצט האבען זיי דערזעהן, אז ער פעראייניגט דאס גאנצע אידישע פאלק און וויל אינגאנצען ארויסשטויסען די פרעמדע פון אידישען לאנד. האבען די פלשתים זיך אריינגעריסען אין דער נחלה פון שבט יהודה און האבען פערנומען בית־לחם, דוד'ס געבורטס־שטאדט. ניט ווייט פון דיע־זער שטאדט איז דוד'ס העלדישע מחנה ארויסגעטראטען געגען זיי. די אידען האבען זיך געשלאגען ווי די לייבען און האבען געבראכט אויפ'ן פיינד א שרעקליכע מפלה. די העלדישקייט פון די אידישע קריעגער אין דיעזער מלחמה קען מען זעהן פון פאל־גענדען ביישפיעל: דוד'ן האט זיך איינמאל פערוואלט א טרונק, און וואסער האט מען געקאנט קריעגען נאר אין דעם ברונען נעבען די טויערען פון בית־לחם, וואו עס איז געשטאנען א שטארקע

פּלשתי׳שע וואַך. האָבען דריי גבורים פון דוד׳ס קריעגסלייט, איינשטעלענדיג זייער לעבען, זיך דורכגעריסען דורך דער פּלשתי׳שער וואַך, האָבען אָנגעשעפּט וואַסער און עס געבראַכט צו דוד׳ן. נאָר דער קעניג האָט געזאָגט: „גאָט בעהיט, אז איך זאָל טרינקען דאס וואסער, וואָס מיינע מענשען האָבען געקראָגען שטעלענדיג זייער לעבען אין סכנה; דאָס איז דאָך אַלץ איינס ווי איך זאָל טרינקען זייער בלוט!“ נאָך עטליכע ענטשיידענדע שלאַכ־טען האָט דוד פּערטריבען די פּלשתים פון זיין מלוכה. אָבער ער האָט זיך דערמיט ניט בעגנוגענט: ער האָט געוואָלט אינגאנצען אונשעדליך מאַכען דעם אַלטען פיינד פון אידישען פאָלק. איז ער אוועק מיט זיין חיל אין לאַנד פון די פּלשתים און האָט פערכאַפּט זייער הויפּטשטאָדט גת מיט איהר סביבה. דער דאָזיגער זיעג האָט שטארק בעריהמט געמאכט די העלדישקייט פון די אידישע קעמפּפער. פון דעמאָלט אָן איז די מאַכט פון די פּלשתי׳שע מלכים אויף אייביג געבראָכען געוואָרען. גרויסע שטרעקען פּלשתי׳שע לאַנד זיינען געבליבען אונטערטעניג צו דוד׳ן און די איינוואוינער האָבען איהם געצאָלט צינז.

אז דוד האָט שוין געהאט פארזיכערט די דרום־מערב גרענ־צען פון זיין מלוכה געגען פיינדליכע אָנפאלען, האָט ער זיך גע־ווענדט געגען די שונאים אין מזרח־זייט. ער האָט בעזיעגט אויף דער אַנדער זייט ירדן די מואבים און עמונים. צו הילף די עמונים זיינען געקומען די ארמים פון סיריען, נאָר דוד האָט אויף זיי גע־בראכט א שרעקליכע נידערלאגע, איז אריינגעדרונגען מיט זיין חיל אין סיריען און איינגענומען די שטאדט דמשק. דוד׳ס וויכ־טיגסטער העלפער אין די אלע מלחמות איז געווען זיין פּלימעניק יואב, דער מוטיגער פיהרער פון זיין חיל. דיעזער העלדישער קריעגספיהרער האָט געפיהרט מלחמה אויך אין דרום, נעבען טויטען ים, מיט די אדומים. אדום איז אינגאנצען בעזיעגט גע־וואָרען און דוד האָט דאָרט געשטעלט א אידישען פערוואלטער איבער׳ן לאַנד.

§ 57. דאָס אינוועניגסטע לעבען. דוד האָט אויפגע־הויבען די אידישע מלוכה צו דער העכסטער מדרגה פון מאכט. אַלע שכנ׳ישע פעלקער, וועלכע האָבען פריהער געדריקט די אידען,

האבען איצט געציטערט פאר זיי. דער נאמען פון דעם גרויסען אידישען קעניג איז בעריהמט געווארען איבער'ן גאנצען מזרח. כדי אויפצוהאלטען דיעזע שטארקייט פון דער מלוכה געגען די גרויסענדיגע פעלקער, האט דוד געדארפט אויסהאלטען א ריעזיגען חיל. אין מלחמה־צייט איז יעדער שבט געווען פערפליכטעט צו־צושטעלען א בעשטימטע צאל מענשען, פון צוואנציג יאהר אן, וועלכע זיינען פעהיג צו טראגען געוועהר. דער הויפט פיהרער פון דעם חיל איז געווען יואב. אין דער אינווענינגסטער פיהרונג פון לאנד האבען דוד'ן געהאלפען מענשען, ערפאהרענע אין מלוכה־ענינים, וועלכע האבען זיך גערופען „יועצים" (ראטגעבער), „סופרים" (שרייבער) און „מזכירים" (כראניקער). ביי דוד'ס הויף האבען זיך אויך געפונען צוויי נביאים: גד און נתן.

אין זיין הויזליכען לעבען האט זיך דוד ערלויבט עטוואס גלאנץ, הגם ניט אין אזא מאס ווי די אנדערע מלכים פון מזרח. ער האט געלעבט אין ירושלים אין א שעהנעם פאלאץ, געבויט דורך פעניצישע מייסטער, האט זיך ארומגערינגעלט מיט לייב־וועכטער, געדונגען פון פרעמדע פעלקער, און האט געהאט א סך ניטער, וויינגערטנער און סטאדעס. לויט דעם מנהג פון מזרח האט דוד געהאט עטליכע ווייבער. זיין ערשטע ווייב מיכל האט חתונה געהאט מיט אן אנדערען אין יענער צייט ווען איהר פאטער, דער קעניג שאול, האט פערפאלגט דוד'ן. נאר ווען דוד איז ארויף אויפ'ן טראהן, האט זי זיך צו איהם אומגעקעהרט. מיט דער צייט זיינען צום קעניג'ס הויזגעזינד צוגעקומען נאך עטליכע פרויען. פון די אלע פרויען, חוץ מיכל, וועלכע איז געווען אן עקרה, האט דוד גע־האט זיהן און טעכטער. דער עלטסטער פון זיינע זיהן איז געווען אמנון; פון די איבעריגע דוד'ס זיהן זיינען בעזונדערס בעוואוסט געווען אבשלום און אדניהו. נאר קיין איינעם פון די דאזיגע זיהן איז ניט בעשערט געווען צו ירש'ענען דעם טראהן נאך דוד'ן; יורש איז געווען דער זוהן פון א פרוי, וועלכע איז געקומען אין קעניג'ס הויז דורך פאלגענדען צופאל.

איינמאל אין א פארנאכט האט דוד שפאצירט איבער'ן פלאכען דאך פון זיין פאלאץ און האט פון ווייטען דערזעהן אן אויסערגע־וועהנליך שעהנע פרוי זיך באדען. דער קעניג האט געפרעגט ווער זי

איז און האָט זיך דערוואוסט, אז דאָס איז בת־שבע, דאָס ווייב פון אוריה דעם חתי, וועלכער איז געווען דער פיהרער פון אן אבטיי־לונג חיל. בת־שבע האָט דעם קעניג אזוי בעצויבערט מיט איהר שעהנקייט, אז ער האָט זי געוואָלט נעהמען פאר א ווייב, אָבער איהם האָט געשטערט דאָס, וואָס זי איז געווען דאָס ווייב פון אן אנדערען. האָט זיך דוד ענטשלאָסען אויף א שרעקליכער טהאט. אין יענער צייט איז פאָרגעקומען א בלוטיגע מלחמה מיט די עמונים; בראש פון אידישען חיל איז געשטאנען דער קריעגספיהרער יואב, און אונטער זיין אויבערהערשאַפט האָט געדיענט אוריה. האָט דוד געשיקט א געהיימען בעפעהל צו יואב'ן ער זאָל שטעלען אוריה'ן אין רעכטען פייער פון דער שלאכט און איהם ניט שיקען קיין הילף אין פאַל דער שונא וועט זיך שטארקען איבער איהם. יואב האָט אזוי געטהאָן און אוריה איז אומגעקומען אין א הייסער שלאַכט מיט די עמונים. בת־שבע האָט בעוויינט איהר פערשטאָרבענעם מאן, אָבער ווען עס האָט זיך געענדיגט די צייט פון איהר טרויער האָט מען זי געבראַכט אין קעניג'ס פאַלאַץ און זי איז געוואָרען דוד'ס ווייב.

די דאָזיגע האנדלונג דוד'ס האָט שטארק געערגערט זיין לעהרער נתן הנביא. און דער קלוגער נביא איז געקומען פאר'ן קע־ניג און האָט איהם דערצעהלט אזא געשיכטע: „אמאָל האָבען אין איין שטאָדט געלעבט צוויי מענשען. איינער איז געווען א רייכער און דער אנדערער אן ארימער. דער רייכער האָט געהאַט זעהר א סך שאָף און רינדער, און דער אָרימער האָט געהאַט נאָר איין קליין שעפעלע, וואָס איז איהם געווען זעהר טהייער. דאָס שעפעלע איז געוואקסען אין זיין הויז, פון זיין ברויט פלעגט זי עסען, פון זיין כוס פלעגט זי טרינקען און אין זיין שויס פלעגט זי ליגען, און זי איז איהם געווען ווי א טאָכטער. איינמאָל איז צום רייכען מאַן גע־קומען א גאַסט, אָבער דער גביר האָט געזשאַלעוועט צו שעכטען איינע פון זיינע שאָף צו מאַכען א מאָלצייט פאר זיין גאַסט. האָט ער געשיקט צו זיין אָרימען שכן און האָט צוגענומען ביי איהם זיין איינציגע שעפעלע און מיט איהר פלייש האָט ער אָנגעזעטיגט דעם גאַסט". ווען נתן האָט געענדיגט זיין געשיכטע האָט דוד אויס־גערופען מיט צאָרן: „יענער אכזריות'דיגער מענש, וואָס האָט

קיין רחמנות ניט געהאט אויף זיין ארימען שכן, פערדיענט דעם טויט, און פאר דער צוגענומענער שעפעלע דארף ער בעצאָלען פיער מאָל אזוי פיעל!" דעמאָלט האָט דער נביא אויסגעשריען: „דו ביסט עס דער יענער! גאָט האָט דיר געגעבען א מלוכה, עשירות און א סך ווייבער, און דו האָסט ארונטערגעפיהרט אוריה'ן אונטער'ן שווערד פון די עמונים אן האָסט זיך צוגענומען זיין איינציגעס ווייב. דערפאַר וועט אויפשטעהן אויף דיר אן אומגליק פון דיין אייגענער הויזגעזינד". דוד האָט דערפיהלט א טיפע חרטה און האָט געזאָגט: „יא, איך האָב געזינדיגט געגען גאָט!" אין ניכען האָט בת־שבע געבאָרען דוד'ן א זוהן. דעם קינד האָט מען א נאָמען געגעבען שלמה, און נתן הנביא האָט איהם גערופען ידידיה, דאָס הייסט, גאָט'ס בעליעבטער. און דעם דאָזיגען איינגסטען זוהן פון דוד'ן איז עס בעשערט געווען צו ארבען דעם אידישען טראָהן.

§58. די מרידה פון אבשלום. נתנ'ס נבואה, אז אן אומגליק וועט אויפשטעהן אויף דוד'ן פון זיין אייגענער פאמיליע, איז מקוים געוואָרען. דער קעניג האָט געהאט א סך זיהן און טעכ־טער פון פערשיידענע ווייבער. דער עלטסטער בן־מלך, אמנון, וועלכער האָט גערעכענט, אז ער וועט זיין דער יורש פון דער קרוין, איז געוועזען א מענש מיט א ליידענשאפטליכען און ניט איינגעהאלטענעם כאראקטער. איינמאָל האָט ער גראָב בעליידיגט זיין שטיף־שוועסטער, די שעהנע תמר. די בעליידיגטע תמר האָט זיך בעקלאָגט פאר איהר לייבליכען ברודער, דעם שטאָלצען קע־ניגליכען זוהן אבשלום, און יענער האָט בעשלאָסען צו נעהמען נקמה פון אמנונ'ען. ווען עס איז געקומען די צייט פון שעהרען די שאָף, האָט אבשלום, כלומר'שט צו דער געלעגענהייט געמאכט א מאָלצייט און האָט פעררופען אין זיין הויז אלע זיינע ברידער. אין דער צייט פון דער סעודה האָט אבשלום בעפעהלען זיינע דיענער און זיי האָבען זיך א וואָרף געטהאָן אויף אמנונ'ען און איהם גע'הרג'עט. די נאכריכט וועגען אמנונ'ס טויט האָט דוד'ן שטארק דערשלאָגען. דער קעניג האָט טיעף געטרויערט נאָך זיין ערמאָרדעטען זוהן, און איז שטארק אויפגעבראכט געווען געגען דעם שולדיגען אין זיין טויט. אבשלום האָט מורא געהאט פאר זיין פאָטער'ס כעס, איז

ער אנטלאָפען פון ירושלים און האָט אבגעלעבט דריי יאָהר צייט אין פרעמדע לענדער. פאַר דער צייט איז דוד׳ס שמערץ געשטילט געוואָרען, און אויף דער בקשה פון זיינע מקורבים האָט ער אבשלום׳ען מוחל געווען און איהם ערלויבט זיך אומצוקעהרען קיין ירושלים.

אָבער ניט אויף נחת דעם פאָטער האָט זיך דער אָבגעריסענער זוהן אומגעקעהרט אהיים. אבשלום איז געווען א גרויסער רודף אחר כבוד און האָט געטרוימט וועגען דער קעניגליכער הערשאַפט. זייענדיג העלדיש, געשיקט און שעהן, מיט לאַנגע געדיכטע לאָקען, איז ער דעם פאָלק געפעלען געווען. און מיט דער דאָזיגער ליעבע פון פאָלק האָט זיך אבשלום בענוצט פאַר זיינע צוועקען. ער האָט בע־שלאָסען צו מאַכען א מרידה געגען זיין פאָטער, און נאָך ביי זיין לעבען אריינכאַפען אין זיינע הענד די קעניגליכע מאַכט. דעריבער האָט ער געזוכט ארויסצורופען אין פאָלק אונצופריעדענהייט מיט דוד׳ן. דער ראַלטער קעניג האָט שוין ניט געקענט בעזאָרגען אַלע עסקים פון דער מלוכה און האָט אָפט קיין צייט ניט געהאַט אויס־צוהערען די אַלע, וועלכע פלעגען קומען צו איהם מיט קלאַגען אָדער בקשות. א סך בעזוכער פלעגען אוועקגעהן פון איהם אונבעפריעדיג־טע. ווען אבשלום פלעגט בעגעגענען אזעלכע אונצופריעדענע, פלעגט ער זיי זאָגען: „אייער זאַך איז א גערעכטע; אָבער דער קעניג האָט אייך ניט אויסגעהערט; ווען איך וואָלט געווען דער ריכטער פון לאַנד וואָלט איך אלעמען גע׳משפט מיט אמת, און אלע וואָלטען אוועק פון מיר צופריעדען“. אזוי האָט זיך אבשלום׳ען איינגעגעבען ביסלעכווייז צוצוציהען א סך מענשען אויף זיין זייט. ער האָט גע־קראָגען אנהענגער אפילו צווישען די קעניגליכע הויפלייט. אויף דער זייט פון דעם בן־מלך איז אויך אריבער דוד׳ס קליגסטער ראַטגעבער, אחיתפל. דערפיהלענדיג זיך איצט בכח, האָט אבשלום צונויפגענומען צוויי הונדערט מענשען און איז מיט זיי אוועק קיין חברון. פון דאַנען האָט ער צושיקט מרגלים און זיי בעפעהלען: „ווען איהר וועט דערהערען דעם קול שופר, זאָלט איהר אויסרופען אומעטום, אז אבשלום איז געוואָרען מלך אין חברון“. צו אבשלום׳ען זיינען צוגעשטאַנען גרויסע מאַסען פון פאָלק און די מרידה איז זיך אַלץ מעהר צעוואַקסען.

דוד איז געווען ערשטוינט, ווען ער האָט דערהערט וועגען דעם אויפשטאַנד פון זיין זוהן. דער קעניג איז ניט געווען צוגע־גרייט צו דער דאזיגער אינוועניגסטער מלחמה און ער האָט מורא געהאַט, די מורדים זאָלען פּלוצלינג ניט אָנפאַלען אויף דער הויפּט־שטאָדט. האָט ער דעריבער בעשלאָסען צו פערלאַזען ירושלים און זיך מכין זיין צו דער מלחמה ווייט פון רעם פּלאַץ פון אויפשטאַנד. און דוד איז ארוים פון ירושלים מיט זיין הויזגעזינד, בעגלייט פון א געקליבענער מחנה פון זעקס הונדערט קריעגסלייט. ווען דאָס פאָלק האָט געזעהן ווי דער גרייז־גרויער קעניג ציהט זיך ארוים פון זיין הויפּטשטאָדט, האָבען אַלע שטארק געוויינט. דער כהן גדול אביתר און צדוק האָבען גענומען דעם הייליגען ארון און גע־וואָלט מיטגעהן מיט'ן קעניג, אָבער דוד האָט זיי געהייסען בליי־בען מיט דער הייליגקייט אין ירושלים. „אויב גאָט וועט וועלען — האָט דער קעניג געזאגט — וועט ער מיך אומקעהרען צוריק אהער, און איך וועל ווידער זעהן זיין וואוינונג; און אויב ניט, טאָ זאָל ער טהאָן מיט מיר ווי זיין רצון וועט זיין". דעם קעניג'ס אלטער פריינד און יועץ, דער קלוגער חושי, האָט אויך געוואָלט געהן מיט דוד'ן, נאָר דוד האָט איהם געזאגט: „אויב דו וועסט געהן מיט מיר וועסטו מיר נאָר זיין צו לאַסט. בעסער בלייב אין ירושלים, מאַך זיך ווי דו וואָלסט געווען א געטרייער דיענער צו אבשלום'ען און צושטער אחיתפל'ס פּלענער. אַלץ וואָס דו וועסט זיך דערוויסען זאָלסטו איבערגעבען די כהנים צדוק און אביתר, און זיי וועלען מיר דורך שליחים מודיע זיין וועגען אַלץ".

באלד נאָך דוד'ס אוועקגעהן איז אבשלום אריינגעטראַטען קיין ירושלים און האָט זיך ערקלערט פאר קעניג. דער קלוגער אחיתפל האָט איהם געגעבען אן עצה ער זאָל באלד נאָכיאגען דוד'ן מיט א מחנה, איידער יענער האָט צייט געהאַט זיך צוצוגרייטען צו מלחמה. ווען חושי האָט זיך דערוואוסט פון דעם דאָזיגען געפעהרליכען פּלאַן, איז ער געקומען צו אבשלום'ען און פארשטעלענדיג זיך פאר זיין פריינד, האָט ער איהם איינגערעדט ניט צו פאָלגען אחיתפל'ס עצה „דו ווייסט — האָט ער געזאָגט, — אז דיין פאטער און זיינע מוטיגע קריעגסלייט זיינען איצט צורייצט ווי ווילדע חיות, און ביים ערשטען צוזאמענשטויס קאָן דיין חיל ליידען א נידערלאַגע.

בעסער ווארט, ביז דאָס גאנצע פאָלק פון איין עק לאנד ביז'ן צוויי־טען וועט זיך ארומקלייבען ארום דיר, און דעמאָלט וועלען מיר אונטער דיין פיהרערשאפט אָנפאלען אויפ'ן קעניג'ס מחנה און זיי מיט איין מאָל פערניכטען". אבשלום האָט געפאָלגט חושי'ס עצה און האָט גאָר ניט חושד געווען אז אין הארצען האָט חושי נאָר געוואלט געבען דוד'ן צייט זיך צוצוגרייטען צו דערשטיקען דעם אויפשטאנד. אבער דער קלוגער אחיתפל האָט עס פערשטאנען און ער האָט פאראויסגעזעהן אז אבשלום מוז האָבען א מפלה. האָט ער איהם פערלאזען און איז אוועק צו זיך אהיים און האָט זיך דער־ווארגען.

אין דער צייט וואס אבשלום איז געזעסען אין ירושלים און האָט גאָרניט געטהאָן, האָט דוד צייט געהאט אריבערצוגעהן דעם ירדן קיין מחנים, און דאָרט האָט ער אויפגעקליבען זיינע כחות פאר אן ענטשיידענדער שלאכט מיט די מורדים. ענדליך האָט אויך אבשלום צוזאמענגענומען א גרויסען חיל און איז אוועק ארי־בער'ן ירדן געגען זיין פאטער. דער חיל פון די מורדים איז געווען גרויס, נאָר ער האָט געהאנדעלט ניט אויסגערעכענט, אין דער צייט ווען דוד'ס ערפאהרענע קריעגספיהרער האָבען געפיהרט דעם קאמפף פארזיכטיג און קלוג. די ענטשיידענדע שלאכט איז פארגעקומען אין וואלד אפרים. דעם קעניג'ס חיל, אונטער דער פיהרערשאפט פון יואב'ן, האָט בעזיעגט אבשלומ'ס מחנות און זיי געצוואונגען צו אנטלויפען. אבשלום אליין איז רייטענדיג אויף אן עזעל אנטלאָ־פען אין געדיכטען וואלד אריין. אבער דאָ איז ער אונטערגעפאה־רען אונטער א געדיכטען דעמב און האָט זיך פערטשעפעט מיט זיינע האָר אן די צווייגען, און ווען דער עזעל איז פון אונטער איהם אוועקגעלאָפען ווייטער, איז ער געבליבען הענגען אין דער לופטען. דאָ איז אונטערגעקומען יואב און האָט אריינגעשאָסען דריי פיילען אין דעם הענגענדיגען אבשלום. דעם קערפער פון דעם גע'הרג'עטען האָט מען ארונטערגענומען פון בוים און אריינגע־ווארפען אין א גרוב, אויף וועלכער מען האָט אנגעווארפען א הורבע שטיינער. דוד איז געווען אזוי דערשלאָגען פון אבשלומ'ס שרעק־ליכען טויט, אז ער האָט אפילו פערגעסען די פרייד פון דעם נצחון. דאָס פאטערליכע געפיהל האָט גובר געווען דעם קעניג'ס

פערשטאנד. דער גרייז־גרויער קעניג איז א לאנגע צייט געזעסען איינער אליין אין זיין צימער און האט מיט טרעהרען געמורמעלט: „אָ, מיין זוהן, אבשלום, פארוואס בין איך פאר דיר ניט געשטאר־בען?“

§59. דוד'ס לעצטע יאהרען. דער ברודער־קריעג וואס אבשלום האט אויפגעהויבען, האט אנגעהאלטען אויך נאך זיין טויט. ווען דער גרעסטער טייל פון די מורדים האט זיך אויפגעקליבען אין גלגל, כדי אויסצודריקען זייער הכנעה צו דוד'ן, איז ארויסגעטראטען איינער פון שבט בנימין מיט'ן נאמען שבע, האט אנגעהויבען בלא־זען אין א שופר און האט אויסגערופען: „מיר האבען גאר נישט צו טהאן מיט דוד'ן! צוגעהט זיך איבער אייערע געצעלטען, אידען!“ און א גרויסער טייל פון פאלק האט זיך ווידער אבגעטיילט פון דוד'ן און איז אוועק נאך שבע'ן; בלויז דער שבט יהודה איז געבלי־בען געטריי דעם קעניג, און האט איהם בעגלייט קיין ירושלים. אנקומענדיג קיין ירושלים, האט דוד געהייסען זיינע קריעגספיה־רער צוזאמענעהמען א חיל און נאכיאגען שבע'ן און צוטרייבען זיינע מחנות איידער ער וועט האבען צייט צו פערכאפען בעפעס־טיגטע שטעדט. דעם קעניג'ס חילות, אנגעפיהרט פון יואב'ן, הא־בען זיך ווי א שטורם דורכגעטראגען איבער'ן גאנצען לאנד. וואו זיי זיינען אנגעקומען, האט דאס ווידערשפעניגסטע פאלק פערלאזען שבע'ן און זיך אונטערגעגעבען צו דוד'ן. בלויז די בעפעסטיגטע שטאדט אבלה, אין דער נחלה פון שבט דן, אין צפון־זייט, איז פער־נומען געווארען פון שבע'ן און האט זיך ניט געוואלט אונטערגעבען. יואב האט ארומגערינגעלט די שטאדט מיט בעלאגערונגס־געוועהר און האט זיך געקליבען צו צושמעטערען איהרע מויערען. דא איז איינע פון די איינוואוינער, א קלוגע פרוי, ארויפגעגאנגען אויף דער וואנט פון פעסטונג און האט הויך צוגעשריען יואב'ן: „צי דען ווילסטו פערטיליגען א גאנצע אידישע שטאדט?“ יואב האט גע־ענטפערט, אז ער וועט ניט טשעפען די שטאדט, אויב זיי וועלען מיט גוטען ארויסגעבען שבע'ן. די איינוואוינער האבען מסכים געווען. זיי האבען אבגעהאקט שבע'ן דעם קאפ, און פון דער וואנד עס אראבגעווארפען צו יואב'ן. דעמאלט איז יואב אבגעטראטען

פון שטאָדט; די מרידה איז ענדליך איינגעשטילט געוואָרען, און דאָס לאַנד האָט זיך בערוהיגט.

ווען אין לאַנד איז שטיל געוואָרען האָט דוד גערופען צו זיך נתן הנביא און איהם געזאָגט, אז ער וויל אויסבויען אין ירושלים א נייעם גרויסען טעמפעל צו דיענען גאָט, אנשטאַט דעם פריה־ערינען קליינעם משכן. נאָר דער נביא האָט איהם ערקלערט: „ניט דו וועכט בויען גאָט'ס הויז, ווארום דו האָכט אין דיין לעבען א סך בלוט פערגאָסען (אין מלחמות). אבער דיין זוהן שלמה, וועלכער וועט ירש'ענען דעם טראָהן נאָך דיר, וועט זיין א פריעדליכער קעניג, און ער וועט אויפשטעלען א הויז פאר גאָט.“ האָט דוד געהייסען אויפקלייבען בוי־מאַטעריאל און גאָלד און זילבער א סך, כדי אלץ זאָל זיין גרייט צום בויען ווען זיין זוהן וועט איבער־נעהמען די ממשלה נאָך איהם. אבער איהם איז ניט באשערט גע־ווען אפילו די דאזיגע הכנות צו ענדיגען.

אפילו אין די לעצטע טעג פון זיין לעבען האָט דוד קיין רוה ניט געהאט. עס האָבען זיך אָנגעהויבען מחלוקות ווער עס זאָל ירש'ענען דעם טראָהן. די מלכה בת־שבע האָט פערלאנגט, אז איהר זוהן שלמה זאָל זיין דוד'ס יורש. איהר האָבען געשטיצט נתן הנביא און איינינע הארען. אבער אדניהו, דוד'ס עלטסטער זוהן נאָך אבשלום'ן, האָט געהאלטען זיך פאר'ן געזעצליכען יורש־עצר. ער האָט זיך געפיהרט מיט קעניגליכען גלאַנץ און פלעגט אומפאָהרען איבער די גאסען אין א פרעכטיגען רייטוואגען, פאראויס פון וועל־כען עס זיינען געלאָפען פופציג רייטער. איהם איז געלונגען צו געווינען אויף זיין זייט די איינפלוסרייכסטע לייט. דעם קריעגס־פיהרער יואב און דעם כהן אביתר. איינמאָל, ווען מען האָט זיך שוין געריכט אז דוד דאַרף באלד שטאַרבען, האָט אדניהו געמאַכט א פייערליכען מאָלצייט און מקריב געווען קרבנות צו גאט. דאָ האָבען זיינע אָנהענגער געשריען: „לעבען זאָל דער קעניג אדניהו!“ דאָס האָט שטארק צוערגערט שלמה'ס מוטער און זי האָט זיך בע־קלאגט פאר דוד'ן. דעמאָלט האָט מען, אויף דוד'ס בעפעהל, דורכ־געפיהרט דעם יונגען שלמה רייטענדיג אויף אן עזעל איבער'ן גאנ־צען שטאָדט, בעגלייט פון די כהנים אין דעם חיל, און איהם גע־בראכט צום טייך גיחון. דאָ האָט דער כהן גדול צדוק בעשפריצט

זיין קאָפּ מיט היילינגען בוימאייל אוןביים שאַלען פון שופרות האָט ער איהם ערקלערט פאר׳ן מלך. מיט א פייערליכער פּראָצעסיע, צווישען פרעהליכע אויסגעשרייען פון פאָלק האָט זיך שלמה אומגעקעהרט אין פאלאץ און האָט זיך געזעצט אויפ׳ן קעניגליכען שטוהל.

אין גיכען איז דער אלטער דוד געשטאָרבען, נאָך פערציג יאהר קעניגען. ווען שלמה איז געווארען מלך האָט ער באלד איינגעשטילט די מהומה, וואס אדניהו׳ס אויפשטאַנד האָט ארויסגערופען. אדניהו׳ן און זיינע וויכטיגסטע נאָכפאָלגער, צווישען זיי אויך יואב, האָט מען אויפ׳ן קעניג׳ס בעפעהל געטויט, און די קעניגליכע מאכט האָט זיך איינגאנצען בעפעסטיגט אין שלמה׳ס הענד.

## אכטער קאַפּיטעל.

# שלמה המלך.

(977—1015 פאַר דער קריסט. צייטר.)

§60. שלמה׳ס ממשלה. ווען שלמה איז ארויף אויפ׳ן טראָהן איז ער נאָך געווען נאָר יונג, איינגאנצען ארום פינף־און־צוואנציג יאָהר אלט. זיין פאטער האָט איהם איבערגעלאזען א ברייטע מלוכה, וועלכע איז נאָך א סך מלחמות געווען פערזיכערט פון אנפאלען פון די שכנ׳ישע פעלקער. עס איז נאָר נויטיג געווען אויפצוהאלטען דאס, וואס איז ערווארבען געווארען דורך דוד׳ס גלענצענדע נצחונות און געבען דעם פאלק די מעגליכקייט זיך צו פערנעהמען מיט פריעדליכע בעשעפטיגונגען: ערדארבייט, מלאכות און מסחר. דאס איז דערגרייכט געווארען אין דער צייט פון שלמה. שלמה איז ניט געווען קיין קריעגערישער, נאָר א פריעדליכער מלך (זיין נאָמען אליין, שלמה, דערמאָנט אָן „שלום״, פריעדען). ער האָט פערמאָגט אלע מעלות, וואס זיינען נויטיג פאר א הערשער און א ריכטער. דער יונגער מלך האָט געקראָגען א שם ביים פאלק פאר זיין חכמה און מענשען־קענטשאפט. אין די שווערסטע משפטים האָט ער פערשטאנען צו דערגעהן ווער עס איז גערעכט און ווער עס איז אומגערעכט.

דער פאַלגענדער משפּט, דערצעהלט די לעגענדע, האָט שלמה'ן געוואונען דעם נאָמען פאַר'ן קליגסטען מענשען אין דער וועלט. איינמאָל זיינען צו שלמה המלך געקומען צוויי פרויען זיך לאדען, און איינע פון זיי האָט דערצעהלט אזא געשיכטע: איך וואוין — האָט זי געזאָגט — מיט דער דאזיגער פרוי אין איין הויז. ניט לאנג צוריק האָב איך געבאָרען א אינגעלע, און מיט דריי טעג שפּע־טער האָט מיין שכנה אויך געהאט א זוהן. איינמאָל ביי נאכט האָט זי אין שלאָף זיך ארויפגעלעגט אויף איהר קינד און האָט עס דערשטיקט. אז זי האָט דאס דערזעהן, איז זי שטילערהייד אויפ־געשטאנען און ווען איך בין געשלאָפען האָט זי צוגענומען פון מיין געלעגער מיין קינד, און צו מיר האָט זי אוועקגעלעגט איהר טויט קינד. אין דערפריה ווען איך בין אויפגעשטאנען אָנצוזויגען מיין קינד האָב איך דערזעהן, אז ער ליגט טויט, און ווען איך האָב זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים האָב איך בעמערקט, אז דאס איז גארניט מיין זוהן". די אנדערע פרוי האָט גע'טענה'ט: „ניין, דאס איז ניט אמת: מיין זוהן איז געבליבען לעבען, און איהרער איז טויט". די צוויי פרויען האָבען זיך שטארק געקריעגט פאַר'ן קעניג: יעדע האָט גע'טענה'ט, אז דער לעבעדיגער אינגעלע איז איהר זוהן, און אז דער טויטער געהערט צו איהר שכנה. עס איז שווער געווען צו דערגעהן דעם אמת. דעמאָלט איז שלמה געפאַלען אויף א קלוגער המצאה: ער האָט געהייסען ברענגען א שווערד און פאַר די צוויי פרויען אין די אויגען האָט ער געזאָגט צו די דיענער: „צושניידט דעם לעבעדיגען אינגעלע אויף דער העלפט, און גיט איין האלבע צו איין פרוי און די צווייטע — דער אנדערער פרוי." דערהערענדיג דאס, האָט איינע פון די פרויען אויסגעשריען: „אדוני מלך, צו־שנייד ניט דאס קינד, נאָר גיב שוין עס בעסער אב א לעבעדיגען צו מיין געגנערין". אָבער די אנדערע האָט געשריען: „זאָל זיין ניט מיר און ניט איהר, צושניידט עס!" דעמאָלט איז קלאָר געוואָ־רען, אז די אמת'ע מוטער פון דעם לעבעדיגען קינד איז יענע, וועל־כע האָט אויף איהם רחמנות געהאט און ניט דערלאזט מען זאָל איהם צושניידען. און דער קעניג האָט געזאָגט: „גיט איהר אב דאס לעבעדיגע קינד, ווארום זי איז זיין מוטער!" דאס גאנצע פאָלק האָט בעוואונדערט שלמה'ס חכמה. די לעגענדע דערצעהלט,

אז שלמה האָט מיט זיין חכמה אריבערגעשטייגט אַלע קלוגע לייט פון מזרח־לאַנד און אפילו די געלעהרנטסטע חרטומים פון מצרים. ער האָט פערפאַסט משלים און ליעדער, „האָט גערעדט וועגען די בוימער, חיות, פישען, פויגלען און שרצים", ד. ה. ער האָט זיך שטאַרק אבגעגעבען מיט שטודירען די נאַטור. פון דעם תנ"ך איז שלמה בעוואוסט אלס דער מחבר פון משלי, א ספר פון קלוגע לע־בענס־כללים, פונקט ווי דוד איז בעוואוסט אַלס דער זינגער פון תהלים.

דער תנ"ך דערצעהלט, אז אין שלמה'ס צייט האָבען די אידען געלעבט רוהיג, „יעדער אונטער זיין וויינשטאַק און אונטער זיין פייגענבוים". שלמה האָט ניט געפיהרט קיין מלחמות אזוי ווי דוד. די ארומיגע פעלקער, ווי למשל די אדומים און עמונים, זיינען גע־ווען אונטערטעניג דעם אידישען מלך און האָבען איהם געצאַלט צינז. אָבער מיט די זעלבסטשטענדיגע שכנ'ישע מלוכות פלעגט ער שליסען פריעדליכע בונדען און האנדעלס־אבמאַכען. די נאָהנט־סטע שכנה פון דער אידישער מלוכה איז געווען די רייכע און סוחר'ישע פעניציען; אין דרום־זייט איז געלעגען דאָס געבילדעטע און שטאַרקע מצרים, און פון צפון — די מלוכות פון מעסאפאָטאַ־מיען (ארם אין דמשק). מיט די דאָזיגע מלוכות האָט שלמה איינ־געפיהרט האנדעל. די אידען, אלס א פאָלק פון ערדארבייט, פלע־גען אַרויספיהרען אהין פּראָדוקטען פון דער ערד: תבואה, פירות און וויינטרויבען, און אין אויסטויש פלעגען זיי בעקומען פון פע־ניציען געהילץ פון די צעדער־וועלדער פון לבנון, און פון מצרים — פערד און רייטוועגען. אויסער דעם איז דאָס אידישע לאַנד געווען א וויכטיגער האנדעלס־וועג, איבער וועלכען עס זיינען געגאַנגען קאַ־ראַוואַנען מיט סחורה פון מעסאָפּאָטאמיען קיין מצרים. אויף שלמה'ס בעפעהל האָט מען אויסגעבויט אין פערשיידענע פלעצער בעקוועמע סטאַנציעס פאַר די קאַראַוואַנען און שפּייכלער פאַר די סחורות. זייענדיג פערבונדען מיט די פעניציער האָבען אידען אויך געפיהרט האנדעל אויפ'ן ים. די אידישע און פעניצישע ים־רייזענ־דע פלעגען זיך אוועקלאָזען אויף שיפען אין דעם וואונדערלאַנד אופיר (אינדיען אָדער דרום־אַראַביען) און פלעגען ברענגען פון דאָרט טהייערע מעטאַלען, העלפאנדביין, שמעקעדיגע בשמים און

אלערליי ציערונג. אויף אזא אופן האָבען די אידען אַנגעהויבען זיך צוזאַמענקומען מיט די געבילדעטע פעלקער פון אזיען און אפריקא. שלמה פלעגט זיך אפילו מתחתן זיין מיט די פרעמדע מלכים. צווישען זיינע ווייבער איז געווען די טאָכטער פון א מעכטיגען עגיפטישען פרעה. נאָכטהוענדיג דעם ביישפּיעל פון די אנדערע מלכים פון מזרח האָט שלמה געזארגט וועגען דער רייכקייט און גלאנץ פון זיין הויפּטשטאָדט. אין זיין צייט איז די שטאָדט ירושלים בעשעהנט געווארען מיט פּרעכטיגע געביידען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט דער בית־המקדש און דער קעניגליכער פּאלאץ.

§61. דאָס בויען פון דעם בית המקדש. אין גיכען נאָכדעם ווי שלמה איז ארויף אויפ'ן קעניגליכען שטוהל האָט ער גענומען ערפילען די צואה פון זיין פאטער — צו בויען דעם גרויסען בית־המקדש אין ירושלים. פאר א פּלאַץ פאר'ן הייליגען הויז איז אויסגעקליבען געווארען דער בארג מוריה, אין צפון־מזרח־זייט פון ירושלים. פאר דעם דאָזיגען בנין האָט זיך געפּאָדערט אונגעהויער פיעל שטיין און געהילץ. שטיין איז געווען אין כנען גופא. צעהנדליגע טויזענדער ארבייטער, וואס שלמה האָט צוזאַמענגענומען צווישען די בעזיעגטע כנענ'ישע פעלקער, האָבען אין די בערג אויסגעהאקט שטיינער און זיי ארומגעטעסעט אין גלייכע בלאָקען; אנדערע ארבייטער האָבען די דאָזיגע שטיינער געפיהרט צום פּלאץ פון בנין. כדי צו קריגען די נויטיגע געהילץ האָט זיך שלמה געווענדט צום פעניצישען קעניג חירום, וואס זיין הויפּטשטאָדט צר האָט געהאט א שם פאר איהרע שעהנע געביידען. חירום האָט בעווילינגט צו געבען שלמה'ן צעדערען־ און ציפּרעסען־בוימער פון די לבנון־וועלדער און זיי ברענגען צופיהרען מיט'ן ים ביז יפה, דער נעהנטסטער האפען צו ירושלים. דרייסיג טויזענד אידען זיינען גענומען געווארען פיר קעניגליכער ארבייט, צו האקען וואלד אויפ'ן בארג לבנון. זיי זיינען געוועזן צוטיילט אין דריי אבטיילונגען, צו צעהן טויזענד מאן אין יעדער. די אבטיילונגען האָבען געארבייט נאָך דער רייהע: איין מאָנאט געארבייט און צוויי גערוהט. חירם האָט צוגעשטעלט דאס געהילץ אין יפו און האָט אויך געשיקט שלמה'ן בוימייסטער און קינסטלערישע מייערער פון צר. פאר די

אלע טובות האָט שלמה געגעבען חירומ'ן יעדען יאָהר, אז לאַנג ווי די ארבייט האָט געדויערט, א בעשטימטען סכום ווייץ, בוימאייל און וויין. ווען דער בוי־מאטעריאל איז שוין געווען אינגאנצען פאַר־טיג, איז מען צוגעטראָטען צום בויען. דער בית־המקדש איז גע־בויט געווארען פון די שטיינערנע בלאָקען, און פון אינווייניג זיינען די ווענד בעדעקט געווען מיט ברעטער פון צעדער־האָלץ, אויף וועל־כע עס זיינען געווען אויסגעשניצט בלומען, פאַלמען־בוימער און כרובים. די גאַנצע שניצעריי אויף די ווענד איז געווען בעדעקט מיט גאָלד.



דער בית־המקדש.

דער בית המקדש האָט געהאט צוויי אבטיילונגען: אן אינ־ווענינגסטע און אן אויסווענינגסטע. די אינווענינגסטע אבטיילונג איז געווען אין דעם סאַמע אבגעלעגטען, הינטערשטען חדר פון דער גע־ביידע און האָט זיך גערופען „דביר“ אדער „קדשי קדשים“. דאָ זיינען געשטאַנען צוויי כרובים פון בעגילטען איילבירט־האָלץ, און אונטער די צושפּרייטע פליגעל פון די כרובים איז געשטאַנען דער ארון־קדש. דאָ האָט אייביג געהערשט א געהיימניספולער האַלב־דונקעל. אין דער אויסווענינגסטער אבטיילונג, וואס האָט געהייסען „מקדש“ אָדער „היכל“, האָבען זיך געפונען פאַהנען צו רויכערען קטרת, די מנורה, א טיש פאַר'ן הייליגען ברויט (לחם

הפּנים), אַלץ פון ריינעם גאָלד געמאַכט. אין דער לענג פון דעם היכל האָט זיך געצויגען אַ שעהנע גאַלעריע מיט צוויי דיקע קאָר־פּערנע זיילען. פון דער דאָזיגער גאַלעריע איז געגאַנגען אַ ברייטער הויף, וועלכער איז געווען אַרומגעצאַמט מיט אַ וואַנד. אין הויף האָבען זיך געפונען: אַ גרויסער קופּערנער מזבח, אַ קופּער־נער האַנד־פאַס (כיור) פאַר די כהנים צו וואַשען די הענד, וועלכער האָט צוליעב זיין אונגעהויערער גרויס געהייסען: „דער קופּער־נער ים“, און אַנדערע כּלים צו די קרבנות.

דער דאָזיגער גרויסאַרטיגער בנין האָט זיך געבויט עטליכע יאָהר און איז געענדיגט געוואָרען אַרום טויזענד יאָהר פאַר דער איצטיגער ערא. דאַן האָבען זיך אָנגעהויבען די שמחות פון חנוכת הבית. אין דעם חודש תשרי, דער חודש פון ימים טובים, זיינען אין ירושלים אָנגעקומען אַ סך אידען פון אַלע עקען לאַנד. פאַר די אויגען פון פאָלק האָבען די כהנים אַריינגעטראָגען דעם הייליגען אָרון מיט די לוחות אין די קדשי־קדשים און עס אַוועקגע־שטעלט אונטער די פאַנאַנדערגעלאָזענע פליגלען פון די גאָלדענע כרובים. די זיילען רויך פון דעם געצונדענעם קטרת האָבען איינגע־הילט דעם דאָזיגען חדר פון בית־המקדש אַזוי ווי אין אַ וואָלקען, און דער געדאַנק האָט זיך אַריבערגעטראָגען צום ערשטען „וואוינ־אָרט פון גאָט“, צום טונקעלען און גראַנדיעזען באַרג סיני. דער קעניג האָט זיך געווענדעט מיט'ן פּנים צום הייליגטום און האָט גע־זאָגט: „גאָט האָט בעשטימט צו וואוינען אין אַ געדיכטען וואָל־קען. איך האָב אויסגעבויט אַ הויז פאַר דיר, אַ פּלאַץ פאַר דיין אייביגער וואוינונג“. נאָכדעם איז דער קעניג מיט'ן פאָלק אַרי־בערגעגאַנגען אין די דרויסענדיגע חדרים פון דעם בית־המקדש און אויפ'ן הויף, וואו עס איז געשטאַנען דער מזבח. דאָ איז אַלץ געווען פערגאָסען מיט אַ וואונדערליכען שיין פון די בעגילדעטע ווענד און זיילען און פון די פינקעלדיגע טהייערע כּלים. די כהנים האָבען געפּראַוועט גאָטעסדיענסט און געבראַכט קרבנות, און די לויים האָבען געזונגען הייליגע ליעדער און געשפּיעלט אויף האַר־פען. דאָס פאָלק איז געווען בעצויבערט פון אַלץ וואָס ער האָט גע־זעהן און האָט געקוקט מיט יראת־הכבוד אויף זיין נייעם גרויסאַר־טיגען בית המקדש. עטליכע טעג האָבען געדויערט די פייערליכע

שמחות פון דעם חנוכת הבית, און נאכער איז זיך דאס פאלק צו־גאנגען און צופאהרען אהיים.

§62. דער אויסוועניגסטער גלאנץ און די אינוועניגסטע אונאָרדנונג. ווען דער בית־המקדש איז געווען פארטיג האָט מען אנגעהויבען בויען דעם קעניגליכען פאלאץ. די פעניצישע מייסטער האָבען אויסגעבויט פאר שלמה׳ן א פרעכטיגען פאלאץ, ניט ווייט פון בית־המקדש. דער קעניגליכער פאלאץ איז בעשטאנען פון עט־ליכע בנינים וואס זיינען געווען פעראייניגט איינער מיט דעם אנדערען. צום פאלאץ האָט געפיהרט אָן אלייע, וועלכע האָט זיך גערופען דער „לבנון וואלד“, דען זי איז בעשטאנען פון צוויי לאנגע שורות צעדער־זיילען. דאָ איז געשטאנען די קעניגליכע וואך מיט שווערדען און מיט גאלדענע שילדען. אין דעם געריכטס־זאל („אולם־המשפט“) פון דעם פאלאץ איז געשטאנען דער קעניגליכער טראהן פון העלפאנדביין, מיט גאָלדענע בעפוצונגען. דאָ פלעגט דער מלך משפט׳ן און אויפנעהמען פרעמדע שלוחים. ביי די זיי־טען פון דעם הויפט־פאלאץ זיינען געשטאנען צוויי בנינים, אין איינעם האָט געוואוינט דער קעניג אליין, און אין דעם אנדערען — די הויפט־קעניגין, א טאָכטער פון דעם עגיפטישען פרעה, מיט איהר סוויטע. אויסער דעם בית־המקדש און דעם פאלאץ, איז אין ירושלים אויסגעוואקסען א גאנצע צאָל שעהנע געביידען, וואס זיינען אויסגעבויט געווארען פון די רייכע לייט פון ירושלים. די הויפטשטאָדט פון דער אידישער מלוכה איז געווארען א בעלעבטע שטאָדט מיט א סך גלאנץ. אין דער צייט פון די יעהרליכע ימים־טובים פסח און סוכות פלעגען זיך קיין ירושלים צוזאמענקומען מאַ־סען אידען פון אלע שטעדט, וועלכע פלעגען עולה רגל זיין אהער צו מתפלל זיין אין בית־המקדש און ברענגען קרבנות. רייכע סוחרים פלעגען פאהרען קיין ירושלים וועגען מסחר, און בעוואוסטע אויס־לענדער פלעגען קומען אנקוקען דעם בית־המקדש און די אנ־דערע מערקווירדיגע זאכען פון דער אידישער הויפטשטאָדט.

איינמאָל איז קיין ירושלים געקומען די מלכה פון שבא, א מלוכה אין דרום אראביען. זי האָט זיך אָנגעהערט וועגען שלמה׳ס גרויסער חכמה, און זי האָט זיך געוואלט אליין איבערציינגען ווי ווייט די דאָזיגע קלאנגען זיינען אמת. דער קעניג האָט זי אויפגענו־

מען זעהר פריינדליך און האָט געענטפערט אויף אלע איהרע פראגען און רעטעניזשען. נאָך א לאנגען שמועס מיט שלמה׳ן איז די מלכה שבא אזוי ענטציקט געווארען פון זיין חכמה, אז זי האָט אויסגע־רופען: „דו ביזט א סך קליגער און רייכער, ווי מען האָט מיר דערצעהלט! גליקליך זיינען דיינע אונטערטאנען, וועלכע קענען דיך שטענדיג זעהן און הערען דיין חכמה״. זי האָט געשענקט דעם קעניג א סך גאלד, טייערע שטיינער און דופטיגע געווירצען, און בעקומענדיג פון איהם אויך טייערע מתנות איז זי אוועק צוריק אין איהר לאנד.



מזבח.

אָבער צום סוף פון שלמה׳ס קעניגען האָט זיך ארויסגעוויזען, אז ניט קוקענדיג אויף׳ן אויסווענינגסטען גלאַנץ פון דער אידישער מלוכה איז דאָך ניט דאָס גאנצע פאָלק געווען צופריעדען און גליק־ליך: צו טייער האָט געקאָסט דעם פאָלק דער דאָזיגער אויסווע־ניגסטער פראכט. א קליינע צאָל סוחרים און האנדעלסלייט זיינען רייך געווארען פון דעם מסחר, וואס האָט זיך ענטוויקעלט אין לאנד, אבער די גאנצע מאסע ערד־ארבייטער האָט געלעבט אין ארעמקייט. דאס ארבייטענדע פאלק, וואס איז שוין גענוג פעראַרעמט געווען פון די געצוואונגענע ארבייטען פאר׳ן בית־המקדש און די פאלאצען,

האָט נאָך נעקרעכצט אונטער דער לאַסט פון די שטענדיגע טאַקסען, וואָס זיינען אויף איהם ארויפגעלעגט געווארען כדי אויסצוהאלטען דעם קעניגליכען פאלאַץ. שלמה האָט צוטיילט דאס לאנד אויף צוועלף טייל און יעדער טייל האָט געמוזט א מאָנאט אין יאהר אויסהאלטען מיט עסענוואַרג די גרויסע קעניגליכע פאמיליע און די בעאַמטע. דאָס פאלק, געדריקט פון די שווערע צינזען, איז גע־ווארען אונצופריעדען, און די פערשווענדעריי אין דעם קעניג'ס הויז איז אַלץ געוואַקסען. דער קלוגער שלמה האָט געדארפט מיט מעהר פערשטאנד רעגירען דאָס לאַנד, אָבער אנשטאַט דעם האָט ער געלעבט מיט דעם געוועהנליכען לוקסוס פון א מזרח־הערשער. ער האָט געהאַט א סך ווייבער פון פרעמדע פעלקער: מצרי'שע, מואבי'שע און פעניצישע פרויען, און אויף אויסצוהאלטען זיי אַלע האָט זיך געפאָדערט זעהר א סך געלד. דורך דעם איינפלוס פון שלמה'ס ווייבער האָבען די פעניציער און אנדערע פרעמדע איינ־וואוינער פון ירושלים געקענט דארט פריי אויפשטעלען מזבחות צו זייערע היידנישע געצען. דער קעניג אליין פלעגט אפטמאָל ביי־וואוינען דעם געצענדיענסט פון זיינע פרעמדע פרויען. דאָס האָט געהאַט א שעדליכע ווירקונג אויף די מדות פון פאלק און עס איז געווען א סכנה אז אין לאנד זאָל זיך ווייטער פערשפרייטען דער פריהעריגער געצענדיענסט.

די נביאים האָבען געהאַט דעם מוט צו שטראָפען דעם קעניג פאַר זיין שלעכטער אויפפיהרונג און האָבען איהם פאראויסגעזאָגט, אז זיין מלוכה וועט גיך צופאלען ווערען. סמנים פון צופאלונג האָבען זיך שוין אָנגעפאנגען צו מערקען. איינער פון דעם קעניג'ס בעאַמטע ירבעם פון שבט אפרים, האָט זיך בענוצט מיט דער אונ־צופריעדענקייט וואס האָט געהערשט צווישען די בני אפרים געגען שלמה'ן און האָט אויפגעהויבען א פאלקס־אויפשטאנד. איינמאָל האָט דער נביא אחיה השילני בעגעגענט ירבעמ'ן אין פעלד און האָט אָנגענומען זיין מאַנטעל און איהם צוריסען אויף צוועלף שטיק. צעהן שטיק האָט דער נביא געגעבען צוריק צו ירבעמ'ן און האָט געזאָגט: „נעהם די דאָזיגע צעהן שטיק: זיי בעדייטען צעהן שבטים פון אידישען פאלק, וועלכע וועלען זיך אבררייסען פון דוד'ס שטאַם און וועלען אויסקלייבען דיך פאַר א מלך“. ערמוטיגט פון

דער דאָזיגער נבואה האָט ירבעם זיך גענומען גרייטען ארויסצוטרע־
טען אפּען בראש פון די בני אפרים געגען שלמה המלך. ווען שלמה
האָט זיך דערוואוסט וואס ירבעם האָט ברעה צו טהאָן האָט ער גע־
שיקט זיין וואך מיט'ן בעפעהל צו טויטען איהם. דעמאָלט איז
ירבעם אנטלאָפען קיין מצרים און האָט זיך דארט בעהאלטען ביז
שלמה'ס טויט.

§63. די צושפּאלטונג פון דער אידישער מלוכה. נאָך
אן ערך פון פערציג יאָהר קעניגען איז שלמה געשטאָרבען. אויפ'ן
טראהן האָט געדארפט ארויפגעהן זיין עלטסטער זוהן רחבעם.
רחבעם האָט זיך ניט אויסגעצייכענט מיט קיין בעזונדערע מעלות:
ער האָט ניט געהאט ניט דעם העלדענמוט פון דוד'ן, ניט די חכמה
פון שלמה'ן. דער שבט יהודה און א טייל פון שבט בנימין, וועלכע
זיינען געווען געטריי צו דוד'ס דינאסטיע, זיינען געווען גרייט גלייך
צו ערקלערען רחבעמ'ען פאר א מלך, אבער די איבעריגע שבטים,
און איבערהויפּט דער שבט אפרים, האָבען זיך געקווייינקעלט. ווען
ירבעם, וועלכער האָט זיך בעהאלטען אין מצרים, האָט דערהערט פון
שלמה'ס טויט האָט ער זיך גלייך אומגעקעהרט אין זיין פאטערלאנד
און האָט אונטערגעהאלטען אין דעם פאלק די אונצופריעדענקייט
מיט דוד'ס דינאסטיע.

דעמאָלט האָבען זיך אין דער שטאָדט שכם, פון שבט אפרים,
פערזאמעלט די עלטסטע פון אידישען פאלק, כדי צו בעראטען זיך
וועגען דער ערוועהלונג פון דעם נייעם מלך. אהין איז אויך געקור־
מען רחבעם. דאָס פאָלק, וואס איז געווען אונצופריעדען מיט די
שווערע צינזען, וועלכע מען האָט אויף איהם ארויפגעלעגט פאר
שלמה'ס צייטען, האָט בעשלאָסען צו פאָדערען פון דעם נייעם קעני־
ניג א פערלייכטערונג. די פאָרשטעהער פון פאלק, מיט ירבעמ'ן
בראש, זיינען געקומען פאר רחבעמ'ן און האָבען איהם געזאגט:
„דיין פאטער האָט ארויפגעלעגט אויף אונז א שווערע לאסט;
פערלייכטער אונז די דאָזיגע לאסט און דעמאָלט וועלען מיר דיר
דיענען". דער שטאָלצער רחבעם האָט זיך געפיהלט בעליידיגט פון
דער דאָזיגער פאדערונג, נאָר ער האָט זיי צוגעזאגט אין דריי טעג
ארום צו געבען אן ענטפער. ער האָט פעררופען זיינע יועצים צו
הערען זייער מיינונג. די עלטערע ראטגעבער, וועלכע האָבען נאָך

גֿעדיענט פאר שלמה'ן, האָבען פארגעלייגט רחבעמ'ן ער זאָל נאָכ־געבען און זאל בעוויליגען דעם פאלק די פערלייכטערונג, וואס ער פאָדערט; אבער די אינגערע הויפליוט, וועלענדיג נושא חן זיין ביי דעם שטאָלצען און הערשערישען קעניג, האָבען איהם אַן עצה געגעבען ער זאל אבזאגען דעם פאלק אין אלץ. רחבעם האָט אָנ־גענומען די עצה פון די יונגע. ווען אויפ'ן דריטען טאָג זיינען צו איהם געקומען די פארשטעהער פון פאלק האָט זיי רחבעם געזאגט די פאלגענדע גרויזאמע ווערטער: „מיין פאטער האָט ארויפגע־לעגט אויף אייך א שווערע לאסט, און איך וועל נאָך פערגרעסערען די דאָזיגע לאסט; מיין פאטער פלעגט אייך שטראפען מיט ביי־טשען און איך וועל אייך שטראפען מיט עקדישען" (בייטשען מיט העקלעך אויפ'ן עק). דער דאָזיגער ענטפער פון דעם טיראנישען קעניג האָט שטארק אויפגעבראכט די בני אפרים און זיי האָבען אויסגערופען: „וואס איז צווישען אונז און דעם הויז פון דוד'ן? צוגעהט זיך איבער אייערע געצעלטען, אידען!" ירבעם האָט זיך געשטעלט בראש די מורדים. רחבעם האָט ארויסגעשיקט צום פאלק זיין הויפט־אויפזעהער איבער די צינזען ער זאָל בערוהיגען די אונצופריעדענע, אָבער דאס פאלק האָט פערשטיינערט דעם פער־האסטען שטייער־זאמלער. רחבעם אליין האָט זיך קוים גערעטעט: ער איז אריינגעשפרונגען אין זיין רייטוואגען און איז אנטלאפען קיין ירושלים.

נאָכדעם האָבען צעהן אידישע שבטים: דער שבט אפרים און אלע שבטים פון צפון און עבר־הירדן, ערקלערט ירבעמ'ען פאר א קעניג. בלויז דער שבט יהודה און א טייל פון שבט בנימין זיינען געבליבען געטריי דעם הויז דוד און האָבען אנערקענט רחבעמ'ן פאר זייער מלך. ווען רחבעם איז געקומען קיין ירושלים האָט ער צוזאמענגענומען א גרויסען חיל פון די בני יהודה און בני בנימין און האָט בעשלאָסען צו געהן האלטען מלחמה מיט די אבגעפאלענע שבטים. נאָר דער נביא שמעיה, א „געטליכער מאן", האָט זיך געווענדט צום קעניג און צום פאלק מיט די ווערטער: „געהט ניט מלחמה האלטען מיט אייערע ברידער, די בני ישראל, נאָר קעהרט זיך אום יעדער צו זיין היים ווארום דורך גאָט'ס ווילען איז דאָס אלץ געשעהן." די פערזאמעלטע קריגסלייט זיינען זיך

צוגאנגען. אויף אזא אופן איז דאס גרויסע קעניגרייך פון דוד און שלמה זיך צופאלען אויף צוויי בעזונדערע מלוכות: איינע, די קלענערע, האָט זיך אנגערופען „מלכות יהודה", און האָט געהאט א קעניג פון דוד'ס דינאסטיע; און די אנדערע, די גרעסערע, האָט זיך גערופען „אפרים" אדער „מלכות ישראל", און אויך די „עשרת השבטים", און האָט אנערקענט פאר איהר ערשטען קעניג ירבעם'ן פון שבט אפרים.

## נײנטער קאַפּיטעל.

# מלכות ישראל און יהודה אין דעם ערשטען יאָהר־הונדערט נאָך שלמה'ס טויט.

(830—977 פאַר דער קריסטל. צייטר.)

§64. ירבעם און רחבעם. אז שלמה'ס מלוכה איז צוטיילט געווארען אין צוויי חלקים איז פערשוואונדען די איינינקייט פון אידישען פאלק. די צוויי מלוכות האָבען געלעבט אזוי ווי צוויי בעזונדערע פעלקער: ישראל און יהודה. די צעהן שבטים פון צפון, וועלכע האָבען געבילדעט די גרויסע מלוכה פון ישראל, האָבען זיך אליין מעהר דערווייטערט פון די שבטים אין דרום, וועלכע האָבען געבילדעט די קלענערע מלכות יהודה. די צפונ'דיגע שבטים האָבען זיך פון לאנג אן אונטערשיידט פון די דרומ'דיגע מיט זייערע זיטען און מנהגים, און נאָך דער צושאפּלטונג האָבען די דאָזיגע אונטערשיידען נאָך אָנגעהויבען שטארקער ווערען. פריהער זיינען די בעזונדערע טיילען פון פאלק געווען פעראייניגט דורך צוויי בענדער: דוד'ס דינאסטיע און דעם אלגעמיינעם ביה־המקדש. דער ערשטער באנד איז צוריסען געווארען ווען די צעהן שבטים האָבען זיך אבגעזאגט פון דוד'ס אייניקעל און האָבען אנערקענט ירבעמ'ן פאר א קעניג. אין גיכען האָבען די אבגעטיילטע שבטים צוריסען אויך דעם לעצטען באנד: זיי האָבען זיך אבגעזאגט פון דעם בית־המקדש אין ירושלים און האָבען איינגעפיהרט א בעזונדער גאָטעסדיענסט.

בשעת רחבעם, דער מלך פון יהודה, האָט געלעבט אין ירולשים, האָט ירבעם, דער קעניג פון די צעהן אבגעפאלענע שבטים, געמאכט




די צוויי אידישע מלוכות.

זיין הויפּטשטאָדט אין דער אפרים׳שער שטאָדט שכם. אבער ירבעם איז ניט געווען רוהיג אויף זיין נייעם טראהן. ער האָט מורא גע־האט, אז ווען זיינע אונטערטאנען וועלען געהן דיענען גאָט קיין ירושלים, די הויפּטשטאָדט פון יהודה, קענען זיי נאָך צוריק אריבער אויף דער זייט פון רחבעמ׳ן, דעם געזעצליכען יורש פון דער מלוכה. דעריבער האָט ירבעם בעשלאָסען אינגאנצען אבצוציהען דאס פאלק פון דעם הייליגטום אין ירושלים. ער האָט גוט געוואוסט, אז דאס פּראסטע פאָלק האָט ליעב צו דיענען א גאָט, וואס מען קען זעהן מיט די אויגען, און וויל האָבען זיינע הייליגע ערטער ניט ווייט פון זיך, אויף דעם נאָהנטסטען בערגעל אדער אין נאָהנטסטען וועלדעל. האָט ירבעם געלאָזט אויסגיסען פון גאלד צוויי געשטאַלטען פון אידישען גאָט און האָט זיי אוועקגעשטעלט אין צוויי שטעדט, וועל־כע האָבען זיך נאָך פון אַלטע צייטען גערעכענט פאר הייליגע: איינעם אין בית־אל, אין דרום פון מלכות ישראל, און דעם אנדערען אין דן, אין צפון. די דאָזיגע גאָלדענע געשטאַלטען פון גאָט זיינען געווען — קעלבער, מסתמא דערפאר וואס ירבעם האָט געזעהן ביי די מצריים דעם מנהג פארצושטעלען זייער גאָט אין דער פאָרמע פון אן אָקס (אפּיס). ירבעם האָט ערקלערט דעם פאלק: „גענוג אייך צו געהן קיין ירושלים; אָט איז די געשטאַלט פון יענעם גאָט, וואָס האָט ארויסגעפיהרט די אידען פון מצרים“. א גרויסער טייל פון פאלק האָט זיך מיט פרייד געלאָזט אין די נייע טעמפּלען. אזוי ווי די לויים, וואס זיינען געווען דער גייסטליכער שטאנד, האָבען ניט געוואָלט דיענען אין די נייע טעמפּלען האָט ירבעם דאָ געשטעלט כהנים פון פּשוט׳ן פאלק. אפטמאָל, אין די גרויסע ימים טובים, פלעגט ער אליין טהאָן די ארבייט פון דעם כהן אין דעם טעמפּעל פון בית־אל. אויסער דעם האָט ער ערלויבט צו בויען מזבחות אויף די בערג, אזוי ווי עס האָט זיך געפיהרט אמאָל, אין דער צייט פון די שופטים. אויף אזא אופן האָט זיך אין דער מלוכה פון די עשרת השבטים פערשפּרייט דער געצענדיענסט. די לויים און יענע פון פאלק, וואס זיינען געבליבען געטריי דעם אידישען גאָט, פלעגען אוועקגעהן פון מלכות ישראל קיין ירושלים און ווערען אונטערטא־נען צו רחבעמ׳ן.

רחבעם האָט גע׳ירש׳עט די חסרונות פון זיין פאטער, אבער ער האָט ניט געהאט זיינע מעלות. די צייט פון זיין קעניגען איז ארוי־

בער אין אונרוהען. צווישען איהם און ירבעמ'ן זיינען פארגעקומען שטענדיגע מלחמות. אויפ'ן פינפטען יאהר פון רחבעמ'ס קעניגען איז דער עגיפטישער מלך שישק אריינגעטראטען מיט א גרויסען חיל אין יהודה, האט איינגענומען עטליכע בעפעסטיגטע שטעדט און איז אריינגעדרונגען אין ירושלים. שישק, וועלכער האט נאר געדורשט נאך רויב, האט פערנומען די אוצרות, וואס האבען זיך געפונען אין בית המקדש און אין דעם קעניגליכען פאלאץ, און איז אוועק צוריק אין זיין לאנד. נאך דעם דאזיגען אנפאל האט רחבעם געקעניגט נאך צוועלף יאהר און איז געשטארבען (960). אין גיכען איז אויך געשטארבען ירבעם, וועלכער האט געקעניגט צוויי־און־צוואנציג יאהר (955).

נאך ירבעמ'ס טויט האט זיך אין מלכות ישראל אנגעהויבען א צייט פון מהומות און מחלוקות. די מלכים האבען זיך שנעל געביטען, און איינער פלעגט ערמארדען זיין פארגענגער און מיט גוואלד פערכאפען די ממשלה. אין פערלויף פון פינף־און־צוואנציג יאהר האבען זיך אין מלכות ישראל געביטען פיער מלכים פון פערשיידענער אבשטאמונג (נדב, בעשא, אלה און עמרי). פון די שטענדיגע מחלוקות אינוועניג איז דאס לאנד אבגעשוואכט געווארען. דערמיט האט זיך בענוצט אסא, דער מלך פון יהודה, רחבעמ'ס אייניקעל, און האט איינגענומען א סך שטעדט אין מלכות ישראל. נאך לאנגע מהומות איז די ממשלה אריינגעפאלען אין די הענד פון עמרי, וועלכער האט געמאכט א סוף צו די אונרוהען און האט געגרינדעט זיין דינאסטיע (928).

§65. עמרי און אחאב. עמרי, דער פינפטער קעניג פון ישראל נאך ירבעמ'ן, האט זיך אויסגעבויט א נייע הויפטשטאדט, שומרון, ניט ווייט פון דער פריהערדיגער הויפטשטאדט שכם (927). פון דעמאלט אן איז שומרון אין פערלויף פון צוויי הונדערט יאהר געבליבען די הויפטשטאדט פון מלכות־ישראל, וועלכע האט זיך דעריבער אויך גערופען מלכות שומרון. דער ערשטער קעניג פון שומרון, עמרי, האט זיך קודם־כל בעמיהט איינצושטעלען רוהע און ארדנונג אין לאנד, וואס איז געווען צוטרייסעלט פון די מהומות. ער האט ניט געפיהרט קיין מלחמות מיט יהודה, אזוי ווי זיינע פאר־

גענגער, נאָר פערקעהרט, האָט געשטרעבט צו שליסען מיט איהר א פריינדליכען בונד, כדי מיט בעראייניגטע כחות אבצושלאָגען די אָנפאלען פון די דרויסענדיגע פיינד. דער דאָזיגער פריעדען צווי־שען די צוויי ברודער־פעלקער איז געווארען שטארק אין דער צייט פון די נאָהנטסטע מלכים נאָך עמרי. אין דער זעלבער צייט האָט דער קעניג פון שומרון געשלאָסען א צווייטען בונד, וואס האָט גע־האט א גרויסע בעדייטונג פאר'ן אידישען פאלק. עמרי האָט זיך בעפריינדעט מיט די הערשער פון דער שכנ'ישער פעניצישער מלוכה, און האָט אפילו חתונה געמאכט זיין זוהן אחאב'ן מיט איזבל, די טאָכטער פון דעם קעניג און כהן פון צר. די פעניציער האָבען זיך אָנגעהויבען פריי בעזעצען אין די לענדער פון ישראל, און האָבען דארט ענטוויקעלט מסחר און האנדעל; נאָר אינאיינעם דערמיט האָבען זיי אהין געבראכט זייערע היידנישע מנהגים און מדות, וועלכע האָבען געהאט א שעדליכע ווירקונג אויף די אידען.

אז עמרי האָט זיך פערזיכערט מיט דער פריינדשאפט פון פעניציען און יהודה האָט ער זיך געווענדט געגען די דרויסענ־דיגע שונאים. ער איז ארוים מלחמה האלטען מיט די מואבים, זיינע שכנים אין מזרח־זייט, און האָט אָבגענומען ביי זיי א סך שטעדט. (ווענען דעם זאגט עדות א ניט לאנג געפונענע אויפ־שריפט פון דעם מואב'שען קעניג מעשו אויף א שטיינערנעם דענקמאל פון דעם ניינטען יאָהרהונדערט פאר דער קריסטליכער צ. ר.) די מואבים האָבען זיך אונטערגעגעבען און האָבען גע־צאלט דעם קעניג פון ישראל א יעהרליכען צינז. נאָר דעמאָלט איז געגען ישראל ארויסגעטראטען בן־הדד, דער קעניג פון ארם אָדער דמשק. עמרי האָט ניט געקענט ביישטעהן געגען די שטארקע ארמים, און איז געצוואונגען געווען צו שליסען מיט זיי פריעדען אויף שווערע תנאים. די האנדעלס־קאראוואנען פון די ארמים האָבען געקראָגען דאָס רעכט זיך אָבצושטעלען אין שומרון און אין אנדערע שטעדט פון מלכות ישראל.

עמרי איז געשטארבען אין עטליכע יאָהר ארום נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעבויט שומרון. אויפ'ן טראהן איז ארויף זיין זוהן אחאב (901—922). אין אחאב'ס צייט האָט מלכות שומרון דערגרייכט אזא אויסערליכען גלאַנץ, וואס זי האָט נאָך קיין מאָל ניט געהאט.

אחאב האָט אויפגעהאַלטען די נאָהנטע פריינדשאַפט פון די פעניציער און האָט זיי נאָכגעטהאָן אין אַ סך זאכען. ער האָט זיך אויסגעבויט אין טאָל יזרעאל אַ נייעם פּרעכטיגען פּאלאץ, וועלכער איז געווען בעוואוסט צווישען פאלק מיט'ן נאָמען „דאס הויז פון העלפאנדביין". די מנהגים און זיטען פון דער רייכער פעניציען האָבען זיך אלץ מעהר פערשפרייט אין מלכות ישראל, און צוזאמען מיט זיי האָט אויך אריינגעדרונגען די עבודה זרה, וואָס איז געווען פרעמד דעם גייסט פון דער אידישער רעליגיאָן. דערצו האָט דער עיקר מיטגעהאָלפען אחאב'ס ווייב, די פעניציערין איזבל, אַ פרוי, וואס האָט ליעב געהאט צו הערשען און וואס האָט בעזעסען אַ שטארקען ווילען. זייענדיג די טאָכטער פון דעם היידנישען כהן פון צר, האָט די קעניגין איזבל געשטרעבט מיט אלע איהרע כחות אריבערצופלאנצען אויפ'ן אידישען באָדען דעם געצענדיענסט און די לייכטע זיטען פון איהר פאטערלאנד. זי האָט זיך ארומגערינגעלט מיט אַ סך פעניצישע פריסטער און פריסטערינס. אויף איהר פערלאנג האָט אחאב אויסגעבויט אַ גרויסען טעמפעל צום גאָט בעל, דעם פעניצישען זונען־גאָט. דאָ האָט זיך אויך געפונען אַ היילינגער בוים (אשרה) מיט אַ מזבח, לכבוד דער געטין אסטארטע (עשתרת). ביי דעם דאזיגען טעמפעל האָבען זיך געפונען עטליכע הונדערט פריסטער. אויך אין שומרון און אין אנדערע שטעדט האָט מען, צוזאמען מיט די מזבחות פאר'ן אידישען גאָט, געבויט אויך מזבחות פאר געצענדיענסט. דאָס אונוויסענדע פאָלק האָט זיך געבוקט אי צום אידישען גאָט אי צום בעל, און האָט גאָרניט געזעהן קיין סתירה דערין. בלויז אַ קליינער טייל פון פאלק איז געבליבען געטריי דעם ריינעם אידישען גלויבען.

די גאטספארכטיגע מענשען, וואס זיינען געבליבען געטריי משה'ס לעהרע, פלעגען אפט ארויסטרעטען מיט הונערנדע שטראָפרייד נעגען דעם פאלשען און פארדארבענעם געצענדיענסט. די דאָזיגע פרעדיגער און לעהרער האָט דאָס פאלק אנגערופען „נביאי־יהוה", צו אונטערשיידען זיי פון די היידנישע כהנים, וואס האָבען זיך גערופען „נביאי־הבעל". די מלכה איזבל האָט שרעקליך גע'רודפ'ט די נביאי־יהוה. זי האָט ארויסגעגעבען אַ בעפעהל צו טויטען די אלע פערטיידיגער פון דער אלטער אידישער אמונה. אַ



דער טאל פון ירדן.

סך נביאים זיינען אומגעקומען, אנדערע זיינען אנטלאפען און זיך בעהאלטען אין היהלען און פעלזען־שפאלטען, וואוהין זייערע אנ־הענגער פלעגען בשתיקה זיי ברענגען שפייז. דער פערוואלטער פון קעניגליכען פאלאץ, עובדיה, האט בעהאלטען אין א הייהל הונדערט נביאים און פלעגט זיי צושטעלען אהין שפייז און וואסער און קיינער אין הויף האט דערפון ניט געוואוסט.

§66. אליהו הנביא. צווישען די נביאי יהוה, וועלכע האבען זיך גערעטעט פון איזבל'ס צארן, איז געווען א בעגייסטערטער מאן מיט'ן נאמען אליהו („מיין גאט איז ה' "), א געבירטינגער פון דער שטאדט תשבי אין גלעד. דאס ריינע הארץ פון אליהו איז שטארק אויפגעבראכט געווארען פון די שלעכטע מעשים וואס זיינען פאר־געקומען ארום איהם. פלעגט ער זיך פלוצלונג בעווייזען אין שומרון און מיט פלאמענדע ווערטער פערדאמען די זינד פון דעם קעניג און פאלק, און פלוצלונג פלעגט ער פערשווינדען אין דער וויסטעניש, אנטלויפענדיג פון די פערפאלגונגען. מיט זיין אויסזעהן און מיט זיין ארט לעבען האט אליהו געצויגען אויף זיך אלעמענס אויפ־מערקזאמקייט: ער פלעגט טראגען א גראבען הארענעם מאנטעל, האט זיך פערלאזט לאנגע האר, פלעגט מעהרסטענטייל ניט עסען קיין פלייש און ניט טרינקען קיין וויין, און האט בכלל געהאסט פערגעניגענס און בעקוועמליכקייטען. פיעלע האבען איהם גערע־כענט פאר א הייליגען, וואס קען בעווייזען נסים. מען פלעגט דער־צעהלען, אז ווען אליהו האט זיך אויפגעהאלטען אין א וויסטען ארט נעבען ירדן, פלעגען ראבען איהם ברענגען שפייז יעדען טאג, אין דערפריה און פארנאכט. און אנדער לעגענדע דערצעהלט, אז אליהו האט געוואוינט ביי אן ארעמער אלמנה און האט צוריק צום לעבען געבראכט איהר קליינעם זוהן, וואס איז שוין געווען געשטארבען פון א שווערער קראנקהייט.

האבענדיג א שם פאר א הייליגען מאן האט אליהו אפט גע־וואגט צו זאגען דעם ביטערען אמת אין די אויגען אפילו דעם קעניג אליין. דער ערשטער צוזאמענשטויס צווישען דעם קעניג און דעם נביא איז פארגעקומען דורך פאלגענדער סבה. גלייך מיט אחאב'ס פא־לאץ אין טאל יזרעאל איז געשטאנען א פרעכטיגער וויינגארטען, וואס האט געהערט צו א דארטיגען איינוואוינער מיט'ן נאמען נבות. דער מלך האט געוואלט פארפלאנצען א סאד ארום זיין פא־

לאַץ, האָט ער געבעטען נבות׳ן ער זאָל איהם אָבלאָזען זיין וויינ־גאָרטען. אבער נבות האָט זיך ניט געוואָלט שיידען מיט דער ירושה פון זיינע עלטערען, וואס איז איהם זעהר מהייער געווען. דאָס האָט אחאב׳ן אזוי פיעל צער פערשאַפט, אז ער האָט זיך אריינ־געלעגט א קראנקער אין בעט און האָט אויפגעהערט עסען. דע־מאָלט האָט די בייזע איזבל געדונגען צוויי פאלשע עדות, וועלכע האָבען געמאכט א בלבול אויף נבות׳ן, אז ער האָט געלעסטערט גאָט און דעם קעניג. דאס געריכט האָט פער׳משפט נבות׳ן צום טויט פאַר זיין כלומר׳שטען פארברעכען, און זיין שעהנער וויינגאָרטען איז אָנגעקומען דעם קעניג. ווען אליהו האָט דערהערט וועגען דער דאָזיגער רציחה איז ער געקומען צו אחאב׳ן און האָט מיט צאָרן אויסגעשריען: „דו האָסט גע׳הרג׳עט א מענשען און דו ירש׳עסט נאָך זיין פארמעגען! דעריבער הער וואס גאָט האָט געזאָגט: אויף יענעם פלאַץ, וואו די הינד האָבען געלעקט דאָס בלוט פון נבות׳ן, וועלען זיי לעקען דאָס בלוט פון דיר און פון דיין הויזגעזינד״. און גלייך דערויף איז דער נביא פערשוואונדען. אין אָנהויב האָט דער מלך חרטה געהאט, נאָר דערנאָך האָט ער אינגאנצען פארגע־סען אליהו׳ס ווערטער.

אין גיכען איז אויפ׳ן לאנד שמרון געקומען א גרויס אומ־גליק: דריי יאהר איז ניט געגאנגען קיין רעגען, די תבואה אויף די פעלדער איז ניט צייטיג געווארען און דאס פאָלק האָט געהונגערט. אין יענער צייט האָט זיך אליהו בעגעגענט מיט אחאב׳ן אין וועג. ווען דער קעניג האָט איהם דערזעהן האָט ער אויסגערופען: „ביסטו עס דער שולדיגער אין ישראל׳ס אומגליק?״ און אליהו האָט גע־ענטפערט: „ניט איך בין שולדיג אין ישראל׳ס אומגליק, נאָר דו און דיין פאמיליע, ווארום איהר האָט עובר געווען אויף גאָט׳ס גע־באָטען און זענט אוועק דיענען די בעלים״. און ער האָט ערקלערט דעם קעניג, אז אנדערש וועט ניט נעהמען א סוף צו די ליידען סיי־דען מען וועט פריהער שטילען דעם צאָרן פון גאָט. „לאָז מיר — האָט אליהו געזאָגט — צוזאמענרופען אלע כהנים פון בעל אויפ׳ן בארג כרמל, און איך וועל דאָרט ווייזען דעם פאָלק ווער איז דער אמת׳ער גאָט: יהוה אָדער בעל.״ דער מלך האָט געטהאָן ווי אליהו האָט פערלאַנגט.

און עס האָבען זיך פערזאמעלט אויפ'ן כרמל אלע כהנים פון בעל, אין צאָל פון 450 מענשען, און א גרויסע מאסע פון פאָלק; אליהו און אחאב זיינען דאָ אויך געווען. מען האָט אויפגעשטעלט צוויי מזבחות: איינעם פאר בעל און דעם אנדערען פאר ה'. און אליהו האָט געזאגט צו די כהנים פון בעל: „זאָל מען אונז געבען צוויי קעלבער: איינע שעכט איהר, און לעגט ארויף אויף אייער מזבח, אויף די האָלץ, נאָר קיין פייער לעגט ניט אונטער; און די אנדערע וועל איך אָוועקלעגען אויף מיין מזבח, אויף די האָלץ, און וועל אויך קיין פייער ניט אונטערלעגען. איהר רופט צו אייער גאָט און איך וועל רופען צו מיינעם. און יענער גאָט, וואס וועט ארונטערשיקען א פייער אויף זיין קרבן וועט אנערקענט ווערען פאר'ן אמת'ן גאָט.“ די כהנים האָבען געטהאָן אזוי ווי אליהו האָט געזאָגט. זיי האָבען אנידערגעלעגט זייער קרבן אויפ'ן מזבח און פון פריהמאָרגען ביז בייטאָג האָבען זיי געשריען: „בעל, בעל, דער־הער אונז!“ אבער קיין פייער האָט זיך ניט געוויזען. און אליהו האָט זיך גערייצט מיט זיי און געזאָגט: „רופט העכער אייער גאָט; אפשר איז ער פערנומען, ער געפינט זיך אין וועג אדער ער שלאָפט; שרייט העכער וועט ער זיך אויפכאפּען.“ די כהנים האָ־בען גענומען נאָך שטארקער צו שרייען, זיי האָבען ווילד געטאַנצט ארום דעם מזבח און האָבען זיך אזוי צוהיצט, אז זיי האָבען אָנגעהויבען שניידען און דראפּען זיך דאָס לייב ביז בלוט, אָבער בעל איז געבליבען טויב און שטום. דעמאָלט, דערצעהלט דער תנ"ך, האָט אליהו ארויפגעלעגט זיין קרבן אויפ'ן מזבח פון ה' און האָט אָנגעהויבען מתפלל זיין: „גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב! זאלען אלע איינזעהן, אז דו ביסט גאָט און איך בין דיין דיענער, און אז אין דיין נאָמען רייד איך און טהו אלץ. ענטפער מיר, גאָט, ענט־פער!“ ווי נאר אליהו האָט ארויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער האָט זיך אויפ'ן הימעל בעוויזען א שווארצער וואָלקען, עס האָט א בליץ געטהאָן א בליץ און האָט פארברענט דעם קרבן מיט די האָלץ אויפ'ן מזבח פון יהוה. דערזעהענדיג דאָס, איז דאָס פערזאמעלטע פאָלק שטארק אויפגעבראכט געווארען אויף די כהנים פון בעל און האָט זיך אויף זיי ארויפגעווארפען און זיי אלע געטויט.

דערווייל האָט זיך דער שטורם געשטארקט און עס האָט א

גאָס געטהאָן א גרויסער רעגען; די פעלדער זיינען אבגעפרישט געוואָרען און די תבואה איז גוט געראָטען. נאָך דער געשיכטע אויפ'ן כרמל איז אחאב גרייט געווען צו מאכען שלום מיט אליהו'ן, נאָר ווען די בלוט־דורשטיגע איזבל האָט זיך דערוואוסט פון דאָס וואָס איז געשעהן, האָט זי זיך פערשוואָרען צו טויטען אליהו'ן דערפאר, וואס ער האָט אומגעבראכט איהרע כהנים. אליהו איז אנטלאָפען אין יהודה און פון דאָרט — אין מדבר; דאָ האָט ער זיך דערשלאָגען צום הייליגען בארג חורב (סיני).

דער תנ"ך דערצעהלט, אז ווען אליהו האָט גענעכטיגט אין א הייהל אין בארג סיני, האָט ער דערהערט גאָט'ס קול: „וואָס טהוסטו דאָ, אליהו?" און אליהו האָט געענטפערט: „איך האָב זיך אָנגענומען פאר דיר, גאָט, ווארום די קינדער פון ישראל האָבען פערלאזט דיינע געבאָטען, האָבען צושטערט דיינע מזבחות און געטויט דיינע נביאים". דאן האָט גאָט צו איהם געזאָגט: „געה ארויס און שטעל זיך אויפ'ן בארג!" און אליהו האָט אזוי געטהאָן. און עס האָט זיך אויפגעהויבען א שרעקליכער שטורם, וואס האָט געמאכט צו ציטערען דעם גאנצען בארג, אבער גאָט האָט זיך ניט בעוויזען צום נביא אין דעם דאָזיגען שטורם. דערנאָך האָט זיך דערהערט א דונער, עס האָט זיך בעוויזען פייער, נאָר ניט אין דונער און ניט אין בליץ איז געווען גאָט. ענדליך איז אלץ רוהיג געוואָרען און אין דער לופט האָט זיך דורכגעטראגען א שטילער וועהען. און אין דעם דאָזיגען שטילען וועהען האָט אליהו דערפיהלט די אנוועזענהייט פון גאָט. דעמאָלט האָט ער פערשטאנען, אז גאָט איז נים אין בלוטיגען קאמפף, נאָר אין פריעדליכער, רוהיגער ארבייט.

§67. די מלחמות מיט די ארמים. די לעצטע יאהרען פון אחאב'ס קעניגען זיינען אריבער אין מלחמות מיט די ארמים. דער ארמי'שער קעניג בן־הדד דער צווייטער, וואס זיין הויפטשטאָדט איז געווען דמשק, איז געוואָרען זעהר מעכטיג: ער האָט געהאט א גרויס חיל, א סך פערד און קריעגס־וועגען. און די קליינע ארומיגע מלכים האָבען איהם געצאָלט צינז. און בן־הדד'ן האָט זיך פערוואלט אונטערטעניג מאכען אויף דאָס לאנד ישראל. איז ער געקומען אהין מיט א גרויסען חיל, האָט בעלאגערט די

הויפטשטאָדט שמרון און געפאדערט, אז אחאב זאָל מיט גוטען אנערקענען זיין איבערהערשאפט. אחאב האָט צונויפגערופען זיי־נע יועצים און אויף זייער עצה האָט ער צוריקגעוויזען בן־הדר'ס פאָדערונג. דער ארמי'שער קעניג האָט צאָרניג אויסגערופען: „איך שווער, אז די גאנצע ערד פון שמרון וועט ניט קלעקען ווען מיינע קריעגסלייט וועלען זי צונעהמען הויפענווייז." דערויף האָט אחאב איהם געלאָזט ענטפערען: „זאָל זיך ניט באריהמען דער וואס טהוט אן דעם גארטעל (פאר דער שלאכט) ווי יענער וואס טהוט איהם אויס (נאָך דער שלאכט)". און אחאב איז מיט א קליינע־אבער העלדישער מהנה אָנגעפאלען אויף דעם לאגער פון די ארמים גראדע דעמאָלט ווען זייער קעניג האָט געהוליעט מיט זיינע פער־בינדעטע פירשטען. די ארמים זיינען איבערראשט געוואָרען פון דעם אומגעריכטען איבערפאל און זיינען אנטלאָפען, און בן־הדד האָט זיך קוים געראטעוועט אויף זיין פלינקען פערד.

אין א יאהר ארום זיינען די ארמים ווידער געקומען אין לאנד פון ישראל. אבער האָט מאָל האָבען זיי געקראָגען נאָך א גרעסע־רע מפלה. פערלירענדיג זיין חיל האָט בן־הדד זיך אונטערגעגעבען צו אחאב'ן און איהם געבעטען ער זאל איהם שענקען דאָס לעבען. אחאב האָט זיין שונא פרייגעלאָזען, אבער ער האָט פון איהם גענו־מען א פערשפרעכען, אז ער וועט אומקעהרען צו די אידען די שטעדט, וואס די ארמים האָבען אמאָל ביי זיי צוגענומען. אבער דער ארמי'שער קעניג האָט זיין הבטחה ניט געהאלטען. דעמאָלט האָט אחאב גערופען צו הילף זיין פערבינדעטען, דעם קעניג פון יהודה, און זיי האָבען בעשלאָסען ביידע צו געהן מלחמה האלטען מיט די ארמים אין דער שטאָדט רמות אין גלעד.

קעניג אין יהודה איז דעמאָלט געווען רחבעמ'ס אור־אייניקעל, יהושפט דער זוהן פון אסה (895—918). אין זיין צייט איז יהודה געווארען א שטארקע און רייכע מלוכה. יהושפט האָט אויסגעבויט א סך פעסטונגען אין זיין לאנד און האָט פארגרעסערט זיין חיל. די ארומיגע פעלקער, די אדומים און אראבער, האָבען איהם גע־צאָלט צינז. יהושפט האָט אויך געשטרעבט צו פערשטארקען אין פאָלק דעם אמת'ן גלויבען און גוטע מדות. ער האָט בעשטימט די לויים צו לערנען די אידען די חוקים פון דער אמונה, וועלכע

האָבען זיך אויפגעהיט אין הייליגע ספרים אדער בעל־פה. פונ־דעסטוועגען איז דער ריינער גלויבען נאָך געווען שוואך אין פאָלק. א סך זיינען ניט געגאנגען אין בית המקדש אין ירושלים און האָבען געדיענט צו גאָט אויף מזבחות, וואס זיי האָבען געבויט אויף די שפּיצען בערג, אזוי ווי די געצענדיענער. יהושפט אליין, ניט קוק־קענדיג אויף זיין פרומקייט, איז געווען בעפריינדעט מיט דעם זינ־דיגען אחאב. די מלכים פון יהודה און ישראל האָבען זיך אפילו מתחתן געווען: עתליה, די טאָכטער פון אחאב און איזבל, איז גע־ווארען די פרוי פון יהושפט'ס זוהן יהורם. ווען אחאב האָט פאר־געלעגט יהושפט'ן, אז זיי זאלען געהן צוזאמען מלחמה האלטען מיט די ארמים האָט דער קעניג פון יהודה געענטפערט: „מיין פאָלק איז דיין פאָלק, און מיינע פערד זיינען דיינע פערד." יהושפט אליין איז געפאָהרען קיין שמרון. ביידע מלכים האָבען זיך געגר־מען גרייטען אין קריעג. די חנפ'עדיגע נביאים פון הויף האָבען זיי פאראויסגעזאָגט א נצחון. נאר מכיהו, א שטרענגער נביא פון ה', וועלכען יהושפט האָט געהייסען פרעגען, האָט געזאָגט: „איך זעה אלע בני ישראל צושפּרייט איבער די בערג אזוי ווי שאָף אָהן א פאסטוך." די דאָזיגע שלעכטע נבואה האָט אחאב'ן אריינגע־בראכט אין כעס און ער האָט געהייסען מכיהו'ן איינשפּארען אין תפיסה.

באלד נאָכדעם זיינען די פעראייניגטע ארמעען מיט זייערע מלכים אוועק אין קריעג קיין רמות. דאָ איז פאָרגעקומען א בלו־טיגע שלאכט. בן־הדד האָט בעפּעהלען זיינע שיסער זיי זאלען ציעלען דער עיקר אין דעם מלך פון ישראל. אחאב האָט זיך איבערגעטהאָן, כדי די שונאים זאָלען איהם ניט דערקענען; נאר איינער פון די ארמי'שע שיסער האָט געטראָפען מיט זיין פייל אין אחאב'ן, וועלכער איז געשטאנען אין זיין רייטוואָגען. דעם פערוואונדעטען קעניג האָט מען אוועקגעפיהרט פון שלאכטפעלד, אבער אויפ'ן וועג איז ער אבגעגאנגען מיט בלוט און אין אבענד איז ער געשטאָרבען. דאן האָט זיך אין חיל דערהערט דער רוף: „זאל יעדערער זיך אומקעהרען אין זיין לאנד און אין זיין שטאָדט." יהושפט האָט זיך צוריקגעקעהרט קיין ירושלים און אחאב'ס קער־פּער האָט מען געבראכט קיין שמרון אין א פארבלוטיגטען רייט־

וואגען. ווען מען האָט דעם רייטוואָגען ארומגעוואשען אין דעם טייכעל נעבען פּאלאץ, האָבען די הינד געלעקט דאָס בלוט פון דעם אומגעקומענעם מלך. דאָס איז געווען אויפ׳ן זעלבען ארט, וואו דעם קעניג׳ס דיענער האָבען אמאָל געטויט דעם וויינגערטנער נבות, און האָס פאָלק האָט אין דעם געזעהן די פערווירקליכונג פון אליהו׳ס נבואה.

§68. אחאב׳ס קינדער. אלישע הנביא. אין עטליכע יאהר ארום נאָך אחאב׳ס טויט איז געשטאָרבען אויך אליהו הנביא. נאָך פריהער האָט אליהו אויסגעקליבען פאר זיין נאָכפאָלגער דעם יונגען דאָרפסמאַן אלישע. איינמאָל איז אלישע געווען אויף זיין פאטער׳ס פעלד און געאקערט מיט אָקסען. איז געקומען צו איהם אליהו און האָט אויף איהם ארויפגעווארפען זיין מאנטעל. דאָס איז געווען א סימן אז מען ווערט געהיילינגט פאר א נביא און אלישע איז אוועק נאָך אליהו׳ן און איז געווארען זיין תלמיד און האָט איהם בעדיענט. נאָכ׳ן טויט פון זיין גרויסען רבי׳ן האָט אלישע צוערשט געלעבט איינזאם אויפ׳ן בארג כרמל, נאָר אין גיכען האָבען די געשעהענישען אין מלכות ישראל איהם געצוואונגען ארויסצוקומען פון זיין איינזאמקייט און אנטייל נעהמען אין געזעלשאפטליכען לעבען. אלישע האָט געווירקט אין דער צייט פון יורם, דער זוהן פון אחאב. יורם האָט ניט אבגעשאפט דעם געצענדיענסט און אויך ניט בעזייטיגט די אנדערע אונארדנונגען אין דעם אינווענייגסטען לעבען פון דער מלוכה, וואס האָבען זיך איינגעווארצעלט אין דער צייט פון אחאב. זיין מוטער איזבל האָט נאָך געלעבט און האָט נאָך אלץ געהאט אן איינפלוס אויף די ענינים פון דער מלוכה. די גאנצע צוועלף יאהר וואס יורם האָט געקעניגט זיינען פאריבער אין מלחמות מיט די מואבים און ארמים.

אין יענער צייט איז מלכות יהודה אויך אוועק אין די טריט פון מלכות ישראל. דער זוהן און יורש פון יהושפט, יהורם, האָט זיך געלאָזט פיהרען פון זיין פרוי עתליה, די טאָכטער פון איזבל און אחאב. די קעניגין עתליה האָט איינגעפיהרט פעניצישע אָרדנונגען אין ירושלים מיט דער זעלבער איבערגעבענקייט וואס פריהער איהר מוטער איזבל אין שמרון. ווען יהורם איז געשטאָרבען און זיין יונגער זוהן אחזיהו איז געווארען קעניג האָט ער אין אלץ גע-

פאָלגט זיין מוטער עתליה און זי האָט געטהאָן אין יהודה וואס זי האָט געוואלט. מיט טיעפען צער האָט דער נביא אלישע צוגע־זעהן ווי עס ווערען פערדארבען די מדות איןביידע מלוכות. ער האָט פערשטאַנען אז כל־זמן עס וועט הערשען דאס הויז אחאב וועט אונמעגליך זיין אבצוגעוועהנען די אידען פון די היידנישע זי־טען. אלישע האָט דעריבער בעשלאָסען צו מאכען אן איבערקע־רעניש אין מלכות ישראל, מיט'ן צוועק אוועקצונעהמען די הער־שאפט פון אחאב'ס דינאסטיע.

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבען א נייע מלחמה צווי־שען די אידען און די ארמים. נעבען רמות גלעד האָבען זיך די פיינדליכע ארמעען צונויפגעטראָפען מיט זייער לאגער איינע אנטקעגען דער אנדערער. דאָ האָט אויסגעבראכען א הייסער קאמפף. אין איין שלאכט איז יהורם פערוואונדעט געוואָרען פון א פייל. איז ער אוועקגעפאהרען אין יזרעאל זיך צו היילען און בראש פון דער אר־מעע האָט ער איבערגעלאָזט דעם קריעגספיהרער יהוא, וועלכער איז געוועזען אן ענטשלאָסענער מענש און האָט ליעב געהאט כבוד. דם דאָזיגען קריעגספיהרער האָט אלישע אויסגעקליבען אלס גע־צייג אין זיינע הענד צו פערניכטען אחאב'ס דינאסטיע.

§69. דער אונטערגאַנג פון הויז אחאב. יהוא. ווען יהוא, דער קריעגספיהרער פון אידישען חיל, האָט זיך געפונען אין לאגער נעבען רמה האָט אלישע הנביא געשיקט צו איהם איינעם פון זיינע תלמידים מיט א געהיימער שליחות. דעם נביא'ס שליח איז אנגעקומען אין לאגער, האָט ארויסגערופען יהוא'ן פון צווישען אלע קריעגספיהרער, און איז מיט איהם אוועק אין אן אבגעלעגטען געצעלט. דאָ האָט דער שליח גענומען א כלי מיט בוימאייל, האָט געזאלבט יהוא'ס קאָפ און געזאָגט: „אין דעם נאָמען פון גאָט ער־קלער איך דיך פאר'ן מלך פון ישראל. פערטיליג אחאב'ס זינ־דיגע פאמיליע און זיי זיך נוקם פאר דעם בלוט פון די נביאים וואס זי האָט פערגאָסען." ווען יהוא איז ארויס צו זיינע קריעגסלייט און האָט זיי דערצעהלט וואס עס איז געשעהן האָבען זיי גענומען שאלען אין שופרות און שרייען: „לעבען זאָל דער קעניג יהוא!" דאס חיל האָט זיך אָנגעשלאָסען אן זיינע פיהרער און האָט אנערקענט דעם נייעם קעניג. יהוא האָט באלד גענומען אן אבטיילונג קריעגס־

לייט און איז שנעל אוועק אין יזרעאל, ארונטערצואווארפען יורמ׳ן פון טראָהן.

אין יענער צייט איז ביי יורמ׳ן געווען צו גאסט זיין פלימעניק אחזיה, דער קעניג פון יהודה. יורם איז צוזאמען מיט אחזיה׳ן ארויסגעפאהרען בעגעגנען זיין קריעגספיהרער און ווען ער האָט איהם דערזעהן פון ווייטענס האָט ער איהם געפרעגט: איז אלץ בשלום, יהוא? נאָר יהוא האָט געענטפערט גראָב: „ווי קען זיין שלום ביי דער אויסגעלאַסענקייט און דעם כשוף־טרייבען פון דיין מוטער איזבל?“ יורם האָט פערשטאַנען אז יהוא טראגט שלעכטס אין זיין הארצען און ער האָט אויסגערופען: א פעררעט, אחזיהו! און ער האָט געהייסען פארקירעווען זיין רייטוואגען צוריק און ביידע מלכים זיינען אנטלאָפען. נאָר יהוא האָט זיי נאָכגעשאָסען א פייל און יורם איז געפאלען טויט אין זיין רייטוואגען. אחזיה, דער מלך פון יהודה, איז אויך שטארק פערוואונדעט געווארען; ער איז דערפאָהרען ביז דער שטאָדט מגידו און איז דאָרט געשטאָרבען. ווען יהוא האָט געה׳רג׳עט יורמ׳ן איז ער אוועק אין דעם פאלאץ אין יזרעאל, וואו עס האָט געוואוינט דעם קעניג׳ס מוטער איזבל. דערזעהענדיג איהם דורכ׳ן פענסטער, האָט זי צו איהם אויסגעשרי־ען: וואס מאכסטו, קעניג־מערדער? דער צורייצטער יהוא האָט בעפעהלען די הויפדיענער ארויסצושלעפען איזבל׳ן אויפ׳ן גאַס און צוטרעטען זי אונטער די קאָפּיטעס פון די פערד. נאָכהער האָט ער געשיקט א בעפעהל קיין שמרון צו הרג׳ענען אלע איבעריגע מיטגליעדער פון אחאב׳ס פאמיליע, אין צאָל פון זיבעציג פערזאָן. די דערשראָקענע בעאמטע פון שמרון האָבען באַלד דערפילט דעם דאָזיגען בעפעהל און האָבען אָבגעשיקט צו יהוא׳ן אין קערב די אָבגעהאקטע קעפּ פון דער קעניגליכער פאמיליע. נאָך דער דאָזיגער שרעקליכער נקמה איז יהוא אריינגעטראטען אין שמרון און האָט פארנומען דעם קעניגליכען טראָהן.

דאן האָט זיך יהוא גענומען צו אויסראטען דעם בעל־דיענסט פון מלכות־ישראל. פאר דיזען צוועק האָט ער זיך פון אנפאנג פארשטעלט פאר א געצענדיענער און האָט ערקלערט: „אחאב האָט געדיענט צו בעל ווינציג, אבער יהוא וועט איהם דיענען א סך.“ דאן האָט ער צוזאמענגערופען אין דעם טעמפעל פון בעל



דגון



אסטרתא



אפּיס



בּעל

פארצייטיגע סעמיטישע אבגעטער

אלע זיינע כהנים און אנהענגער. זיי זיינען אלע געקומען, ניט האבענדיג קיין שום חשד. אבער ווי נאר דער טעמפעל האט זיך אנגעפילט מיט די דיענער פון בעל האט יהוא ארומגערינגעלט די געביידע מיט א וואך, און האט בעפעהלען זיינע לייבוועכטער אויס־צו'הרג'נען מיט'ן שווערד אלע וואס האבען זיך דארט געפונען. נאכדעם האבען דעם קעניג'ס דיענער ארויסגעשלעפט פון טעמפעל דעם געץ בעל און האבען איהם פארברענט. זיי האבען חרב גע־מאכט דעם טעמפעל און דעם מזבח פון בעל און אלע געצענביל־דער, וואס האבען זיך דארט געפונען, און האבען פון אלץ א תל געמאכט (886). דער פעניציאישער געצענדיענסט איז פערבאטען געווארען אין לאנד. דאך האט האס דיענען צו די קעלבער אין בית־אל און דן ניט אויפגעהערט, פונקט ווי אין די צייטען פון ירבעם, ווארום דאס פראסטע פאלק האט אין זיי געזעהען די גע־שטאלט פון דעם אידישען גאט.

§70. עתליה. אין דער צייט וואס יהוא האט מיט אזא גרויזאמקייט פערטיליגט אחאב'ס שטאם אין מלכות ישראל, האט אחאב'ס טאכטער, עתליה, געהערשט אין מלכות יהודה. נאך דעם טויט פון איהר זוהן אחזיה, וואס איז גע'הרג'עט געווארען אין יזרעאל, האט עתליה בעגאנגען אין ירושלים א שרעקליכע טהאט. זי האט געלאזט אויס'הרג'ענען א סך מיטגליעדער פון דוד'ס דינאסטיע און האט דעספאטיש געהערשט אין לאנד. זעקס יאהר האט עתליה געקעניגט אין ירושלים. זי האט אנגעפילט יהודה'ס הויפטשטאדט מיט בילדער פון בעל און עשרת, האט אויסגעבויט א בעזונדערען מזבח צו בעל, און האט דארט אוועקגעשטעלט פאר א כהן א געוויסען מתי, פון די לויים. א סך בעריהמטע פאמיליען פון יהודה זיינען געשטאנען אויף דער זייט פון דער קעניגין און האבען אנטייל גענומען אין דעם געצענדיענסט. אבער די בעסערע מענשען אין לאנד זיינען געווען אויפגעבראכט פון עתליה'ס אונ־געזעצליכע מעשים.

בראש פון די אונצופריעדענע האט זיך געשטעלט דער כהן גדול יהוידע, וועלכער האט געהאט פאר א ווייב יהושבע, די שוועס־טער פון דעם גע'הרג'עטען קעניג אחזיה. ווען עתליה'ס דיענער האבען געמארדעט די מיטגליעדער פון קעניג'ס הויז האט יהושבע

גערּאַמטעוועט פון טויט דעם עופ'על׳ע יואש, דעם זוהן פון אחזיה, און האָט איהם בעהאַלטען צוזאַמען מיט זיין אַם אין איינער פון די זייטיגע געביידען פון בית־המקדש. דאָ איז דער איינגעל גע־וואַקסען אונטער דער השגחה פון זיין פעטער, דעם כהן גדול יהוידע. ווען יואש איז אַלט געוואָרען זיבען יאָהר האָט יהוידע בעשלאָסען איהם אַרויפצוזעצען אויפ'ן טראָהן פון יהודה אַלס דעם געזעצליכען יורש. האָט ער געמאַכט אַ בונד מיט די מיליטערישע עלטסטע פון ירושלים און זיי האָבען צוזאַמען בעשלאָסען אַראָנטער־צוזעצען די קעניגין עתליה. איינמאָל אין אַ שבת האָט יהוידע גע־געבען אַ געהיימען בעפעהל אַרומצורינגלען דעם בית־המקדש מיט אַ מיליטערישער וואַך און ניט אַריינלאָזען קיינעם פון דער קעני־גינ'ס אָנהענגער. נאָכדעם האָט ער אַרויסגעפיהרט דעם זיבען־יעהריגען יואש פון די אינווענינסטע חדרים פון בית־המקדש, האָט איהם אָנגעטהאָן אַ קרוין און איהם ערקלערט פאַר'ן קעניג פון יהודה. די קריעגסלייט וואָס זיינען דערביי געשטאַנען האָבען נעבלאָזען אין שופרות און געשריען: לעבען זאָל דער קעניג! אַז עתליה האָט דערהערט דעם רעש אַרום בית־המקדש איז זי אַוועקגע־לאָפען אַהין פון איהר פּאַלאַץ און האָט דערזעהן דעם איינגעל מיט אַ קרוין אויפ'ן קאָפּ. זי האָט פערשטאַנען אַז מען האָט געמאַכט אַ פערשווערונג געגען איהר און זי האָט אויסגעשריען: „פערראַט! פערראַט!" יהוידע האָט בעפעהלען די וועכטער זיי זאָלען אַרויס־פיהרען די קעניגין פון בית המקדש, און מען האָט זי געבראַכט צום פּאַלאַץ און דאָרט גע'הרג'עט (880). דאָס פאָלק האָט צובראָ־כען אַלע מזבחות און בילדער פון בעל, און דעם כהן מתי האָט מען גע'הרג'עט. יואש איז אַרויף אויפ'ן טראָהן פון יהודה, אָבער ביז דער קעניג איז געוואָרען פוליעהריג האָט דער כהן גדול יהוידע רע־גיערט אין זיין נאָמען. אויף אַזאַ אופן איז אי אין מלכות ישראל אי אין מלכות יהודה כמעט אין דערזעלבער צייט געקומען אַ סוף צו דער הערשאַפט פון דעם הויז אחאב און דעם פעניצישען געצענ־דיענסט.

**§71. יהוא'ס דינאַסטיע אין שמרון און די מלכים פון יהודה.** די בלוטיגע איבערקעהרענישען דורך וועלכע יהוא איז געוואָרען קעניג אין שמרון און יואש אין ירושלים, האָבען

ניט געבראכט קיין רוה צוביידע מלוכות. דאָס 28־יעהריגע קעניגען פון יהוא (860־887) איז געווען אן אומגליקליכע צייט פאר מלכות ישראל. די ארמים פון דמשק האָבען מיט זייערע אָנפאלען פערוויסט די נעגענדען פון עבר־הירדן און האָבען אונטעריאכט די איינוואוינער פון שבט ראובן און שבט גד. נאָך ערגער איז געווארען דער מצב פון דער מלוכה אין דער צייט פון יהוא׳ס זוהן יהואחז (845־860). די ארמים פלעגען זיך ארייגרייסען אפילו אין יענע געגענדען, וואס זיינען גע־לעגען אויפ׳ן מערב זייט פון ירדן. די מיליטערישע כחות פון לאנד זיינען אזוי פעראַרימט געווארען אז ביי יהואחז׳ן איז גע־בליבען נאָר אַ קליינער חיל פון צעהן טויזענד פוסגעהער, פופציג רייטער און צעהן קריעגסוועגען. ערשט אין דער צייט פון יהואחז׳ס זוהן, דעם קעניג יהואש (830־845), איז מלכות ישראל אביסעל געקומען צו זיך. יהואש האָט צושלאָגען די ארמים ביי אפקה און האָט ביי זיי צוריק אָבגענומען פיעל שטעדט, וואס זיי האָבען געהאט פערכאפט. פאר דער דאָזיגער שלאכט האָט אלישע הנביא פאראויסגעזאגט דעם קעניג, אז ער וועט מנצח זיין דעם פיינד. אלישע איז שוין דעמאלט גע־ווען אלט און קראנק און נאָך דער שלאכט ביי אפקה איז ער געשטאָרבען. אזוי ווי אליהו הנביא, אזוי האָט אויך אלישע אי־בערגעלאָזט נאָך זיך אין פאָלק אן אנדענק פון א הייליגען מאן און א בעל־נס. נאָר זיין הויפט פערדיענסט איז בעשטאנען אין דעם קאמפף געגען דעם פעניצישען געצענדיענסט. אליהו הנביא האָט אָנגעהויבען דעם דאָזיגען קאמפף, און זיין גע־טרייער תלמיד אלישע האָט איהם ערפאָלגרייך געענדיגט.

אין יהודה האָט דער כהן גדול יהוידע, דער ערציהער און אפיטרופוס פון מלך יואש, געזאָרגט צו בעפּעסטיגען דעם אמת׳ן גלויבען. כל־זמן יהוידע האָט געלעבט איז דער יונגער מלך גע־ווען פרום און גאָטספאָרכטיג. צוזאמען מיט די כהנים האָט ער פאררריכט די טיילען פון בית המקדש, וועלכע זיינען שוין אלט געווארען. פאר דיזען צוועק האָט מען געקליבען נדבות איבער׳ן גאנצען לאנד. אבער נאָך יהוידע׳ס טויט האָט יואש אויפגעהערט צו לעבען בשלום מיט די כהנים, וועלכע האָבען

געוואלט בעקומען א צו גרויסע דעה אין די ענינים פון דער מלוכה. דעמאָלט האָט צווישען איהם און יהוידע׳ס זוהן זכריה איינגעבראכען א מחלקת. זכריה האָט געסטראשעט דעם קעניג מיט גאָט׳ס צאָרן. דער אויפגעבראכטער קעניג האָט געהייסען הרג׳ענען זכריה׳ן אין הויף פון בית־המקדש. פאר׳ן טויט האָט זכריה געזאָגט: „גאָט וועט זעהן און וועט זיך רעכענען!“ דעם קעניג׳ס אכזריות׳דיגע האנדלונג האָט ארויסגערופען אן אונצופריעדענקייט ביי די הארען פון ירושלים. זיי האָבען גע־מאכט א פערשווערונג געגען איהם און צוויי הויפדיענער האָ־בען דעם קעניג גע׳הרג׳עט אויף זיין געלעגער (843).

אמציה, יואש׳ס זוהן און יורש, האָט געהייסען טויטען די מערדער פון זיין פאָטער. דער נייער קעניג, וועלכער האָט געהאט א קריעגערישען גייסט, האָט געפיהרט א רייה מלחמות. צוערשט איז ער ארויס געגען די אדומים, וועלכע האָבען מורד געווען געגען יהודה. די אדומים האָבען זיך בעפעסטיגט אין זייערע אונדורכדרינגליכע בערג; אבער אמציה האָט זיך אריינ־געריסען אין דער בערגיגער געגענד, און אין א שלאכט אין דעם „געזאלצענעם טאָל“ האָט ער איינגאנצען צושלאָגען די אדומים. נאָכדעם האָט אמציה ערקלעהרט מלחמה געגען יהואש׳ן דעם מלך פון ישראל. יהואש האָט איהם געלאָזט זאגען: „דו האָסט בעזיעגט די אדומים איז דיין הארץ שטאָלץ געוואָרען. זיין בע־סער בכבוד אין דער היים און ניט ברענג קיין אומגליק אויף זיך און דיין לאנד.“ אבער אמציה האָט ניט געפאָלגט און איז אוועק מיט א חיל געגען דעם מלך פון ישראל. נעבען בית־שמש איז פאָרגעקומען די שלאכט צווישען יהודה און ישראל. אמציה׳ס חיל האָט געקראָגען א מפלה און ער אליין איז גענו־מען געוואָרען געפאנגען. דער חיל פון ישראל איז צוגעטראָ־טען צו ירושלים און האָט צושטערט א טייל פון איהר פעסטונג. יהואש האָט ארויסגעלאָזט אמציה׳ן פריי פאר א גרויסער סומע אויסלייז געלד. אין יהודה איז מען געווען שטארק אונצו־פריעדען מיט אמציה׳ן פאר זיין אונזיניגער מלחמה, און אין ירושלים האָט אויפגעפלאקערט אן אויפשטאנד. דער קעניג איז אנטלאָפען קיין לכיש, אָבער די מורדים האָבען איהם דאָ

געכאפּט און איהם גע'הרג'עט. דער יורש פון טראהן עזיה, אמציה'ס זוהן, איז נאָך געווען א קליין אינגעל, און אין פערלויף פון עטליכע יאָהר האָבען איבער'ן לאנד רעגירט די הארען פון קענגליכען הויף.

צעהנטער קאפּיטעל.

# דאָס געזעלשאַפטליכע און גייסטיגע לעבען אין דער צייט פון די צוויי מלוכות. *)

§72. דאָס עקאָנאָמישע און הויזליכע לעבען. פון דער צייט וואס די אידען האָבען איינגענומען כנען און זיינען געווארען א בעזעצטעם פּאָלק איז ערד־ארבייט געווען זייער הויפּט בעשעפ־טיגונג. בלויז אין דעם עבר־הירדן און אין איינציגע ערטער אין יהודה האָבען זיך די איינוואוינער פערנומען מעהרסטענס מיט פיה־צוכט. ביי די אידען איז געווען פאררעכענט, אז דער מענש איז געבאָרען צו בעארבייטען דאָס פעלד, דעם סאָד און דעם וויינגאָר־טען. דאָס איז זיין נאטירליכער בערוף. דער שעהנסטער טרוים פון א אידען איז געווען: „צו זיצען אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין פייגענבוים.“ דורך דער שווערער מיה פון דעם ערד־ארבייטער איז דער באָדען פון פּאלעסטינא פערוואנדעלט געווארען אין א בליהענדען גאָרטען. די פליינען און טאָלען זיינען געווען בע־דעקט מיט פולע זאנגען פון ווייץ און גערשטען; אויף די נידער־רונגען פון די בערג האָבען געגרינט וויינגערטנער, סעדער און אייל־בירט־וועלדלעך. ערדארבייט, וויינגערטנעריי און גערטנעריי זיינען געווען פערשפּרייט ניט נאָר אין די דערפער, נאָר אויך אין די שטעדט. די דאָזיגע בעשעפטיגונגען האָבען געמאכט גלייך דעם פּראסטען פּאָלקס־מענשען מיט'ן חשוב'ען האר, דעם בעשיידענעם דאָרפסמאן מיט'ן איינפלוסרייכען כלל־טהוער. שאול המלך, איי־דער ער איז ארויף אויפ'ן טראהן, איז געגאנגען נאָכ'ן אקעראייזען.

*) מיט קלענערע קינדער קען מען דיזען קאפּיטעל, אָדער טיילען פון איהם, אויסלאָזען.

הגם ער האָט נעהערט צו א חשוב'ער פאמיליע אין בנימין. דוד איז געווען א פאסטוך, און אלישע האָט זיך בעשעפטיגט מיט ערד־ארבייט.

אין פאלעסטינא פלעגט די תבואה צייטיג ווערען אין אָנהויב פריהלינג, און שניטצייט איז געווען אין סוף פריהלינג. אין סוף זומער אדער אנהויב הערבסט פלעגט מען ארונטערנעהמען די וויינ־טרויבען און איינזאמלען אין די שייערען די לעצטע געדראשענע תבואה. צו די דאָזיגע וויכטיגע מאָמענטען פון דעם ערדארביי־טערשען לעבען זיינען געווען צוגעפאסט די גרויסע יעהרליכע ימים־טובים: פסח — דער יום־טוב ווען די תבואות ווערען צייטיג (חג האביב), שבועות — דער יום־טוב פון שניט (חג הקציר), און סוכות —דער יום־טוב פון „איינזאמלען פון שייער און פון קע־לער" (חג האסיף). א רעליגיעז־היסטאָרישען כאראקטער האָט אין יענער צייט, זעהט אויס, בעקומען נאָר פסח, וועלכער האָט גע־דארפט זיין א זכר פון יציאת מצרים. די מצות אום פסח האָבען נעהאט א צווייענדיגע בעדייטונג: זיי האָבען געדיענט אלס סימ־באָל פון דעם פריהען צייטיג ווערען פון די תבואות, און פון דער איילעניש ביים ארויסגעהן פון מצרים, ווען די אידען האָבען, לויט דער לעגענדע, קיין צייט ניט געהאט צו באקען זויערען ברויט און האָבען אויף גיך אָבגעבאקט ניט קיין איינגעזייערטען.

איינער פון די עלטסטע געזעצען פון דער אידישער רעליגיאָן, וואס האָבען געהאט א גרויסען איינפלוס אויפ'ן לעבען פון לאנד, איז געווען דער געבאָט צו רוהען דעם זיבעטען טאָג פון יעדער וואך (שבת). אין די עלטסטע טיילען פון תורת־משה ווערט געזאָגט: „זעקס טעג טהו דיין ארבייט און אויפ'ן זיבעטען זאָלסטו רוהען, כדי עס זאלען אויך רוהען דיין אָקס און דיין עזעל, דער זוהן פון דיין דיענסט און דער גר." „זאָלסט רוהען אין דעם זיבעטען טאָג. זאָלסט רוהען אין צייט פון אקערען און אין צייט פון שניידען." דאָס געזעץ פון שבת־רוה איז אריבערגעטראגען געווארען אפילו אויף דער ערד אויך: די ערד האָט זיך געדארפט אברוהען איין יאהר אין יעדע זיבען. „זעקס יאהר — זאָגט דאָס אלטע געזעץ — מעגסטו פערזייהען דיין ערד און קלייבען די תבואה פון איהר; אבער דעם זיבעטען יאהר זאָלסטו זי פערלאָזען, כדי די ארימע פון

דיין פאָלק זאָלען עסען (דאס וואס וואקסט אליין) און דאָס איבע־ריגע זאלען עסען די חיות פון פעלד. אזוי זאָלסטו אויך טהאָן מיט דיין וויינגאָרטען און מיט דיין איילבירט־גאָרטען." דאָס דאָזיגע געזעץ איז ארויסגעוואקסען פון די בעזונדערע אייגענשאפ־טען פון דער פאלעסטינער ערד און פון די פאָלקס־מנהגים, וואס זיינען דאָרט בעשאפען געווארען.

האָרט וואו עס האָט געהערשט די ערדארבייט איז דאס לעבען פון די איינוואוינער געווען איינפאך און בעשיידען. די הייזער זיינען געווען געבויט פון האָלץ און ליים, מיט פלאכע דעכער, וועלכע האָבען געדיענט צום שלאָפען אין די הייסע צייטען פון יאהר. די איינריכטונג פון די צימערען איז אויך געווען פשוט. אזוי צום ביישפיעל איז אין צימער פון אלישע הנביא, וועלכער איז געווען צו גאסט אין א פערמעגליכען הויז, דאָס גאנצע מעבעל בעשטאנען פון א בעט, א טיש, א שטוהל און א לאָמפּ. די שפייז איז בעשטאנען פון ווייצענעם און גערשטענעם ברויט, פלעצלעך אויף בוימאייל, גאָרטענווארג און פרוכט. פלייש פלעגט דער דאָרפס־מאן עסען נאָר אין די ימים טובים, ווען ער פלעגט ברענגען פון זיין פיה קרבנות אין בית־המקדש. א טייל פון די דאָזיגע קרבנות פלעגט מען פארברענען אויפ'ן מזבח, א טייל פלעגט געהן פאר די כהנים, און דאָס איבעריגע פלעגט בלייבען פאר'ן בעל־הבית און זיינע הויזמענשען צום עסען. די איינוואוינער פון די שטעדט, וועלכע זיינען געלעגען נאָהנט צום בית המקדש און דעם מזבח האָ־בען געקענט עסען פלייש אָפטער.

אבער מיט דער צייט האָט זיך דער דאָזיגער איינפאכער ארט לעבען א סך געענדערט. מיט דער ערדארבייט האָט אָנגעהויבען קאָנקורירען דער מסחר. אמאָל האָבען די אידען בעטראכט דעם מסחר פאר אן אונווירדיגער זאך און האָבען עס געלאָזט צו די כנענים און פעניציער, וועלכע „האלטען אין די הענד פאלשע וואג־שאָלען און האָבען ליעב רויב." נאָר יענע גוטע אלטע צייטען זיי־נען פאראיבער, און א גרויסער טייל פון פאָלק איז דורך די אומ־שטענדען ארייגעצויגען געווארען אין מסחר און האנדעל. די מלכים אליין, פון שלמה'ן אן, האָבען געשטיצט דעם האנדעל און פלעגען אויסריכטען קאראוואנען און האנדעלס־שיפען אין ווייטע

לענדער, אמאָל אליין, און אמאָל מיט דער הילף פון די פעניציער. אין די צייטען פון אחאב און יהושפט האָט שוין דער מסחר גע־בליהט איןביידע מלכות. דאָס האָט געפיהרט דערצו, אַז עס זאָ־לען זיך שנעל ענטוויקלען שטעדט. צוזאמען מיט ארבייט איז אויך געווארען קאפּיטאל: עס האָט זיך אָנגעהויבען א מסחר מיט געלט, הלואות און וואָכער געשעפט. און ווען א בעל־חוב האָט ניט נעהאט צו בעצאָלען זיין הלואה צו דער בעשטימטער צייט האָט דער מלוה געהאט דאָס רעכט צו מאכען איהם פאר א קנעכט, אזוי ווי עס איז געווען דער מנהג ביי אלע אלטע פעלקער. דער אונ־טערשייד צווישען די קלאסען פון פאָלק איז געווארען אלץ גרעסער, און דער תהום צווישען די רייכע און די ארימע — אלץ ברייטער. גרויסע גיטער און ברייטע שטרעקען לאנד פלעגען זיך צוזאמענצי־הען אין די הענד פון געצעהלטע רייכע גוטבעזיצער. די רייכע פלעגען זיך בויען הייזער פון געהאקטע שטיינער און האָבען זיך אריינגעלאָזט אין ווילדען וואוילטאָג. גרויסע לעהרער פון פאָלק, די נביאים, האָבען געקעמפּפט נעגען אזא מין ארדנונג אין דעם נא־מען פון די העכערע געזעצען פון מענשענליעבע און מאָראל; גע־קעמפּפט האָט געגען איהר אויך דאָס אלטע געזעץ, וואס האָט גע־זאגט: „אויב דו וועסט לייהען געלד צו אן ארימאן פון דיין פאָלק בעגעה זיך ניט מיט איהם שטרענג; לעג אויף איהם ניט ארויף קיין פּראצענט. אויב דו וועסט נעהמען פאר א משכון דעם אויבערשטען בגד פון דיין ארימען פריינד — קעהר דאָס איהם אום איידער עס פארגעהט די זון, וואָרום דאָס איז זיין צודעק, דאָס קלייד פון זיין לייב — אין וואָס וועט ער שלאָפען?" אָבער דאָס לעבען האָט ניט נעשטימט מיט די דאָזיגע הויכע פאָדערונגען פון געזעץ. די פלא־מענדיגע רייד פון די נביאים האָבען ניט געקענט אָבהאלטען דאָס אידישע פאָלק פון נעהמען אנטייל אין דעם פעלקער־האנדעל פון די מזרח־לענדער.

דאס פאמיליען־לעבען פון די אמאָליגע אידען איז אין א סך פּרטים געשטאַנען העכער ווי די אַרומיגע פעלקער. פיעלווייּ־בעריי (פּאָליגאמיע) איז געווען א זעלטענהייט, בשעת איינווייבע־ריי (מאָנאָגאמיע) איז געווען די געוועהנליכע פארמע פון דעם פאמיליען־לעבען. בלויז די מלכים האָבען געמעגט האָבען א סך

ווייבער, מסתמא כדי צו פערמעהרען און פערשטארקען די דינאסטיע; נאר אפילו די מלכים, נאך שלמה'ן, האבען ניט שטענדיג זיך בענוצט מיט דעם דאזיגען רעכט. די פארמעגליכע לייט האבען געוועהנליך געהאט ניט מעהר ווי צוויי ווייבער, און אויך דערמאלט פלעגען אין דער פאמיליע פארקומען רייסערייען: די ניט געליעבטע ווייב האט מקנא געווען דער געליעבטער, און די עקרה —דער, וואס האט געהאט קינדער. פאר דער חתונה מיט א מיידעל פלעגט דער חתן געבען איהרע עלטערען א געוויסען אויסקויף, אדער מהר, אזוי ווי עס פיהרט זיך נאך עד היום ביי א סך מזרח־פעלקער (דער טאטערשער „קאלים“, דער קאווקאזישער „מאהארי“, וואס קלינגט ווי דער אידישער מהר). אין די גאר אלטע צייטען איז ניט געווען קיין זעלטענהייט, אז גאנץ נאהנטע קרובים זאלען חתונה האבען צווישען זיך; עס איז ניט געווען פארוועהרט, צום ביישפיעל, צו חתונה האבען מיט א שטיפשוועסטער אדער שוועסטער־קינד, אדער נעהמען צוויי שוועסטער מיט אמאל. אבער שפעטער זיינען איינינגע אזעלכע שידוכים פארבאטען געווארען. די עלטערען האבען געהאט אן אונבעגרענצטע מאכט איבער זייערע קינדער; פאר בעליידיגען טאטע־מאמע מיט א ווארט אדער א האנדלונג האט געקומט טויט־שטראף. די מוטער האט געהאט דעם זעלבען אנזעהן אין דער פאמיליע וואס דער פאטער.

די שקלאפעריי ביי אידען האט ניט אנגענומען אזעלכע גראבע פארמען ווי ביי אנדערע פעלקער. דער שקלאף און די שקלאפין האבען זיך גערעכענט פאר מיטגליעדער פון דער פאמיליע, און זייערע רעכט זיינען געווען געשיצט פון בעשטימטע געזעצען. א אידישער קנעכט האט געדארפט דיענען זיין בעל־הבית נאר זעקס יאהר, און אויפ'ן זיבעטען יאהר איז זיין בעל־הבית געווען מחויב איהם ארויסלאזען פריי. אויב אבער דער קנעכט האט נאך די זעקס יאהר ניט געוואלט פערלאזען זיינע בעלי־בתים האט דאס געזעץ געהייסען זיך בעגעהן מיט איהם אזוי: צופיהרען דעם געטרייען קנעכט צום טהיר פון הויז וואו ער האט געדיענט, און דורכשטעכען איהם דעם אויער אויפ'ן ביישטידעל פון טהיר, אלס סימן אז ער איז אויף אימער צוגעבונדען צו דעם דאזיגען הויז. נאך דער דאזיגער צערעמאניע איז דער קנעכט געווארען דאס אייביגע אייגענטום פון

זיין בעל־הבית. בכלל איז שקלאַפעריי ביי אידען ניט געווען קיין מלוכה־איינפיהרונג, ווי ביי די גריכען און רוימער.

§73. די געזעלשאַפט און די מלוכה. בירגער־רעכט האָבען געהאט אלע פרייע מענשען פון דער געזעלשאַפט, וועלכע האָבען דערגרייכט פוליעהריגקייט. אפילו די פרעמדע, אדער גרים, האָבען זיך ווייניג־וואָס אונטערשיידט אין זייערע בירגערליכע רעכט פון די תושבים. זיי זיינען געווען פאַלשטענדיג בעשיצט פון געזעץ. אין די הייליגע ספרים ווערט ניט איינמאָל געזאָגט: „דעם גר זאָלט איהר ניט דריקען, ווארום איהר ווייסט די נשמה פון דעם גר, דען גרים זיינט איהר אליין געווען אין דעם לאנד מצרים.“ דאָס געזעץ בעפעהלט צו בעגעהן זיך מיט די פרעמדע מיט רחמנות, אזוי ווי מיט די שוצלאָזע פון דער אידישער געזעלשאפט גופא: די אָרימעלייט, אלמנות און יתומים; גלייך מיט זיי האָבען די פרעמדע געהאט דאָס רעכט צו קלייבען די רעשטען פון שניט (לקט, שכחה און פאה) אויף די פעלדער פון פערמעגליכע לייט און נעה־מען די נדבות, וועלכע זיינען געווען איינגעפיהרט.

די ריכטער אין די שטעדט זיינען געווען חשוב'ע לייט אדער עלטסטע (זקנים). משפט'ן פלעגען זיי אויף אָן אפענעם פלאַץ, ביי די טויערען פון שטאָדט, ד. ה. ביים אריינפאָהר (אָדער שער, פאָר־שטאָדט), נאָר אז מען פלעגט דארפען געבען א שבועה פלעגט מען עס טהאָן ביים מזבח אָדער אין טעמפעל פון דעם ארט. אויסער די זקנים זיינען שופטים אויך געווען די כהנים אדער לויים. די דאָזיגע ריכטער פלעגען משפט'ן סיי אין ציווילע סיי אין קרימינע־לע פראצעסען. אויסער אין העכסט וויכטיגע פעלען פלעגט מען זיך ווענדען צום קעניג.

דער קעניג איז געווען דער הויפט פון דער ארמעע, און דער העכסטער רעגירער און ריכטער פון פאָלק. אזוי ווי די קעניגליכע הערשאפט איז ארויסגעוואקסען דערפון וואס דאָס פאָלק האָט זיך געמוזט פעראייניגען נעגען די דרויכענדיגע פיינד, האָט זי אין די ערשטע צייטען געטראָגען א מיליטערישען כאראקטער (שאול און דוד). דער קעניג איז געווען דער פיהרער פון דעם פאָלק'ס חיל, נאָר אויכער דעם האָט ער אויך געהאט זיין איינענע שטענדיגע מחנה אָדער לייבוואך. די דאָזיגע קעניגליכע מחנה איז געווען דער

קערן פון דער גאַנצער אַרמעע, וועלכע איז בעשטאַנען פון פוס־חיל און פערד־חיל (אין ז'ער צייט פון שלמה און די שפּעטערע מלכים). דעם צווייטען פּלאַץ נאָכ'ן קעניג האָט פערנומען דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דעם חיל (שר־צבא). מיליטער־דיענסט איז געוועזן אַ חוב אויף יעדען בירגער, וואָס האָט געהאַט פולע רעכט און האָט פּאַרמאָגט אונבעוועגליכען אייגענטום. וואָס מעהר עס איז געוואַקסען די מיליטערישע מאַכט פון דער מלוכה אַלץ גרע־סער איז געוואָרען די צאָל שטעדט וואָס האָבען געהאַט פעסטונ־גען מיט בעשטענדיגע גאַרניזאָנען אין זיי. אין די צייטען פון די שופטים און שמואל הנביא, ווען די ווילדע שונאים פלעגען בעפאַ־לען דאָס אידישע לאַנד, פלעגען זיך די אידען מוזען בעהאַלטען אין הייהלען און בערג־שפּאַלטען; אָבער אין דער עפּאָכע פון די מלכים פלעגט זיך די פּריעדליכע בעפעלקערונג שיצען הינטער די מויערען פון די פעסטונגען. די אידישע מלכים פלעגען זעלטען פאַרפיהרען מלחמות כדי צו פערכאַפּען פרעמד לאַנד, אָבער פער־טיידיגונגס־מלחמות האָבען זיי געהאַט זעהר אָפט, צוליעב די אָנפאַלען און רויבערייען פון די שכנ'ישע פעלקער.

אויף אויסצוהאַלטען דעם קעניגליכען הויף זיינען איינגע־פיהרט געוואָרען צינזען פון נאַטור־פּראָדוקטען און געלט. עס זיינען אויך געוועזן קעניגליכע גיטער, וועלכע האָבען אריינגעטראָגען אַ געוויסע הכנסה. אין צייטען פון מלחמות, ווען די בעדערפנישען פון דער מלוכה פלעגען זיין אויסערגעוועהנליך גרויס, פלעגען די מלכים אמאָל נעהמען פון די אוצרות פון דעם בית־המקדש, וואו עס זיינען געלעגען די פאָלקס־געלדער, אַזוי ווי אין די הייִנטיגע קעניג־ליכע שפּאָר־קאַסען (רחבעם ,אסא, יואש, אמציה).

דער קעניג איז געוועזן דער העכסטער ריכטער פון לאַנד און צו איהם פלעגט מען זיך ווענדען, ווען די קליינע געריכטען פלעגען ארויסגעבען אַן אונגערעכטען פּסק. דער שוואַכער פלעגט רופען צו איהם געגען דעם שטאַרקען, דער בעליידיגטער — קעגען זיין בעליי־דיגער; אַ סך געזעצען פון יענער צייט האָבען געשטאַמט פון אַלטע פאָלקס־מנהגים. עס האָט נאָך צום ביישפּיעל געלעבט אין פאָלק דער מנהג, אַז אַ קרוב פון אַן ערמאָרדעטען האָט געהאַט דאָס רעכט אַליין, אָהן אַ משפּט זיך אָבצורעכענען מיט דעם מערדער

און איהם טויטען („גואל הדם“). אָבער דאָס געזעץ האָט אַ סך ווייכער געמאַכט די אכזריות פון דעם דאָזיגען מנהג. אויב דער מאָרד איז בעגאַנגען געוואָרען בשוגג, ד. ה. ניט ווילענדיג, האָט דער מערדער זיך געקענט רעטען אין אַ טעמפּעל, הינטער דעם מזבח, אָדער אין די „ערי מקלט“, ד. ה. בעשטימטע שטעדט, וואוהין ער האָט געקענט אנטלויפען און וואו דער גואל־הדם האָט ניט געטאָרט קומען איהם טשעפּען. אָבער אַ מערדער במזיד, ד. ה. וואָס האָט געפּלאַנעוועט דעם מאָרד, האָט דער גואל־הדם געמעגט אפילו „פון מזבח אוועקפיהרען צום טויט“. אָבער מיט דער צייט איז דאָס רעכט פון דעם גואל־הדם אריבער צום געריכט. בלויז אין זעלטענע פעלען פלעגט דאָס געריכט פּסק'ענען לויט דעם אַלטען מנהג פון נקמה: „אויג פאַר אויג, אַ צאָהן פאַר אַ צאָהן, אַ לעבען פאַר אַ לעבען“. דאָס רוב פלעגט מען אויפ'ן שולדיגען ארויפלעגען אַ געלט־שטראָף. פאַר עובר זיין אויף די הויפּט־געבאָטען פון דער אמונה, און אויך פאַר לעסטערן גאָט און בעליי־דיגען דעם קעניג, פלעגט מען בעשטראָפען מיט'ן טויט. די עלטסטע פאָרמע פון טויט־שטראָף איז געוועזען סקילה, פערשטיינערען, וועלכע פלעגט פאָרקומען הינטער'ן שטאָדט, פאַר די אויגען פון פאָלק.

אין אַלע מלוכות פון אַלטערטום האָט זיך דער קעניג גערעכענט אויך פאַר'ן הויפּט־פּריסטער: די רעליגיאָן איז געוועזען צוזאַמענגעבונדען מיט דער רעגירונג. אויף די אידישע מלכים האָבען אָפּטמאָל זיך געמאַכט פאַר כהנים. שאול און דוד, למשל, האָבען ביי פייערליכע געלעגענהייטען געבראַכט קרבנות אַלס „געזאַלבטע פון גאָט“, אַנשטאָט די כהנים. אָבער שפּעטער האָבען בלויז די מלכים פון מלכות ישראל איינגעהאַלטען דעם חשוב'ען טיטעל „כהן גדול“. ירבעם דער ערשטער האָט די כהונה געמאַכט פאַר אַ רעגירונגס־זאַך: דער טעמפּעל אין בית־אל האָט זיך גערע־כענט פאַר אַ קעניגליכען, און די כהנים, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען — פאַר קעניגליכע בעאַמטע. אבער אין יהודה האָבען די כהנים ניט אנערקענט דעם קעניג'ס רעכט אויף דער כהונה און ווען דער קעניג עזיהו האָט איינמאָל זיך דערוועגט צו טהאָן די

ארבייט פון דעם כהן אין בית־המקדש, האָט ער ארויסגערופען געגען זיך דעם צאָרן פון פאָלק.

§74. די רעליגיאָן. אין דער רעליגיאן פון די אמאָליגע אידען האָט דעם ערשטען פּלאַץ פערנומען דער גאָטעסדיענסט מיט אַלע זיינע אויסערליכע צערעמאָניעס. אין יהודה איז דער הויפּט רעליגיעזער צענטער געווען די הויפּטשטאָדט ירושלים, און אין מלכות ישראל — די פּראָווינץ־שטאָדט בית־אל, אויפ'ן דרום־גרענעץ. נאָר איןביידע מלוכות זיינען חוץ די דאָזיגע הויפּט צענטרען געווען אויך ווייניגער וויכטיגע פּלעצער פון גאָטעסדיענסט. אין די פּראָווינץ־שטעדט פון יהודה זיינען געווען נאָר פאָלקס־מזבחות אויף בערג (במות), אָבער קיין בעזונדערע טעמפּלען, וועלכע זאָלען אָבציהען מענשען פון דעם בית־המקדש, זיינען ניט געווען, און אין די גרויסע יעהרליכע ימים־טובים פלעגט א גרויסער טייל פון פאָלק עולה־רגל זיין קיין ירושלים צו דיענען גאָט. אָבער אין מלכות ישראל זיינען אויסער דעם אלטען קעניגליכען טעמפּעל אין בית־אל געווען נאָך טעמפּלען פון ה' אין דער הויפּטשטאָדט שמרון, אין גלגל, דן און אנדערע ערטער. דער גאָטעסדיענסט אויף די בערג און אין די וועלדלעך איז דאָ געווען א סך מעהר פערשפּרייט ווי אין יהודה און איז געווען מעהר עהנליך צום געצענדיענסט. די מזבחות אין די דערפער פלעגען געבויט ווערען אויף הויכע ערטער, אזוי ווי הורבעס שטיינער; זיי פלעגען אויך געבויט ווערען אין וועלדלעך, אונטער'ן שאָטען פון א דעמבּ, א פּאַלמע אָדער א טייטעלבוים. דאָרט וואו עס זיינען ניט געווען קיין גרויסע בוימער פלעגט מען אנשטאָט א בוים אוועקשטעלען א זייל אין דער פאָרמע פון א בוים, וואָס איז געגאַנגען אַלץ גרעבער אין דער הויך („אשרה"). אין די טעמפּלען פון מלכות ישראל זיינען געשטאַנען גאָלדענע קעלבער אלס די געשטאַלט פון ה'. אפילו אין ירושלים איז ביז דער צייט פון קעניג חזקיהו געווען א קופּערנע שלאַנג און דאס פאָלק האָט עס געהאלטען פאר א גאָט, וואָס היילט קראַנקהייטען.

דער גאָטעסדיענסט איז בעשטאַנען פון תפלות און קרבנות. דער אמאָליגער מענש פלעגט וועלען געווינען גאָט'ס גנאָד דורך געבעט און מתנות צו איהם. די קרבנות האָבען ביי די אידען

(אזוי ווי ביי די אַלטע גריכען) געהאַט אויף אַ סימבאָלישע בעדיי־טונג: ווען אַ טייל פון דער בהמה'ס פלייש איז פערברענט געוואָרען אויפ'ן מזבח לכבוד גאָט, איז דאָס גאַנצע פלייש דורך דעם געוואָרען ריין און כשר צום עסען. דאָס בלוט פון דעם קרבן האָט מען איינגאַנצען אויסגעגאָסען אויפ'ן מזבח, וואָרים פלייש מיט'ן בלוט איז די אידען פערבאָטען צו עסען. אויפ'ן מזבח פלעגט מען אויך ניסען בוימאייל און וויין. בכלל איז דער מזבח געווען אזוי ווי גאָט'ס טיש: אַלע פאַמיליען־מאַלצייטען ארום דעם דאָזיגען טיש פלעגען בעקומען אַ הייליגע בעדייטונג. איבערהויפּט פלעגען די דאָזיגע הייליגע מאַלצייטען צוגעהן פייערליך אין די גרויסע ימים־טובים. פסח פלעגט מען מקריב זיין די בכורים פון די שאָף און רינדער און דאָס פלייש פון די קרבנות פלעגט מען עסען צוזאַ־מען מיט די מצות. שבועות פלעגט מען דאָס קרבן־פלייש עסען שוין ניט מיט מצות, נאָר מיט געזייערטען ברויט. סוכות, דער יום־טוב פון הערבסט, פלעגט מען ברענגען אין בית־המקדש פירות פון די בוימער און פאַלמען־צווייגען. אין דער צייט פון די דאָזיגע ימים־טובים פלעגט דאָס פאָלק מאַכען פרעהליכע סעודות ארום די טעמפּלען און מזבחות. יעדע פאַרמעגליכע פאַמיליע פלעגט פאַר־בעטען צו איהר סעודה אָרימעלייט, אַלמנות, יתומים און גרים. אַלע האָבען געגעסען, געטרונקען און זיך משמח געווען „פאַר גאָט". די ימים־טובים פון דער ערדארבייט זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין רעליגיעזע שמחות.

אין טעמפּעל און ביים מזבח האָט זיך געמוזט געפינען אַ כהן. די כהנים פלעגען מקריב זיין די קרבנות און פלעגען בעקומען פון יעדען קרבן אַ בעשטימטען חלק. חוץ דעם פלעגען זיי קריגען פון די בעזונדער מתנות פון די ערד־פּראָדוקטען; שפּעטער האָט דאָס געזעץ געגעבען בעשטימט די מאָס פון די דאָזיגע מתנות (מעשר). די כהונה איז אַריבערגעגאַנגען בירושה פון פאָטער צום זוהן. לויט דער אַלטער מסורה האָבען אַלע כהנים גערעכענט זייער יחוס פון אהרן הכהן, משה'ס ברודער, פון שבט לוי. נאָר אין מלכות ישראל, נאָך דער רעליגיעזער איבערקערעניש פון ירבעמ'ען, זיינען געוואָרען כהנים וואָס האָבען ניט אָבגעשטאַמט פון אהרנ'ען אָדער פון די לויים. אין די צייטען פון די שופטים און די ערשטע מלכים האָבען

די כהנים געשפּיעלט די ראָלע פון טרעפער אָדער „זעהער“ און זיינען אויך געווען די לעהרער פון פאָלק; אָבער מיט דער צייט זיינען די דאָזיגע ביידע פליכטען אריבער צו די נביאים, וועלכע זיינען געוואָרען די אמת'ע לעהרער פון פאָלק.

וועגען א יענער וועלט האָבען די אידען נאָך דעמאָלט געהאַט זעהר א טונקעלען בעגריף. זיי האָבען געגלויבט, אז ווען א מענש שטאַרבט פעראייניגט ער זיך אין קבר צוריק מיט זיינע עלטערען. די טויטע וואוינען אלע אין איין אָרט, „שאול“, וועלכער איז א מין קעניגרייך אונטער דער ערד, א קעניגרייך פון שאָטענס.

די אידישע אמונה אין דער צייט פון די צוויי מלוכות איז געווען א מין געמיש פון אלערליי בעגריפען, נידעריגע און העכערע, וואָס זיי האָבען איבערגענומען פון פערשיידענע פעלקער. דער פּראָסטער פאָלקסמענש האָט ניט פערשטאַנען די רעליגיאָן אזוי ווי דער נאָכפאָלגער פון דעם נביא. ערשטענס האָט ער גערעכענט ה' בלויז פאר'ן גאָט פון זיין פאָלק, אזוי ווי, צום ביישפּיעל, בעל ביי די פעניציער; צווייטענס האָט דאָס פּראָסטע פאָלק נאָך ניט געקענט זיך בעגעהן אָהן בילדער פון גאָט, בילדער וואָס מען זאָל קענען זעהן און אָנטאַפּען מיט די הענד. נאָר די בעסערע מענשען — די נביאים און זייערע תלמידים — האָבען געפּרעדיגט, אז גאָט קען ניט פאָרגעשטעלט ווערען אין קיין שום ממשות'דיגע בילדער און, אז זייענדיג דער נאַציאָנאלער גאָט פון די אידען, איז ער אין דערזעלבער צייט אויך דער איינציגער גאָט פון דער גאַנצער וועלט, דער בעשעפער פון דער נאַטור און די מענשען. מיט דעם דאָזיגען בעגריף פון גאָט האָבען זיי נאָך פערבונדען די פאָלגענדע מאָראל: גאָט פאָדערט פון זיינע מאמינים ניט אזוי צו אָבהיטען די אויסער־ליכע צערעמאָניעס, ווי די ריינקייט פון דעם הארצען און צו אָבהי־טען די העכערע מאָראַלישע געזעצען. ניט די צערעמאָניעס נאָר די מאָראל איז דער יסוד פון דער רעליגיאָן. די דאָזיגע לעהרע, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט די נביאים פון מלכות ישראל ערב איהר אונטערגאַנג, איז ווייטער געשפּונען געוואָרען אין מלכות יהודה און ענדליך האָט זי אינגאַנצען געענדערט די רעליגיעזע בעגריפען פון די אידען.

§75. ליטעראַטור. אין פערלויף פון א סך יאָהרהונדער־

טען איז די גאַנצע גייסטיגע שאַפונג פון אידישען פאָלק בעשטאַנען פון טראַדיציעס, וואָס זיינען ניט געווען פערשריבען נאָר האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין מויל פון פאָלק. די געשיכטען וועגען דעם אָנהויב פון דער וועלט, ווי אַזוי עס זיינען געוואָרען לענדער און פעלקער, די מסורות וועגען דעם אַמאָליגען לעבען פון אידישען פאָלק, זיינע וואַנדערונגען, גבורות, מלחמות, די געשיכטען וועגען זיינע העלדען, לעהרער און מלכים, גאָט׳ס געבאָטען און געזעצען, די גלויבענס און מנהגים — דאָס אַלץ האָט זיך אויפגעהאַלטען אין זכרון פון פאָלק און פלעגט איבערגעהן בעל־פה, אויסווענ־יג, פון דור צו דור. אַ סך לעגענדען פלעגען געזונגען ווערען אַלס פאָלקס־ליעדער, און אַזוי האָבען זיי זיך אויפגעהיט. די וויכטיגסטע געבאָטען פון דער אמונה (ווי למשל די עשרת הדברות) פלעגט מען אויסלערנען אויף אויסווענ־יג און נאָך אין די גאָר אַלטע צייטען פלעגט מען זיי אויסקריצען און פערצייכענען אויף שטיינערטע טאָוולען. די כהנים, די לויים און די נביאים זיינען געווען די היטער פון די דאָזיגע מינדליכע טראַדיציעס, פון דעם דאָזיגען גייסטיגען רייכטום פון פאָלק. נאָר וואָס־מעהר עס האָט זיך ענט־וויקעלט דאָס אידישע פאָלק, אַלץ מעהר האָט זיך צווישען איהם פערשפרייט די גרויסע קונסט פון שרייבען, וואָס איז שוין געווען בעקאַנט די פעניציִשע און אַנדערע מזרח־פעלקער. דעמאָלט האָט מען אָנגעהויבען די מינדליכע טראַדיציעס צו פערשרייבען, כדי זיי צו פעראייביגען און בעהאַלטען פאַר די קומענדיגע דורות.

כתבים זיינען געברויכט געוואָרען ביי די אידען נאָך אין די צייטען פון דוד און שלמה. דיביידע מלכים האָבען געהאַט מזכירים (סעקרעטאַרען), וועלכע פלעגען געווים אויף פאַרשרייבען די געשע־הענישען פון זייער צייט. אַזעלכע כראָניקען זיינען געפיהרט געוואָרען אויך אין די צייטען פון די שפּעטערדיגע מלכים אין ביידע טיילען פון דער מלוכה. דאָס קען מען זעהן דערפון, וואָס דער שפּעטערדיגער מחבר פון דעם ספר „מלכים" (א׳ און ב׳) פון תנ"ך דערמאָנט אַלע מאָל די „דברי הימים למלכי ישראל" און „דברי הימים למלכי יהודה" אַלס קוועלען, וואָס ענטהאַלטען מעהר ידיעות. ווען עס האָט זיך ענטוויקעלט די שרייב־קונסט האָט מען אָנגעהויבען פערשרייבען אויף די אַלטע פאָלקס־לעגענדען, ליעדער

און זאגען. זיי זיינען פערצייכענט געוואָרען אין צוויי ספרים. וואָס זיינען ניט דערגאנגען צו אונז, און אויף וועלכע עס שטיצען זיך די שפּעטערדיגע ביבלישע מחברים: „ספר מלחמות ה׳" („דאָס בוך פון די מלחמות פון גאָט") און „ספר הישר" („דאָס בוך פון דעם ערליכען", אָדער לויט דעם ריכטיגערען פירוש „דאָס בוך פון ליעדער"). פון דער דאָזיגער אַלטער פּאָעזיע זיינען אין תנ"ך געבליבען נאָר שטיקלעך: דאָס זיעג־ליעד פון דבורה, א קלאָג־ליעד אין וועלכער דוד האָט בעוויינט דעם טויט פון שאול, און נאָך עטליכע ליעדער, וועלכע בעזינגען די וואנדערונגען פון די אידען אין מדבר פאר משה׳ן און די עראָבערונג פון כנען פאר יהושע׳ן.

די עלטסטע טיילען פון די היסטאָרישע און געזעצגעבערישע ספרים פון תנ"ך (דער „חומש" אָדער די „תורה", „יהושע", „שופטים", „שמואל" און „מלכים") זיינען צוזאמענגעשטעלט געוואָרען אין דער צייט פון די צוויי מלוכות, ווען די שרייב־קונסט האָט שוין דערגרייכט א הויכע מדרגה. אין די דאָזיגע וואונדער־ליכע ספרים זיינען די פשוט׳ע זאגען פון פאָלק פערוואנדעלט געוואָרען אין בעלעהרענדע געשיכטען, פול מיט א טיעפען מאָראַלי־שען געדאנק. די צעוואָרפענע זכרונות פון פאָלק וועגען זיין עבר זיינען איבערגעארבייט געוואָרען אין צוזאמענגעבונדענע היסטאָ־רישע ערצעהלונגען, מיט א שארפער רעליגיעזער בעפארבונג. די מסורות וועגען דער בעשאפונג פון דער וועלט, דאָס לעבען פון די ערשטע מענשען, דעם מבול און דעם דור־הפלגה, וועלכע זיינען געוועזען פערשפּרייט ניט נאָר צווישען די אידען נאָר אויך צווישען אלע סעמיטען פון פאָדער־אזיען, האָבען געקראָגען אין די דאָזיגע ספרים א טיעפען רעליגיעזען געדאנק און א שעהנע פּאָעטישע פאָרמע. אין די געשיכטען פון דעם לעבען פון די אבות ווערט דורכגעפיהרט דער געדאנק וועגען דעם בונד צווישען גאָט און די אבות פון אידישען פאָלק, און די געזעצליכע רעכט פון די אידען אויף כנען. נאָך שארפער ווערט דורכגעפיהרט דער דאָזיגער נאציאָנאל־רעליגיעזער געדאנק אין דער געשיכטע פון דער קנעכט־שאפט פון די אידען אין מצרים און זייער וואנדערונג אין מדבר. מיט העלע פארבען ווערט דאָ געמאָלט די ערהאבענע פערזענליכקייט פון משה׳ן, דעם גרויסען לעהרער פון פאָלק; מתן־תורה איז

דער יסוד פון דער אידישער אמונה און געזעצגעבונג. די עלטסטע טיילען פון דער דאָזיגער געזעצגעבונג — די קורצע לוחות פון די עשרת הדברות און דער מעהר אויספיהרליכער „ספר הברית" („דאָס בוך פון בונד") — זיינען דער פונדאמענט פון דער תורה.

אָנפאנגענדיג פון אכטען יאָהרהונדערט (פאַר דער קריסטלי־כער תקופה) האָבען אויך די נביאים אָנגעהויבען פערשרייבען זייערע דרשות, כדי זיי זאָלען בלייבען פאַר די קומענדע דורות. אליהו און אלישע זיינען געווען די לעצטע נביאים, וועלכע האָבען נאָך זיך ניט איבערגעלאָזט קיין געשריבענעם מאָנומענט. די גרויסע נביאים פון דער עפּאָכע, וועגען וועלכער עס וועט דערצעהלט ווערען ווייטער (עמוס, ישעיה, ירמיהו און א סך אנדערע), האָבען איבערגעלאָזט דער וועלט גלענצענדע רעדעס, פול מיט טיעפע געדאנקען, וועלכע זיינען דער בעסטער טייל פון דער ביבלישער ליטעראטור.

## עלפטער קאַפּיטעל.

# דער לעצטער יאָהרהונדערט פון די צוויי מלוכות.

(720—830 פאַר קריסטל. צייטר.)

§76. ירבעם דער צווייטער און דער נביא עמוס. נאָך א סך יאָהרען פון אומגליקען און מלחמות אָהן אויפהער, האָט מלכות ישראל זיך ענדליך בערוהיגט און אויפגעבליהט אין דער צייט פון ירבעם דעם צווייטען (דער זוהן פון יהואש, דער פערטער קעניג פון יהוא׳ס שטאַם).

ירבעם דער צווייטער, וועלכער האָט געקעניגט אַן ערך פון זעכציג יאָהר (769—830), האָט געפיהרט ערפאָלגרייכע מלחמות מיט די אונטערדריקער פון זיין פאָלק, האָט זיי אונטערטעניג געמאכט און האָט אויסגעברייט די גרעניצען פון זיין מלוכה. ער האָט בעזיעגט אין צפון די ארמים און איז אפילו אריינגעדרונגען אין זייער הויפּטשטאָדט דמשק. אין מזרח־זייט האָט ער מנצח געווען די מואבים. אלע גרעניץ־שטעדט, וואָס מען האָט ביי די

אידען געהאט צוגענומען, האט ער צוריק צוגעשלאָסען צו זיין מלוכה, וועלכע האט זיך איצט געצויגען, אזוי ווי אין די אמאָליגע צייטען, פון די לבנון־בערג ביז'ן ים־המלח.

אז מלכות ישראל האט זיך פערזיכערט געגען אָנפאלען פון דרויסען האָבען די איינוואוינער געקענט זיך רוהיג אָבגעבען מיט פריעדליכע בעשעפטיגונגען. דער מסחר מיט די פעניצישע שטעדט האט רייך געמאכט דאָס לאנד. די הויפּטשטאָדט שמרון איז פערשענערט געוואָרען מיט רייכע פאלאצען. דער קעניג אליין האט געהאט צוויי פאלאצען: א זומערדיגען און א ווינטערדיגען. די גבירים און גרויסע לייט האָבען געבויט זייערע הייזער פון געהאקטע שטיינער און זיי בעפּוצט מיט העלפאנדביין. זיי פלעגען זיך קליידען אין רייכע געוואנדען, פלעגען עסען טייערע מאכלים, טרינקען טייערע וויינען און פלעגען זיך שמירען דאָס לייב מיט דופּטיגע אייהלען. אין די פאלאצען פון די שמרונ'ישע גבירים פלעגט מען אימער הוליען און פראווען מאָלצייטען; איבערהויפּט האָבען זיך די פרויען אריינגעלאָזען אין וואוילטאָג און תענוגים. אָבער מיט די פערגעניגענס און צולאָזענקייט איז געקומען א דורשט נאָך מעהר רייכטום. פיעלע פלעגען אָנלעבען זייערע פערמעגענס דורך פאלשקייט און געוואלט, דורך אונטערדריקען די ארבייטענדע און די אָרימע. די רייכע לייט פלעגען לייהען די אָרימע געלט אויף פראָצענט, און ווען דער בעל־חוב האט ניט געקענט אָבצאָלען דאָס געלט צום טערמין פלעגט מען ביי איהם צונעהמען זיין לעצטען אייגענטום אָדער מאכען איהם פאר א קנעכט. אין יאָהרען פון אונגערעטעניש פלעגען די רייכע פערקויפען צו די אָרימע ברויט פון זייערע שפייכלערס פאר הויכע פרייזען. די סוחרים פלעגען נארען די קונים, בענוצענדיג א פאלשע וואָג און א פאלשע מאָס. די ריכטער און בעאמטע זיינען געשטאנען אויף דער זייט פון די רייכע און מעכטיגע, און ניט פון די אָרימע און שוואכע. זיי פלעגען נעהמען שוחד פון די בעליידיגער און זיך ניט קימערען וועגען די קלאגען פון די געקריוודעטע. די כהנים האָבען זיך אויך געיאָגט נאָך רייכקייט און פערגעניגענס און האָבען דערמיט נעגעבען א שלעכטען ביישפּיעל דעם פאָלק. די מדות זיינען פערדאָרבען געוואָרען און מיט זיי אויך די רעליגיעזע אידעען.

אין יענער צייט זיינען ארויסגעטראָטען מיט פייערדיגע רייד נייע נביאים, וועלכע האָבען געהאט דעם מוט צו שטראָפען די הערשער און מעכטיגע לייט פאר זייערע שלעכטע מעשים. דער שעהנסטער רעדנער צווישען די דאָזיגע נביאים איז געווען עמוס. אין דער יוגענד איז ער געוועזען א פאסטוך אין דעם שטעדטעל תקוע, אין יהודה, נאָר שפעטער האָט ער זיך אריבערגעצויגען אין בית־אל, וואו עס איז געשטאַנען דער וויכטיגסטער טעמפעל פון מלכות ישראל און וואוהין דער קעניג ירבעם פלעגט אָפט קומען צופאָהרען. זייענדיג געוועהנט צום איינפאכען לעבען פון דאָרף, איז עמוס אויפגעבראכט געוואָרען פון דער צולאָזענקייט פון דער גרויסער שטאָדט. בעגאבט מיט א פייערדיגער שפּראַך האָט עמוס גענומען פערדאמען די זינד פון זיינע פאָלקס־ברידער. אין זיינע דרשות צום פאָלק האָט ער ביטער אטאקירט די זשעדנעקייט און פערשווענדעריי פון די רייכע, די אכזריות פון די שטארקע און מאכטהאָבער, און די פערדאָרבענע מדות. ער האָט געזאָגט, אז אויב דאָס פאָלק וועט ניט בעסער ווערען וועלען אויפ'ן לאַנד קומען גרויסע אומגליקען. די רייד פון דעם נייעם נביא זיינען ניט געפעלען געוואָרען די כהנים פון דעם טעמפעל אין בית־אל. איינער פון זיי, אמציה, האָט פער'מסר'ט פאר'ן קעניג ירבעם, אז דער נביא עמוס מאכט דאָס פאָלק אונרוהיג, דערמיט וואָס ער זאָגט נביאות, אז דאָס לאַנד וועט אונטערגעהן, און אמציה האָט בעפעהלען עמוס'ען ער זאָל פערלאָזען בית־אל, די הייליגע שטאָדט פון ישראל, און זאָל געהן קיין יהודה און דאָרט זאָגען זיינע נביאות. דערויף האָט עמוס געענטפערט: „איך בין ניט קיין נביא און ניט דער זוהן פון א נביא; איך בין געווען א שטילער פאסטוך און האָב געקליבען פייגען, נאָר גאָט האָט מיך גענומען פון דער סטאטע שאָף און האָט מיר געזאָגט: גע זאָג נביאות צו מיין פאָלק ישראל!“ און טאקע באַלד האָט עמוס אין די שטארקסטע אויסדרוקען איבערגע'חזר'ט זיינע שרעקליכע נביאות וועגען דעם גורל פון מלכות ישראל.

עמוס איז דער ערשטער אידישער נביא, וועמעס רעדעס עס זיינען דערגאַנגען צו אונז אין די הייליגע שריפטען. אין זיינע נביאות קלינגט א מעכטיגער רוף צו איבערבויען דאָס

געזעלשאפטליכע לעבען אויף די יסודות פון רעכט און יושר, פרייהייט און גלייכהייט. „וועה צו די — שרייט אוים דער־נביא — וועלכע ליגען אויף בעטען פון העלפאנדביין און ציהען זיך אוים אויף זייערע געלעגערס, עסען אבגעפיטערטע באראנען, טרינקען וויין פון גרויסע בעכער, צימבלען אויף די הארפען — און קימערען זיך ניט אויפ'ן בראך פון יוספ'ס הויז!" דערפאר וואס איהר טרעט אויפ'ן ארימאן — זאגט עמוס צו די רייכע — „וועט איהר בויען הייזער פון געהאקטען שטיין אבער וואוינען אין זיי וועט איהר ניט; איהר וועט פערפלאנצען שעהנע וויינגערטנער, אבער דעם וויין פון זיי וועט איהר ניט טרינקען". און צו די פרויען פון העכערען קלאס, וועלכע האבען זיך געיאגט נאך תענוגים, זאגט דער נביא מיט צארן: „הערט אוים, איהר קיה פון בשן, איהר וואס בערויבט די ארימע, צושטויסט די אביונים און זאגט צו אייערע הארען: ברענגט אונז — און מיר וועלען טרינקען! עס וועלען קומען טעג און מען וועט אייך פיהרען אויף שיפען (אין גלות) און אייער רעשט — אין פישער־שיפלעך". דער נביא לאכט־אב פון דער פרומקייט פון די אידען וואס איז נאר לפנים און ערקלערט, אז גאט שעצט ניט די רעליגיעזע צערעמאניעס, נאר גוטסקייט און עהרליכקייט צו מענשען: „צו־וואס ברענגט איהר מיר קרבנות? — זאגט גאט. איך וויל ניט אייערע קרבן עולות און מתנות! אייערע ימים־טובים האס איך, דער ריח פון אייערע קטורת אויף אייערע פערזאמלונגען איז מיר מיאוס. נעהם אוועק פון מיר דאס ברומען פון דיינע ליעדער, און לאמיך ניט הערען די קלאנגען פון דיינע גיטארען. זאל בעסער די גערעכטיגקייט זיך צופליסען ווי א וואסער (אומעטום), זאל יושר זיך צוגיסען ווי א מעכטיגער שטראם! עס וועלען אנקומען טעג און איך וועל שיקען א הונגער אויף דער ערד, אבער ניט א הונגער פון ברויט און ניט קיין דורשט פון וואסער, נאר א דורשט צו הערען גאט'ס ווארט. און עס וועלען וואנדערען די מענשען פון ים צו ים, פון צפון צו מזרח וועלען זיי וואגלען, זוכענדיג גאט'ס ווארט, אבער זיי וועלען עס ניט געפינען". דער נביא שטעלט גאנץ אפען יהודה העכער ווי מלכות ישראל. אין יהודה און אין דער

געזעצליכער דינאַסטיע פון דוד זעהט ער יענעם קערן פון פאָלק, וואס וועט זיך אויפהאלטען נאָך אַלע פּאָליטישע איבערקערע־נישען. „איך וועל צושפּרייטען די קינדער פון ישראל צווישען די פעלקער — זאָגט גאָט — נאָר דעם גאַנצען שטאַם פון יעקב וועל איך ניט פערטיליגען. איך וועל אויפשטעלען צוריק דעם צוטרייסעלטען געצעלט פון דוד'ן“.

§ 77. מהומות אין מלכות ישראל.; אשור. דאָס לאַנגע קעניגען פון ירבעם דעם צווייטען איז געווען די לעצטע רוהיגע צייט אין דעם לעבען פון מלכות־ישראל. נאָכ'ן טויט פון דעם דאָזיגען קעניג האָבען זיך אָנגעהויבען מהומות. די מלכים האָבען זיך שנעל געביטען איינער נאָכ'ן אנדערען אויפ'ן טראָהן, און די קעניגליכע מאכט פלעגט פערכאַפּט ווערען דורך פערראַט און מאָרד. זכריה, דער זוהן פון ירבעם דעם צווייטען, האָט געקעניגט בלויז א האַלבען יאָהר. מען האָט געמאכט געגען איהם א פערשווערונג און איהם נע'הרג'עט. מיט זיין טויט האָט זיך געענדיגט די דינאַסטיע יהוא. אויפ'ן טראָהן אין שמרון איז אַרויף דער מערדער פון זכריה, שלום. אָבער אין גיכען איז ער אויך געפאַלען פון די הענד פון מורדים, וועלכע זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען פון מנחם בן גדי, פון תרצה. מנחם איז אריינגעטראָטען אין שמרון און האָט זיך ערקלערט פאר מלך (768). די יעניגע וואָס האָבען ניט געוואָלט אנערקענען זיין הערשאַפט האָט ער גרויזאַם פערפאָלגט. די איינוואוינער פון דער שטאָדט תפסח האָבען זיך ענטזאָגט אריינצו־לאָזען צו זיך דעם זעלבסט־געקרוינטען קעניג. מנחם האָט בעלאַ־גערט די שטאָדט, און ווען זי האָט זיך אונטערגעגעבען האָט ער דאָרט אויסגע'הרג'עט אַלע איינוואוינער, אפילו קינדער און מעוברת'ע פרויען. עס האָט זיך שיער ניט צופלאַקערט א בירגער־קריעג, נאָר אין יענער צייט האָט זיך אויף מלכות ישראל אָנגע־רוקט א שרעקליכער שונא פון מעסאָפּאָטאַמיען. דאָס זיינען געווען די אסיריער, וועלכע האָבען בעשאַפען די גרויסע מלוכה אשור, צווישען די טייכען פרת און חדקל.

אין יענער צייט איז אשור דורך איהרע קריעגערישע מלכים געוואָרען די מעכטיגסטע מלוכה אין מערב־אזיען. נאָכדעם ווי די אסיריער האָבען איינגענומען א סך לענדער אין ארמעניען,

מדי (מידיען) פרס (פערסיען) און בבל, האָבען זיי זיך גענומען ציהען צו די ברעגען פון דעם מיטלענדישען ים. זיי האָבען געוואָלט איינגעהמען סיריען און פעניציען, וואָס זיינען געלעגען ביים ים, די קעניגרייכען ישראל און יהודה, און ענדליך זיך דערלאַנגען צו דער גרויסער עגיפּטען. די אַסירישע הערשער האָבען זיך גערופען „גרויסע מלכים", און האָבען געשטרעבט איינצונעהמען די גאַנצע וועלט; זייער הויפּטשטאָדט איז געווען נינוה, אַ גרויסע שטאָדט אויפ'ן ברעג פון טיגרים. נינוה איז געוועזן בעוואוסט מיט איהר גרויסער בעפעלקערונג, מיט איהרע רייכטימער, פּרעכטיגע פּאַלאַצען און הייליגע טעמפּלען. די אַסיריער האָבען געדיענט צו די שטערען און זייערע הויפּט־געטער זיינען געווען: בל, דער גאָט פון דער זון, און אישתר, די קעני־גין פון הימעל און די געטין פון פּרוכטבאַרקייט. בל האָט זיך גערעכענט אויך פאַר'ן גאָט פון מלחמה, און זיין נגאָד האָט מען געקענט געווינען מיט בלוטיגע קרבנות צו איהם. די אַסירישע קריעגסלייט האָט מען אומעטום געהאַלטען פאַר גרויזאַמע און אונבעזיעגבאַרע. ישעיה הנביא שילדערט דעם אַסירישען קריעגער אַזוי: „ער געהט פלינק און גרינג, ער ווערט ניט מיעד און ווערט ניט שוואך, ער דרימעלט ניט און שלאָפט ניט. דער גאַרטעל פון זיינע לענדען ווערט קיינמאָל ניט אַרונטערגענומען, און דער רימען פון זיין שוך בינדט זיך קיינמאָל ניט פונאַנדער. זיינע פיילען זיינען אָנגעשאַרפט און זיין בויגען איז אָנגעצויגען. די קאָפּיטעס פון זיינע פערד זיינען ווי קיזעלשטיין, און זיינע רייטוועגען — ווי דער שטורם־ווינד. זיין געשריי איז גליייך צום ברומען פון לייב: ער גיט אַ ברום און כאַפּט זיין רויב און פליהט מיט איהר אַוועק — און קיינער קען פון איהם ניט רעטען". און די דאָזיגע שרעקליכע קריעגער האָבען איצט געוואָרפען אַן אָויג אויף מלכות־ישראל.

דער אַסירישער מלך פול האָט זיך אַ רוק געטהאָן מיט אַ גרויסען חיל איבער דמשק, איז בעפאַלען די נחלות פון די צפונ'־דיגע שבטים, וואו ער האָט פערנומען אַ סך רויב און געפאַנגענע, און האָט זיך געלאָזט געהן אויף דער הויפּטשטאָדט שמרון. דער קעניג מנחם האָט זיך געפונען צווישען צוויי פייערן: צווישען

דעם פיינדליכען טייל פון זיין אייגענעם פאָלק און דעם שונא פון דרויסען. האָט ער בעשלאָסען צו זוכען שטיצע ביי דעם דרויסענ־דיגען פיינד געגען דעם אינווענינסטען. און ער האָט געגעבען פול'ן א גרויסע סומע אויסלייז־געלט מיט דעם תנאי, אז ער זאָל לאָזען דאָס לאַנד צורוה און זאָל בעפעסטיגען זיין, מנחמ'ס, הער־שאפט איבער מלכות־ישראל. דער שונא איז אוועק אָבער פון דעמאָלט אָן איז מלכות־ישראל געוואָרען אונטערטעניג צו אשור.

נאָך צעהן יאָהר קעניגען איז מנחם געשטאָרבען און אין צוויי יאָהר ארום האָט די קעניגליכע הערשאפט ארייגעכאפט דער ענערגישער קריעגספיהרער פקח (755).

פקח איז געווען א מענש מיט א סך מוט און א גרויסען אונטערנעהמונגס־גייסט, און ער האָט בעשלאָסען צו בעפרייען זיין לאַנד פון אשור'ס יאָך. פאַר דיעזען צוועק איז ער אריינגעטראָטען אין א בונד מיט די אנדערע פעלקער, וואָס זיינען געווען אונטער־דריקט פון אשור. דער ארמ'ישער קעניג רצין און דער קעניג פקח האָבען זיך פעראייניגט כדי מיט בשותפות'ע כחות צו פערטיידיגען זיך געגען דעם מעכטיגען פיינד. די פערבינדעטע האָבען בעשלאָ־סען צוצוציהען אויף זייער זייט אויך דעם קעניג פון יהודה.

אין יענער צייט פון צרות און מהומות, ווען די מלכים פלעגען דורך מאָרד אריינכאפּען די מאכט אין זייערע הענד, די רייכע לייט האָבען זיך אריינגעלאָזט אין וואוילטאָג און געצענדיענסט אין דאָס ארבייטער־פאָלק האָט געשמאכט אין דחקות און אונוויסענהייט, האָבען זיך בעוויזען נייע בעגייס־טערטע נביאים, וועלכע האָבען אָנגעוויזען דעם פאָלק אויף זיינע שלעכטע מעשים. דער וויכטיגסטער נביא פון יענער צייט איז געווען הושע. אין פייערדיגע רייד אטאקירט ער די רעליגיעזע און פאָליטישע טעות'ן פון פאָלק. הושע פערגלייכט מלכות שמרון מיט א פאַלשער פרוי, וועלכע האָט פערלאָזען איהר געזעצליכער מאַן, יהוה, און איז אוועק נאָך איהר געליעבטען בעל. מיט ביטערקייט רעדט ער וועגען די מלכים פון שמרון, וועלכע בעווייזען זיך ווי „שוים אויפ'ן וואסער", וועגען דער לאסט פון דעם מלך און די הארען. „איך גיב דיר א מלך אין מיין צאָרן און נעהם איהם צו אין מיין פערדרוס" — זאָגט דער

נביא אין דעם נאָמען פון גאָט. ער דערמאָנט דעם פאָלק זיין היסטאָרישע יוגענד, די צייט ווען ער איז אַרויס פון מצרים און געוואַנדערט איבער'ן מדבר. „ווען ישראל איז יונג געווען, האָב איך איהם ליעב געהאַט — זאָגט גאָט מיט די ליפּען פון דעם נביא; — פון מצרים האָב איך גערופען דעם זוהן מיינעם... ווי ווייִנטרויבען אין מדבר האָב איך געפונען ישראל'ן; ווי יונגע פרוכט אויפ'ן פייגענבוים האָב איך דערזעהן די אורעלטערן אייערע". דער נביא דריקט אויס די האָפנונג, אַז נאָך אַ סך ליידען וועט די זינדיגע שמרון חרטה האָבען און וועט זאָגען: „איך וועל געהן און וועל זיך אומקעהרען צו מיין ערשטען מאַן, וואָרום מיר איז בעסער געווען דעמאָלט ווי יעצט".

§ 78. די מלכים עוזיהו און אחז אין יהודה. אין מלכות יהודה זיינען ניט געווען אַזעלכע בלוטיגע איבערקערענישען, ווי די וואָס האָבען אויסגעזויגען די כחות פון מלכות ישראל. דאָ איז דוד'ס דינאַסטיע געווען שטאַרק און דער טראָהן פלעגט אַריבער־געהן בירושה פון פאָטער צו זוהן. אין דער צייט פון עוזיהו, דער אייניקעל פון יואש (805—755), האָט מלכות יהודה ווידער דער־גרייכט צו מאַכט און רייכקייט. עוזיהו האָט פעראייניגט אין זיך די פעהיגקייטען פון אַ העלדישען קריעגספיהרער און אַ גוטען מושל. כדי צו בעשיצען דאָס לאַנד פון פיינדליכע אָנפאַלען האָט ער פערגרעסערט זיין חיל און האָט אויסגעבויט אַ סך פעסטונגען אין פערשיידענע ערטער; איבערהויפּט האָט ער בעפעסטיגט די מויערען פון ירושלים, האָט אויפגעבויט טהורמס, און האָט אוועק־געשטעלט אויף זיי גרויסע מאַשינען, וואָס וואַרפען שטיינער און פיילען. עוזיהו האָט זיך אויך אָבגעגעבען צו ענטוויקלען ערד־אַרבייט און מסחר. יהודה האָט געפיהרט האַנדעל מיט פעניציען און מצרים און איז געוואָרען אַלץ רייכער און רייכער. „דאָס לאַנד איז געוואָרען פול מיט זילבער און גאָלד, מיט פערד און רייטוועגען" — זאָגט אַ נביא פון יענער צייט. אָבער ווען דאָס רייכטום און דער אויסוועניגסטער גלאַנץ פון יהודה זיינען געשטי־גען, האָט מען דאָ אויך אָנגעהויבען ציהען צו וואָוילטאָג און פער־דאָרבענע מדות, הגם ניט אין אַזאַ מאָס ווי אין מלכות ישראל. דער קעניג עוזיהו איז בכלל געווען אַ פרומער, נאָר אין די לעצטע

יאָהרען פון זיין לעבען איז צווישען איהם און די כהנים פאָרגעקומען א צוזאַמענשטויס. איינמאָל איז ער אריין אין בית־המקדש און האָט געוואָלט אָנצינדען די קטרת אויפ'ן מזבח, וואָס נאָכ'ן דין האָבען עס געמעגט נאָר די כהנים. דער תנ"ך דערצעהלט, אז ווי נאָר דער קעניג איז צוגעגאַנגען צום מזבח האָט זיך ביי איהם אויפ'ן שטערען בעוויזען אַן אויסשלאַג. נאָכ'ן מנהג האָט א קרעציגער געמוזט לעבען אָבגעזונדערט און האָט זיך ניט געטאָרט ווייזען צווישען מענשען. זייענדיג געשטראָפט מיט דער שרעקליכער חולאת האָט עוזיהו נאָך ביים לעבען איבערגעגעבען די קעניגליכע מאכט צו זיין זוהן יותם, וועלכער האָט געוועלטיגט פופצעהן יאָהר.

אַן אונרוהיגע צייט איז אָנגעשטאַנען אין יהודה אין די יאָהרען פון יותם'ס זוהן אחז (724—739). אחז איז ארויף אויפ'ן טראָהן אין יענער צייט ווען פקח, דער מלך פון ישראל, און רצין, דער מלך פון ארם, האָבען געשלאָסען א בונד געגען אשור. זיי האָבען פאָרגעלעגט דעם מלך פון יהודה ער זאָל זיך אויך אָנשליסען אַן דעם דאָזיגען בונד געגען דעם אַלגעמיינעם שונא. נאָר אחז, מורא האָבענדיג פאר דער מעכטיגער אשור, האָט ניט געוואָלט צושטעהן צום בונד. דעמאָלט האָט פקח און רצין ערקלערט קריעג אחז'ן. די ארמייען פון די פעראייניגטע מלכים האָבען זיך אריינגעריסען אין יהודה און דאָרט געמאַכט א גרויסען חורבן; זיי האָבען זיך שוין אפילו גענומען דערנעהנטערען צו ירושלים. אחז איז געוועזען אין א פערצווייפעלטער לאַגע. האָט ער געשיקט צום אסירישען קעניג, תגלת פלאסר, און איהם אַזוי געזאָגט: „איך בין דיין קנעכט און דיין זוהן. קום און רעטע מיך פון די הענד פון די מלכים פון ארם און ישראל, וועלכע געהען מיט געוועהר געגען מיר!" דער אסירישער קעניג איז געוועזען זעהר צופריעדען פון דער אונטערטעניגקייט פון אחז, וועלכער, אָנשטאָט זיך צו פעראייניגען מיט אשור'ס פיינד, האָט גאָר הכנעה'דיג געבעטען איהר שוץ, און ער האָט באַלד ארויסגעשיקט א חיל אין די לענדער פון פקח און רצין, וועלכע האָבען געגען איהם מורד געוועזען.

§ 79. דער אונטערגאַנג פון מלכות ישראל. אַזוי שנעל ווי פקח און רצין האָבען זיך דערוואוסט אז אשור'ס חיל איז אָנגע־

פאַלען אויף זייערע לענדער, האָבען זיי אָבגעלאָזט יהודה און זיך שנעל אומגעקעהרט יעדערער אין זיין מלוכה. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. תגלת־פּלאסר האָט איינגענומען דמשק, די הויפּטשטאָדט פון ארם, און האָט פערטריבען די איינוואוינער אין א ווייטען לאַנד; דעם קעניג רצין האָט ער גענומען געפאַנגען און איהם געטויט. די ארמ׳ישע מלוכה איז צוגעשלאָסען געוואָרען צו אסיריען — און האָט שפּעטער געקראָגען דעם נאָמען סיריען (פערקירצט פון אסיריען). נאָכדעם איז תגלת־פּלאסר אריינגעטראָטען אין מלכות־ישראל און האָט איינגענומען אין מזרח דעם גאַנצען גלעד, און אין צפון — די נחלות פון די שבטים נפתלי, זבולן און אשר. די דאָזיגע לענדער האָט ער אריינגענומען אין זיינע גרעני־צען און זייערע איינוואוינער האָט ער אוועקגעפיהרט געפאַנגען און זיי צושפּרייט אין אלע ווינקלען פון דעם גרויסען אסירישען קעניגרייך.

אויף אזא אופן איז פון מלכות־ישראל אָבגעריסען געוואָרען א העלפט פון איהר לאַנד (735). פּקח איז געבליבען קעניג בלויז איבער׳ן לאַנד פון אפרים און די גאַנץ־געבליבענע שכנ׳ישע שבטים, אין וועלכע עס האָט זיך געפונען די הויפּטשטאָדט שמרון. דאָס געבליבענע לאַנד האָט אויך געמוזט אנערקענען די אויבערהער־שאַפט פון אסירישען קעניג און צאָלען איהם צינז. א טייל פון פאָלק איז געוואָרען אונצופריעדען מיט פּקח׳ן, וועלכער האָט געבראַכט אזא אונגליק אויפ׳ן לאַנד און מען האָט געמאַכט געגען איהם א פערשווערונג. דער אָנפיהרער פון דער פערשווע־רונג, הושע בן־אלה, האָט גע׳הרג׳עט פּקח׳ן און, מיט דער הילף פון די אסיריער, איז ער געוואָרען קעניג (734).

צעהן יאָהר לאַנג איז הושע געבליבען אונטערוואָרפען צו אשור. דאָס האָט איהם שווער געדריקט און ער האָט געזוכט א געלעגענהייט זיך צו בעפרייען פון דעם פרעמדען יאָך. ווען תגלת־פלאסר איז געשטאָרבען האָבען זיך אין פאַלעסטינא ווידער אָנגע־פאַנגען אונרוהען. די פעניציער פון צור און עטליכע אנדערע פעלקער זיינען אויפגעשטאַנען געגען דער אויבערהערשאַפט פון אשור. די אויפגעשטאַנענע קליינע פעלקער האָבען א סך געהאָפט אויף דער הילף פון אשור׳ס גרויסען געגנער — מצרים. די אלגע־

מיינע בעוועגונג האָט-אריינגעצויגען אויף דעם מלך פון ישראל, און הושע האָט זיך אין דער שטיל פערבונדען מיט דעם עגיפּטישען קעניג סאָ. פערלאָזענדיג זיך אויף דער הילף פון מצרים האָט הושע אויפגעהערט שיקען דעם יעהרליכען צינז צו תגלת־פלאסר׳ס יורש, דעם „גרויסען מלך״ שלמנאסר. אָבער ער האָט זיך אָבגענארט אין חשבון. ווען דער דערצאָרנטער שלמנאסר האָט זיך אריינגע־ריסען מיט א גרויסען חיל אין מלכות ישראל, האָבען די מצריים אפילו ניט געפּרובט קומען די אידען צו הילף. די אסיריער האָבען גענומען די אידישע שטעדט איינע נאָך דער אַנדערער און זיינען באַלד צוגעקומען צו שמרון און האָבען זי בעלאַגערט. נאָך פאַר דער בעלאַגערונג פון דער הויפּטשטאָדט איז הושע געפאַנגען געוואָרען פון די אסיריער, וועלכע האָבען איהם פערשפּארט אין תפיסה (724). די בעלאַגערטע איינוואוינער פון שמרון האָבען מיט גרויס מוט זיך געשטעלט געגען דעם שונא. דריי יאָהר האָבען די אסיריער בעלאַגערט די גוט־בעפעסטיגטע אידישע הויפּט־שטאָדט, וועלכע איז געפאַלען שוין נאָכ׳ן טויט פון שלמנאסר, אין דער צייט פון זיין נאָכפאָלגער סרגון (721).

אז שמרון איז געפאַלען האָט דער אסירישער הערשער בע־שלאָסען אויף אייביג צו פערניכטען מלכות ישראל. פאר דיעזען צוועק האָט ער זיך בענוצט מיט דעמזעלבען מיטעל, וואָס די אסי־ריער פלעגען שטענדיג געברויכען ווען זיי פלעגען איינגעהמען א פיינדליכע מדינה. ער האָט צעהנדליגער טויזענדער אידען אוועק־געפיהרט אין געפאַנגענשאַפט און האָט זיי צושפּרייט איבער אלע ווינקלען פון זיין מלוכה: „אין חלח, חבור, ביים טייך גוזן און אין די שטעדט פון מדי״. פון שמרון אליין האָט מען אוועקגעפיהרט 27,280 אידען. אָבער א סך האָבען בעוויזען זיך צו רעטען, אנט־לויפענדיג אין דער שכנ׳ישער מלכות יהודה. אין א יאָהר אַרום נאָך דער מפלה פון שמרון (720) האָבען די האָרטיגע פערבליבענע איינוואוינער ווידער געפּרובט מאַכען אן אויפשטאַנד. דאָס האָט ווידער געפיהרט דערצו, אז א סך אידען זיינען מיט געוואַלד אוועקגעשיקט געוואָרען אין ווייטע לענדער. און אזוי האָבען שמרון און אַנדערע אידישע שטעדט פערלאָרען דעם גרעסטען טייל פון זייערע איינוואוינער. זייענדיג פערטריבען אין ווייטע לענדער

האָבען זיך די אידען אויסגעמישט מיט די דאָרטיגע היידנישע פעלקער, און ענדליך זיינען זיי כמעט אינגאַנצען פערשוואונדען צווישען זיי. אין די פערוויסטע אידישע שטעדט האָט דער אסירישער קעניג אַריבערגעבראַכט און בעזעצט אסיריער, בבלים און כותים פון זיין אייגענער מלוכה. די דאָזיגע נייע איינוואוינער זיינען געווען געצענדיענער, נאָר מיט דער צייט האָבען זיי איבער־גענומען אַ סך אידישע מנהגים און גלויבענס. זיי האָבען זיך אויסגעמישט מיט דעם רעשט פון די דאָרטיגע אידען און צולעצט זיינען זיי געוואָרען אַ בעזונדערע האַלב־געצענדיענערישע, האַלב־אידישע פעלקערשאַפט, בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „שמרונים“.

אזוי איז אונטערגעגאַנגען מלכות ישראל, די מלוכה פון די צעהן שבטים, וועלכע האָט עקזיסטירט צוויי הונדערט און פופציג יאָהר נאָכדעם ווי זי האָט זיך אָבגעטיילט פון מלכות יהודה. אונטערגעגאַנגען איז ניט נאָר די מלוכה, נאָר אויך אַ גרויסער טייל פון אידישען פאָלק, וועלכער איז פערשוואונדען צווישען די אזיאַטישע פעלקער. דאָס דאָזיגע אומגליק איז צוגעגרייט געוואָרען לאַנגזאַם. די צושפּאַלטונג פון דער מלוכה נאָך שלמה'ן איז געווען דער ערשטער קלאַפּ פאַר דער גאַנצקייט פון אידישען פאָלק. די צוריסענע מלוכה האָט ניט געקענט ביישטעהן געגען די דרויסענ־דיגע שונאים. די גרעסערע העלפט איז חרוב געוואָרען; געבלי־בען איז נאָר די קלענערע — יהודה. פון דעם אידישען פאָלק זיינען געבליבען נאָר דער שבט יהודה און בנימין, אַ טייל פון דעם שבט לוי, און די רעשטען פון די צפונ'דיגע שבטים, וועלכע זיינען אנטלאָפען קיין יהודה נאָכ'ן חורבן פון שמרון.

§ 80. דער קעניג אחז און ישעיה הנביא. דאָס מעכטיגע אשור האָט חרוב געמאַכט די האַרטנעקיגע מלכות־ישראל, אָבער זי האָט געשוינט די הכנעה'דיגע יהודה. אחז, דער מלך פון יהודה, האָט אַנערקענט דעם מלך פון אשור פאַר זיין אויבערהערשער. ווען תגלת־פלאסר האָט שוין געהאַט איינגענומען אַ העלפט פון מלכות ישראל איז אחז אוועק קיין דמשק צו בעגריסען דאָרט דעם זיעגער און געווינען זיין פריינדשאַפט. אין דמשק האָט זיך אחז בעקענט מיט די אסירישע פיהרונגען און זיי זיינען איהם זעהר געפעלען געוואָרען. איבערהויפּט האָט ביי איהם אויסגענומען דער

געצענדיענערישער מזבח, אויף וועלכען דער זיעגער פּלעגט ברענגען קרבנות צום אסירישען גאָט. אחז האָט פון דמשק אוועקגעשיקט צום כהן גדול אוריה אין ירושלים א צייכנונג פון דעם דאָזיגען מזבח און איהם בעפעהלען אויסצובויען פּונקט אזא מזבח. אוריה האָט ערפילט דעם בעפעהל פון קעניג.

ווען אחז איז צוריקגעקומען פון דמשק האָט ער אָנגעהויבען איינפיהרען אין ירושלים דעם אסירישען דיענסט צו דער זון און די שטערן. ביים אריינגאנג פון בית־המקדש האָט ער אוועקגעשטעלט א רייטוואָגען מיט פּפערד לכבוד דעם גאָט פון דער זון. אחז איז אזוי ווייט אוועק אין זיין געצענדיענסט, אז איינמאָל ווען ער איז געווען אין א סכנה, האָט ער פערברענט איינעם פון זיינע זיהן אויפ׳ן מזבח פון דעם אָבגאָט מלך. ער האָט זיין קינד געבראכט פאר א קרבן צו שטילען דעם צאָרן פון דעם אָבגאָט. און א סך השוב׳ע לייט פון יהודה האָבען נאָכגעטהאָן דעם קעניג׳ס מיאוס׳ע מעשים. די פערדאָרבענקייט פון די מדות אין יהודה איז אלץ שטארקער געוואָרען און עס איז געווען א סכנה, אז זי זאָל זיך ניט צעוואקסען אזוי ווי אין מלכות ישראל. צום גליק איז געשעהן, אז ווען אחז איז געשטאָרבען, איז אויפ׳ן טראָהן פון יהודה ארויף געטראָטען זיין זוהן, דער קלוגער און גאָטספאָרכטיגער חזקיהו (724), וועלכער האָט אָנגעהויבען פיהרען דאָס לאנד אין אידישען גייסט. ווען די אסירער האָבען איינגענומען שמרון אין די ערשטע יאָהרען פון חזקיהו׳ס קעניגען, האָבען די איינוואוינער פון יהודה געזעהן אין דעם די גערעכטע שטראָף פון גאָט פאר די זינד פון ישראל; זיי האָבען זיך אראָבגענומען א מוסר און זיינען גערן צוגעשטאנען צו זייער יונגען קעניג חזקיהו, וועלכער האָט זיך גענומען אויסוואָרצלען דעם געצענדיענסט און איינפיהרען א נייע אָרדנונג אין לאנד.

אין די צייטען פון די מלכים אחז און חזקיהו האָט אין יהודה געלעבט דער גרעסטער אידישער נביא, ישעיה, דער זוהן פון אמוץ. זיין נביאות האָט זיך אָנגעהויבען נאָך אין דער צייט פון אחז. יהודה איז דעמאָלט געווען שטארק רייך און האָט געלעבט בשלוה, נאָר איהרע גרויסע און רייכע לייט האָבען נאָכגעטהאָן די פערדאָרבענע מדות פון די שמרונים. ישעיה האָט זיך תמיד געדרעהט

אין דער העברער געזעלשאפט פון ירושלים און ביטער געשטראפט די דאזיגע געזעלשאפט פאר איהרע זינד. ער האט ארויסגעשטעלט פאר'ן פאלק יענע הויכע געזעלשאפטליכע און גייסטיגע אידעאלען, צו וועלכע עס האבען שפעטער אין משך פון א סך יאהרהונדערטען גערופען די גרעסטע לעהרער פון דער מענשהייט.

„ווי איז די געטרייע שטאדט אן אויסגעלאסענע געוואָרען! — רופט אויס דער נביא. — זי וועלכע איז פול מיט גערעכטיגקייט געוועזען! אין איהר פלעגט עהרליכקייט רוהען, און איצט — מערדערס (בלויז). דיינע פירשטען זיינען ווידערשפעניגער, קאמעראדען פון גנבים, איטליכער האט ליעב געשאנקען און יאגט זיך נאך בעצאלונג. דעם יתום גיבען זיי ניט זיין רעכט און די קלאגע פון דער אלמנה קומט צו זיי ניט אן"...

„וועה צו די וועלכע רוקען א הויז צו א הויז און נעהנטערען א פעלד צו א פעלד אז ס'איז מעהר קיין פלאץ ניטא, און איהר אליין בלייבט זיצען אינ'ם לאנד"... „צו וואס מיר אייערע פיעל אפפער? — זאגט גאט. ווען איהר קומט זיך ווייזען פאר מייז געזיכט, ווער בעט עס פון אייך איהר זאלט מיינע הויפען טראמפלען? ברענגט ניט אייערע ליגען־געשאנקען; אייער ווייהרויך איז אן עקעל פאר מיר. אייערע מאנאט־פעסטען און אייערע פייערטעג האסט מיין זעלע. וויפיעל איהר זאלט ניט בעטען הער איך זיך ניט איין; אייערע הענד זיינען מיט בלוט געפילט. וואשט זיך אב, רייניגט זיך, טהוט־אב אייערע בייזע טהאטען פון מיינע אויגען, הערט־אויף שלעכטס צו טהאן. לערנט זיך גוטס טהאן, זוכט גערעכטיגקייט, אונטערשטיצט דעם אונטערדריקטען, גיט זיין רעכט דעם יתום, נעהמט זיך אן די קריוודע פון דער אלמנה!" (יהואש'ס איבערזעצונג).

ישעיה'ס נביאות ווערט בעזונדערס שארף אין דער צייט פון אחז, ווען מען האט אין ירושלים אנגעהויבען נאכמאכען די אסירישע אָרדנונגען און איינפיהרען דעם געצענדיענסט. דער נביא האט געזעהן דעם אנפאל פון תגלת־פלאסר, וועלכער האט איינגענומען ארם און א העלפט פון מלכות ישראל, און ער האט פאראויסגעזאגט יהודה דעמזעלבען סוף, אויב זי וועט זיך ניט פארבעסערען. ער האט אבגעלאכט פון אחז'ן, וואס ער שרעקט זיך אזוי און בויגט

זיך שקלאַפיש פאַר'ן אַסירישען מלך. „אשור — דאָס איז נאָר אַ שטעקען אין די הענד פון דעם צאָרנדיגען גאָט. קען די האַק זיך שטעלען העכער פון דעם העקער? קען די זעג שטאָלצירען איבער דעם, וואָס זעגט מיט איהר?" דער פערבלענדטער אחז האָט מורא געהאַט פאַר'ן שטעקען אָבער ניט פאַר גאָט, אין וועמעס הענד דער שטעקען, אשור, איז נאָר אַ בלינדער געצייג. דער נביא האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז די שטאָלצע אשור, פאַר וועלכער עס האָבען געציטערט אַלע פעלקער, וועט אונטערגעהן. ער האָט אויך נביאות געזאָגט וועגען דעם שיקזאַל פון דמשק, שמרון, צור, מואב, מצרים און אַנדערע מלוכות.

ישעיה'ס רעדעס האָבען איבערראַשט מיט זייער קראַפט און שעהנקייט. אין אַ צייט פון שווערער פערדאָרבענקייט האָט דאָס מעכטיגע וואָרט פון דעם נביא געוועקט דאָס געוויסען פון פאָלק. ישעיה האָט געהאַט אַ סך תלמידים און נאָכפאָלגער צווישען די בעסערע מענשען פון יהודה, און די האָבען געראַטעוועט דאָס פאָלק פון פאַלען. ישעיה האָט נאָך אויך דערלעבט בעסערע צייטען, ווען אויפ'ן טראָהן פון יהודה איז אַרויפגעטראָטען דער גאָטספאָרכטיגער חזקיהו, וועלכער האָט אויסגעראָט אַלע שלעכטע אָרדנונגען, וואָס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען פאַר זיין פאָטער אחז. די נבואות פון ישעיה ווערען דעמאָלט ליכטיגער און מונטערער. דער אידעאַל פון אַ גוטען הערשער און אַ גליקליכען לאַנד שטעלט זיך פאַר דעם נביא אין פאָלגענדען בילד:

„עס וועט אַרויסגעהן אַ צווייג פון ישי'ס שטאַם (דוד'ס דינאַסטיע), און אַ ריטעל וועט פון זיינע וואָרצלען אַרויסוואַקסען, און עס וועט רוהען אויף איהם (דעם קעניג) דער גייסט פון גאָט, דער גייסט פון קלוגהייט און פערשטאַנד, דער גייסט פון ענטשלאָסענהייט און העלדישקייט, דער גייסט פון וויסען און גאָטספאָרכטיגקייט... ער וועט משפט'ען מיט גערעכטיגקייט די ניטבעדערפטיגע, און ער וועט אורטיילען מיט ריכטיגקייט די געדריקטע פון לאַנד. גערעכטיגקייט וועט זיין דער גאַרטעל אַרום זיינע לענדען (ד. ה. ער וועט זיך ניט צושיידען דערמיט). אין אַ וואָלף וועט וואוינען מיט אַ שעפּס, און אַ טיגער וועט ליגען מיט אַ ציקעלע, און אַ קאַלב און אַ יונגער לייב און אַ

פעטער רינד אינאיינעם, און א קליין קינד וועט זיי פיהרען. און א קוה און א בער וועלען זיך צוזאמען פיטערען, צוזאמען וועלען זייערע יונגע ליגען, און דער לייב וועט אזוי ווי דער רינד — שטרוי עסען. און א זויגלינג וועט זיך שפּיעלען ביי דעם לאָך פון א פּיפּערנאָטער, און אויף דער נאָרע פון א גיפטיגער שלאנג וועט אן ענטוועהנט קינד זיין האנד אויסשטרעקען. זיי וועלען



ישעיה׳ס טרוים פון אייביגען שלום.

ניט טהאָן קיין בייז און זיי וועלען ניט שאַדען טהאָן אויפ׳ן גאַנצען הייליגען בארג מיינעם, דען די גאַנצע ערד וועט זיין פול מיט ערקענונג פון גאָט, אזוי ווי דאָס וואסער פערדעקט דעם ים" (יהואש׳עס איבערזעצונג).

פאר׳ן בליק פון דעם נביא טראָגט זיך ניט א בילד פון א וויל־דער, קריעגערישער מלוכה, וואָס בעזיעגט די גאַנצע וועלט מיט׳ן

שווערד, נאָר דער אידעאַל פון א פריעדליכען פאָלק, וואָס וועדט רעגירט מיט גערעכטיגקייט, וואָס שטרעבט צו מאַכען גלייך די שוואַכע מיט די שטאַרקע, און צו אָבשאַפען די אונטערשיידען צווי־שען די קלאַסען. יהודה דאַרף זיך ניט וועלען גלייכען צו אשור, „די שטילע וואַסערען פון שלח (א קליינער טייך אין ירושלים) — מיט די מעכטיגע שטירמישע וואַסערען פון פרת", וואָס פערטרינקען די ערד ווייט און ברייט. די אידישע מלוכה דאַרף זיין אן אינערליך שטאַרקע און גערעכטע מלוכה, און ניט קיין קריעגערישע וועלט־מאַכט, וואָס איהר כח בעשטעהט אין געוואַלט, און איהר רעכט — אין פויסט. נאָך מעהר, דאָס אידישע פאָלק דאַרף דערגרייכען אזא הויכע מדרגה, אז עס זאָל דיענען פאַר א ביישפּיעל צו אנדערע פעלקער און זאָל זיך פערבינדען מיט זיי אין אן ענגער, גייסטיגער איינהייט.

„אין דעם ענד פון די טעג — זאָגט ישעיה — און פעסט איינגעשטעלט וועט זיין דער בארג פון גאָט'ס הויז, אויף דעם שפּיץ פון די בערג, אויפגעהויבען איבער אלע הויכע ערטער וועט ער זיין. און עס וועלען שטראָמען צו איהם אלע נאַציאָ־נען. און פיעל פעלקער וועלען געהן און וועלען זאָגען: קומט, לאָזען מיר אַרויפשטייגען צו דעם באַרג פון דעם אייביגען, צו דעם הויז פון יעקב'ס גאָט, און ער וועט אונז לערנען פון זיינע וועגען, און מיר וועלען אין זיינע שטעגען געהן, דען פון ציון קומט אַרויס די לעהרע, און גאָט'ס וואָרט — פון ירושלים. און ער וועט אורטיילען צווישען די נאַציאָנען און רעדען וועט ער צו די פעלקער. און זיי וועלען איבערשמידען זייערע שווערדען אין אַקעראייזענס און זייערע שפּיזען אויף גאָרטען־מעסערס. א פאָלק קעגען א פאָלק וועט מעהר קיין שווערד ניט אויפהוי־בען און זיי וועלען מעהר ניט לערנען קיין קריעג" (יהואש'ס איבערזעצונג).

צוועלפטער קאַפּיטעל.

# מלכות יהודה אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון אשור און בבל.

(720—586 פאַר קריסטל. צייטר.)

§81. חזקיהו. זינט דער צייט פון דוד המלך איז אויפ'ן טראָהן פון יהודה ניט געזעסען נאָך אַ קעניג, וואָס זאָל זיין אַזוי גאָטספאָרכטיג און איבערגעבען צו די אינטערעסען פון פאָלק ווי חזקיהו (696—274). אין די ערשטע יאָהרען פון זיין קעניגען האָט חזקיהו געזעהן די מפלה פון שמרון און דעם אונטערגאַנג פון מלכות־ישראל, און ער האָט געוואָלט פערהיטען יהודה פון דעם ביטערען גורל פון איהר זינדיגער שוועסטער שמרון. דעריבער האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט פאַר אַ ציעל צו בעפעסטיגען אין לאַנד דעם אמת'ן גלויבען, געזעצליכקייט און אָרדנונג. מיט גרויס פלייס האָט זיך דער יונגער מלך גענומען אויסוואָרצלען דעם אַסירישען געצענ־דיענסט, וואָס זיין פאָטער אחז האָט פערפלאַנצט. אויף זיין בעפעהל האָט מען פערניכטעט אַלע געצענבילדער; מען האָט אויך צובראָכען די קופערנע שלאַנג, צו וועלכער דער פּראָסטער המון האָט זיך געבוקט ווי צו אַ גאָט, וואָס היילט פון קראַנקהייטען. חזקיהו האָט פאַרבאָטען צו בויען מזבחות צו גאָט אויף הויכע ערטער (במות) אין פערשיידענע שטעדט און דערפער; ער האָט געפאָדערט, אַז אין די גרויסע ימים־טובים זאָלען אַלע עולה־רגל זיין קיין ירושלים. ער האָט געהייסען ארויסוואַרפען פון בית־המקדש די געצענבילדער, וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען, האָט ארויסגע־טריבען די אומווירדיגע כהנים און לויים. עס איז אויף דאָס ניי איינגעפיהרט געוואָרען דער גאָטעסדיענסט לויט די אַלטע מנהגים פון פאָלק. די כהנים פלעגען ברענגען קרבנות פון הייליגע פיה אויפ'ן מזבח פון ה', און די לויים פלעגען זינגען אין כאָר לויב־געזאַנגען צו גאָט און פלעגען בעגלייטען זייער געזאַנג מיט מוזי־קאַלישע אינסטרומענטען. בעזונדערס פרעהליך פלעגט מען פייערען

פּסח, ווען קיין ירושלים פלעגט זיך צוזאַמענקומען דאָס פאָלק פון אַלע עקען לאַנד. אין דער צייט פון אַזעלכע יום־טוב׳דיגע פערזאַמלונגען פלעגט זיך דער קעניג מתקרב זיין צום פאָלק, פלעגט מתפלל זיין און זיך פרעהען מיט איהם צוזאַמען. חזקיהו האָט מקרב געווען די נביאים און איבערהויפּט האָט ער געשעצט דעם גרויסען נביא ישעיהו.

ווען חזקיהו האָט איינגעאָרדענט די אינווענינסטע ענינים פון דער מלוכה, האָט ער זיך גענומען צו פערשטאַרקען איהר מעמד צווישען די פעלקער. פון אחז׳ס צייטען אָן איז יהודה געשטאַנען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון אשור און האָט איהר געצאָלט צינז; אָבער חזקיהו האָט געוואָלט בעפרייען זיין לאַנד פון דער דאָזיגער אונטערוואָרפענקייט. אין יענער צייט האָט אין אשור געקעניגט דער שטאָלצער סנחריב, וועלכער האָט געשטרעבט איינצונעהמען נייע לענדער און אפילו דאָס גרויסע מצרים. דער עגיפּטישער מלך תרהקה האָט זיך געגרייט צו מאַכען אַ ווידערשטאַנד געגען די אסיריער. האָט חזקיהו געשלאָסען אַ בונד מיט דעם עגיפּטישען מלך, כדי צוזאַמען צו קעמפּפען געגען דעם אַלגעמיינעם פיינד. תרהקה האָט צוגעזאָגט חזקיה׳ן, אַז ווי נאָר די אסיריער וועלען אָנפאַלען אויף יהודה וועט אַן עגיפּטישער פערד־חיל קומען די אידען צו הילף. ישעיה׳ן איז דער בונד ניט געפעלען און ער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף ניט טרויען די הבטחות פון די פאַלשע מצריים. „גאָט — האָט ער געזאָגט — וועט אויסשטרעקען זיין האַנד, און עס וועט זיך אויסגליטשען דער העלפער, און עס וועט אומפאַלען דער געהאָלפענער, אוןביידע צוזאַמען וועלען אומקומען“. אָבער חזקיהו, געשטיצט פון זיינע הויפּלייט, האָט דאָס מאָל ניט געפאָלגט דעם נביא. דער קעניג האָט אָנגענומען אַלע מיטעל צו בעפעסטיגען ירושלים אין פאַל דער שונא זאָל קומען. אַרום דעם מויער פון דער אַלטער פעסטונג האָט ער אויפגעשטעלט נאָך איינעם, האָט ביידע מויערען בעפעסטיגט מיט טהורמס, האָט זיי אַרומגעגראָבען מיט גראָבענס, האָט צוגעגרייט אַ סך געוועהר, האָט דורכגעצויגען וואַסער אין שטאָדט אַריין און די קוואַלען אין שטראָמען הינטערן שטאָדט האָט ער געהייסען פערשיטען, כדי דער שונא זאָל ניט האָבען קיין וואַסער צו טרינקען אין דער צייט פון

דער בעלאגערונג. נאָכדעם האָט חזקיהו זיך ערקלערט אונאָב־הענגיג פון דער אויבערהערשאַפט פון אשור (703).

§ 82. סנחריב׳ס אָנפאַל. אין דער צייט ווען חזקיהו האָט כורד געווען געגען אשור, איז סנחריב געגאנגען מיט א גרויסען חיל געגען מצרים. ווען סנחריב האָט זיך דערוואוסט פון דעם בונד צווישען יהודה און מצרים, האָט ער בעשלאָסען פריהער צו אונטערטעניג מאכען יהודה, וועלכע איז געלעגען אויף זיין וועג. די אסיריער האָבען זיך אריינגעריסען אין יהודה און האָבען אָנגע־הויבען פערוויסטען שטעדט און בערויבען די איינוואוינער. זייער לאגער האָט זיך געפונען נעבען לכיש, ניט ווייט פון ירושלים. פון דאנען האָט סנחריב געשיקט דריי הויפטלייט מיט א מחנה חיל קיין ירושלים, מיט דער פאָדערונג די שטאָדט זאָל זיך אונטער־געבען. די שלוחים האָבען פערלאנגט צו זעהן דעם קעניג אליין, אָבער חזקיהו האָט ארויסגעשיקט צו זיי זיין הויף־פערוואלטער אליקום און צוויי הארען. די שלוחים זיינען זיך צוזאַמענגעקומען ביי דעם פעסטונג־מויער פון ירושלים; אויף דעם דאָזיגען מויער זיינען ארויפגעגאנגען די צושראָקענע איינוואוינער פון שטאָדט צו זעהן וואָס דאָ וועט פאָרקומען. איינער פון די אסירישע שלוחים, רבשקה, האָט זיך געווענדט צו די אידישע פאָרשטעהער מיט פאָלגענדע ווערטער: „זאָגט צו חזקיהו אין דעם נאָמען פון דעם גרויסען קעניג פון אשור: אויף וועמען פערלאָזטו זיך, וואָס דו האָסט מורד געווען געגען מיר? אומזיסט שטיצסטו זיך אויף מצרים, דעם צובראָכענעם שטעקען, וואָס קען זיך אריינשטעקען אין דער האנד פון יענעם, וואָס שפּארט זיך אויף איהם אָן און זי דורכ־שטעכען. צי קענסטו זיך פארמעסטען אין כח אפילו מיט דעם קלענסטען פירשט, וואָס דיענט מיין הערשער?" נאָכדעם האָט רבשקה זיך געווענדט צו די דערשראָקענע איינוואוינער, וואָס זיינען געשטאנען אויפ׳ן מויער, און האָט הויך געזאָגט: „לאָזט זיך ניט פערפיהרען פון דעם קעניג חזקיהו, וואָרום ער וועט אייך ניט רעטען פון די הענד פון דעם אסירישען קעניג. זאָל ער אייך ניט טרייסטען מיט דער האָפנונג, אז גאָט וועט אייך העלפען און די שטאָדט וועט ניט אריינפאלען אין אונזערע הענד. צי האָבען דען די געטער פון אנדערע פעלקער געראטעוועט זייערע לענדער פון אונ־

זערע הענד?״ די אידען וואָס זיינען געשטאַנען אויפ׳ן מויער האָבען גאָרנישט געענטפערט. ווען די אידישע שלוחים האָבען זיך צוריקגעקעהרט און האָבען איבערגעגעבען חזקיה׳ן די ווערטער פון רבשקה, איז דער קעניג שטאַרק אומרוהיג געוואָרען. ער האָט געבעטען ישעיה׳ן מתפלל צו זיין צו גאָט, אז ער זאָל ראַטען ירושלים. ישעיה איז געווען גערוהרט פון דעם קעניג׳ס הכנעה און האָט איהם באַלד בערוהיגט און געזאָגט, אז גאָט וועט ניט געבען דעם זיעג צו סנחריב׳ן, וועלכער האָט אַזוי גראָב געשפּאָט פון דעם אידישען פאָלק און זיין גאָט.

בשעת עס זיינען אָנגעגאַנגען די פערהאַנדלונגען צווישען דעם אסירישען און דעם אידישען מלך, איז תרהקה, דער קעניג פון מצרים, אַרויס מיט אַ גרויסען חיל געגען די אַסיריער. דעמאָלט האָט סנחריב אָבגעלאָזט יהודה און איז אַוועק צו דער גרעניץ פון מצרים, צו בעגעגענען תרהקה. פון וועג האָט סנחריב ווידער געשיקט צו חזקיהו אַ בריעף מיט סטראַשונקעס און מיט דער פאָדערונג — זיך באַלד אונטערצוגעבען צו דער אַסיריישער הערשאַפט. אָבער חזקיהו איז געווען ערמוטיגט מיט דער הילף פון מצרים און האָט זיך ענטזאַגט צו ערפילען די דאָזיגע פאָדערונג. צוזאַמען מיט׳ן גאַנצען פאָלק האָט ער אין בית־המקדש היים מתפלל געווען פאַר דער בעפרייאונג פון דעם פאָטערלאַנד. ישעיה האָט אונטערגעהאַלטען דעם מוט פון פאָלק מיט זיינע וואונדערליכע נבואות, אין וועלכע ער האָט פאָראויסגעזאָגט אַ גיכע מפלה אויף דעם אַסירישען חיל. און ווירקליך, אין גיכען האָט זיך פערשפּרייט די נאַכריכט, אַז סנחריב׳ס גרויסער חיל, וואָס איז געגאַנגען אויף מצרים, געהט אין איילעניש צוריק (701). צווישען פאָלק האָט מען גערעדט, אז גאָט האָט אָנגעשיקט אַ מגפה אויף די אַסיריער און אַז אַ „מלאך פון גאָט״ האָט פערטיליגט אין זייער לאַגער 185,000 מאַן אין איין נאַכט. אין מצרים האָט מען דערצעהלט, אַז איינמאָל ביינאַכט האָט אַ ריעזיגע מחנה פעלד־מייז צוגריזעט די קליידער, שיך און געוועהר פון די אַסיריער, וועלכע האָבען דעריבער געמוזט אָבטרעטען. סנחריב אליין איז אַנטלאָפען קיין נינוה.

ישעיה׳ס נבואה אויף׳ן שטאָלצען שונא איז מקוים געוואָרען

און ירושלים איז גערעטעט געוואָרען פון חורבן. אין די לעצטע יאָהרען פון חזקיהו'ס לעבען האָט יהודה וויעדער גענאָסען רוה און פריעדען. נאָך אַ קעניגען פון אַכט־און־צוואַנציג יאָהר, איז דער פרומער חזקיהו געשטאָרבען און איז בעגראָבען געוואָרען אין קעניגליכען קבר פון דוד.

§ 83. דאָס פאַלען פון דער אמונה אין מנשה'ס צייטען. נאָך חזקיהו'ס טויט זיינען אין דעם אינוועניגסטען לעבען פון יהודה פאָרגעקומען ענדערונגען צום ערגערען. חזקיהו'ס זוהן מנשה האָט ניט נאָכגעטהאָן זיין גאָטספאָרכטיגען פאָטער, נאָר זיין געצענדיענערישען זיידען (640—695). מנשה איז אַלט געווען צוועלף יאָהר ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבען. דערמיט האָבען זיך בענוצט אחז'ס אַלטע ראַטגעבער און הויפּלייט, וועלכע זיינען געווען איבערגעבען צום געצענדיענסט און זיינען אין חזקיהו'ס צייטען דערווייטערט געוואָרען פון הויף. זיי האָבען גענומען דעם יונגען קעניג אין זייערע הענד און האָבען צוערשט רעגיערט אין זיין נאָמען, און נאָכהער האָבען זיי איהם אַליין אויסגעלערענט צו פיהרען זיך ווי זיי האָט זיך געוואָלט. מנשה האָט אָבגעשאַפט אַלע פערבעסערונגען וואָס חזקיהו האָט איינגעפיהרט. ער האָט ניט געפאָדערט פון די איינוואוינער פון דער פראָווינץ, אז זיי זאָלען אין די גרויסע ימים־טובים קומען קיין ירושלים צו דיענען גאָט אין בית־המקדש, נאָר ער האָט ערלויבט צו בויען אומעטום מזבחות אויף הויכע ערטער און דאָרט מקריב זיין קרבנות. די אַלט־כנענ'ישע היידנישע פאָרמען פון גאָטעס־דיענסט האָבען געקראָגען דיזעלבע רעכט וואָס די אידישע. אין ירושלים האָט געהערשט אַ גרויסע צומישעניש פון רעליגיעזע צערעמאָניעס. דאָ זיינען געבויט געוואָרען אי מזבחות לכבוד בעל, אי געצענבילדער פון אשרה, אי אַלטאַרען צו די שטערען. היידנישע אָבגעטער און מזבחות האָבען זיך געפונען אפילו אויף די פלעצער אין הויפען, וואָס זיינען געלעגען אַרום בית־המקדש. אין טאָל גיהנום, הינטערן שטאָדט, איז געשטאַנען אַ מזבח, אויף וועלכען מען פלעגט מקריב זיין קליינע קינדער צו יהוה, אַזוי ווי עס איז געווען דער בלוטיגער דיענסט צום אָבגאָט מלך. דער געצענדיענסט איז געווען פערבונדען מיט אויס־געלאַסענקייט און גראָבע אַבערגלויבענס. אין לאַנד האָבען זיך

פערפיהרט אויסגעלאסענע פריסטערינס, מכשפים, צויבערער און טויטען־בעשווערער (בעלי־אב). די נביאים און כהנים וועלכע האָבען אויפגעהויבען זייער שטימע געגען די דאָזיגע היידנישע מעשים זיינען אויסגעשטאַנען שוידערליכע רדיפות. דער גרויסער נביא ישעיה האָט שוין דעמאָלט ניט געלעבט. עס איז פאַראַן אַן אַלטע תלמוד׳ישע לעגענדע, וואָס דערצעהלט, אַז ישעיה האָט זיך בעהאַלטען פון די פערפאָלגונגען אין אַן אויסגעהוילטען צעדער־בוים, נאָר דער מלך מנשה האָט איהם דאָרט געפונען און געהייסען צוזעגען דעם נביא צוזאַמען מיט׳ן בוים. אָבער ישעיהו׳ס תלמידים האָבען מיט זעלבסטאויפאָפּפערונג געטהאָן ווייטער זיין ארבייט, האָבען געשטראָפט דעם קעניג און דאָס פאָלק פאר זייערע פערברעכענס און געשראָקען מיט גאָט׳ס צאָרן. אין יענער צייט האָט אשור ווידער אונטערטעניג געמאַכט יהודה, און מנשה האָט געמוזט טראָגען דעם שווערען יאָך.

מנשה האָט געקעניגט קרוב צו פופציג יאָהר. זיין זוהן אמון (640) איז אויפ׳ן צווייטען יאָהר פון זיין קעניגען געפאַלען א קרבן פון א פערשווערונג פון זיינע הויפליים. פאר׳ן קעניג פון יהודה איז ערקלערט געוואָרען אמונ׳ס אכט־יעהריגער זוהן יאשיהו (608—638).

§ 84. די בענייאונג פון דער רעליגיאָן אין יאשיהו׳ס צייטען. כל זמן יאשיהו איז געווען קליין האָבען אין זיין נאָמען רעגירט דיזעלבע הארען, וועלכע האָבען אין די פריהערדיגע צייטען געמאַכט פון יהודה כמעט א היידנישע לאנד, אונטערוואָרפען צו די אסירישע מלכים. נאָר ווען דער קעניג איז עלטער געוואָרען און איז צוגעטראָטען צו די ענינים פון דער מלוכה, האָט ער פערשטאַנען די גאַנצע פאַלשקייט פון די פריהער־דיגע פיהרונגען; ער האָט זיך אלץ מעהר מתקרב געווען צו דער פארטיי פון די נביאים, וועלכע האָבען געשטרעבט צו איבערבויען דאָס אינוועניגסטע לעבען.

זיך שטיצענדיג אויף דער דאָזיגער פארטיי האָט דער מלך יאשיהו בעשלאָסען נאָכצוטהאָן דעם ביישפּיעל פון זיין עלטער־זיידען חזקיהו און האָט זיך גענומען איבערבויען דאָס אינוועניגסטע לעבען פון דער מלוכה. קודם־כל האָט ער געהייסען די כהנים

קלייבען געלט און רופען מייסטערס צו פעררי‍כטען דעם בית־המקדש, וועלכער איז שוין פערעלטערט געוואָרען. אין דער צייט פון דער ארבייט האָט מען אין איינעם פון די חדרים פון בית־המקדש געפונען אַ כתב־יד, אין וועלכען עס זיינען געווען פאַר־שריבען די אַלטע געזעצען און לעהרען פון משה (דאָס איז געווען דער לעצטער ספר פון חומש „דברים“ אָדער „משנה תורה“). דער כהן גדול חלקיהו, וועלכער האָט דעם כתב־יד געפונען, האָט איהם איבערגעגעבען דעם קעניגליכען מזכיר, און יענער האָט עס געבראַכט פאַר׳ן קעניג. דער געפונענער ספר איז געווען געשריבען אין דער פאָרמע פון אַ צוואה, וועלכע דער גרויסער לעהרער משה האָט געלאָזט די אידען אין דעם מדבר. אין דער דאָזיגער צוואה ווערט פאָראויסגעזאָגט דער גורל פון דעם אידישען פאָלק און לאַנד. אין ווייכע, ריהרענדע ווערטער בעט משה די אידען, זיי זאָלען אָבהיטען די געבאָטען פון דעם ריינעם גלויבען און פון דער ריינער מאָראַל און ניט נאָכטהאָן די געצענדיענער. דער גרונד־געדאַנק פון דעם ספר דברים בעשטעהט דערין, אז עס איז פאַראַן אַן איינציגער גאָט וואָס איז אַל־פאָלקאָם און אַל־גוט, וועלכער האָט אויסדערוועהלט דאָס אידישע פאָלק פון אַלע פעלקער און האָט איהם איבערגעגעבען די גרויסע אמת׳ן פון גלויבען, גוטסקייט און מענשענליעבע. דער דאָזיגער גאָט, יהוה, זאָרגט ווי אַ גוטער פאָטער פאַר זיין פאָלק און פאָדערט פון איהם נאָר ער זאָל געטריי אָבהיטען די געבאָטען, וואָס זיינען איהם געגעבען געוואָרען. די געבאָטען — דאָס זיינען אַ רייהע געזעצען, וועלכע פערזיכערען רוה און גליק סיי פאַר דעם יחיד, סיי פאַר דעם כלל. איינפאַכע מדות, אַ ריינער גלויבען, אמת און גערעכטיגקייט, און דער עיקר — זאָרגען פאַר די שוואַכע און שוצלאָזע פון דער געזעלשאַפט — דאָס זיינען די יסודות פון תורת משה. דאָס איז אַ גאַנצע סיסטעם פון מאָראַל און צוזאַמענלעבען, וואָס מיט איהר הויכען גייסט האָט זי ניט קיין גלייכען צווישען אַלע רעליגיאָנען פון דער וועלט. אָבער צו דערזעלבער צייט איז דאָ ניטאָ קיין שטרעבען צו אונמעגליכעס: אַלע דינים און געזעצען האָבען צו טהאָן מיט׳ן לעבען און קענען פערווירקליכט ווערען. „דאָס געזעץ וועלכען איך גיב דיר — זאָגט משה צום פאָלק — איז ניט אונדערגרייכבאַר פאַר דיר און ניט

ווייט פֿון דיר. עס איז ניט אויפֿ'ן הימעל און ניט אויף יענער זייט ים. נאָר אויף דיינע ליפּען און אין דיין הארצען, און אַן דיר העגגט אָב דו זאָלסט עס ערפֿילען". צוזאַמען מיט די ווייכע רייד זיינען אויך דאָ הארטע ווערטער, געווענדט צו יענע דורות, וועלכע וועלען אָבטרעטען פֿון גאָט'ס געבאָטען. פֿאַר עובר זיין אויף די דאָזיגע געבאָטען, האָט משה געוואָרענט, וועט קומען גאָט'ס שטראָף, וועלכע וועט בעשטעהן אין פֿאָלקס־אונגליקען, אין מפּלות פֿאַר דער מלוכה, און אפילו אין דעם פֿאָלשטענדיגען אונטערגאַנג פֿון דער מלוכה.

ווען דער קעניגליכער שרייבער האָט פֿאָרגעלייענט אין פֿאָלאַץ דעם הייליגען כתב־יד, איז דער קעניג נשתומם געוואָרען פֿון זיין אינהאַלט. ער האָט איצט פֿערשטאַנען ווי ווייט דאָס אידישע פֿאָלק איז אָבגעטראָטען פֿון די הייליגע געזעצען, וואָס משה האָט געגעבען די אידען, און ער האָט מורא געהאַט, אַז די שרעקליכע אומגליקען, וואָס דער גרויסער געזעצגעבער האָט פֿאָראויסגעזאָגט, וועלען באַלד טרעפען דאָס לאַנד יהודה. אין גרויס שרעק האָט יאשיהו געשיקט זיינע מקורבים קיין ירושלים צו דער נביאה חולדה צו פֿרעגען ביי איהר צי דאַרף דאָס פֿאָלק זיך ריכטען אויף גאָט'ס שטראָף פֿאַר די זינד פֿון די לעצטע דורות. די נביאה האָט געענט־פֿערט, אַז גאָט האָט שוין לאַנג בעשלאָסען צו שטראָפען דאָס אידישע פֿאָלק פֿאַר זיינע זינד, נאָר אַזוי ווי דער קעניג יאשיהו האָט שלום געמאַכט מיט זיין גאָט, וועט אין זיין צייט ניט קומען דאָס אומגליק, וואָס וואַרט אויף יהודה.

בערוהיגט פֿון דער דאָזיגער נבואה האָט יאשיהו צוזאַמענ־געריפֿען דאָס פֿאָלק אין בית־המקדש. דאָ, שטעהענדיג אויף אַ בימה, האָט ער פֿאָרגעלייענט אויפֿ'ן קול דעם נייעם הייליגען ספר און האָט געצוואונגען די צוהערער צו געבען אַ צוזאָג, אַז זיי וועלען אָבהיטען די הייליגע געזעצען, וואָס זיינען דאָרט פֿערשריבען. דאָס פֿאָלק האָט צוגעזאָגט. נאָכדעם האָט דער קעניג זיך פֿלייסיג גענו־מען אויסצוראָטען דעם געצענדיענסט. די מזבחות, בילדער און סטאַטוען פֿון די געטער זיינען צושטערט געוואָרען. אַלע געצענ־בילדער וואָס זיינען געווען אין בית־המקדש האָט מען אַרויסגעוואָרפֿען און פֿערברענט, און דער רייטוואָגען מיט די פֿערד לכבוד

דעם גאָט פון דער זון, וואָס איז געשטאַנען פאַר'ן טהיר פון בית־המקדש, האָט מען פערניכטעט. די פריסטער און פריסטערינס פון די אָבגעטער זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען פון לאַנד. און ווען פון דעם געצענדיעגסט איז שוין קיין זכר ניט געבליבען אין גאַנצען לאַנד, האָט אין פריהלינג דער קעניג צונויפגערופען דאָס פאָלק פון אַלע שטעדט קיין ירושלים דאָרט צו פייערען דעם יום־טוב פסח אזוי ווי עס פאָדערט דאָס געזעץ. אויף אַזאַ אופן איז אין יהודה אויף דאָס ניי איינגעשטעלט געוואָרען אַ ריין אידיש לעבען. דעם גאָטספאַרכטיגען יאשיהו האָט מען שטאַרק געריהמט און מען פלעגט איהם פערגלייכען מיט דעם פרומען חזקיהו און אפילו מיט דוד'ן. אין זיין צייט האָבען די נביאים געקראָגען אַ שטאַרקען איינפלוס אויף די ענינים פון דער מלוכה.

דער גרעסטער נביא אין יאשיהו'ס צייטען איז געוועזן ירמיהו, וועלכער האָט געשטאַמט פון די כהנים. נאָך אין זיין פריהער יוגענד האָט ירמיהו דערשפירט אין זיך אַ נביאי'שען גייסט. אין זיין נביאי'שער בעגייסטערונג פלעגט ירמיהו זאָגען דעם ביטערען אמת אלעמען: דעם מלך, די כהנים, די הארען און דעם פראָסטען פאָלק. ער האָט געשטרעבט צו פיהרען די אויסוועניגסטע פּאָליטיק פון לאַנד און דאָס גייסטיגע לעבען פון פאָלק לויט די גרויסע געבאָטען פון „משנה תורה". אין גיכען האָט ירמיהו פערנומען אין יהודה יענעם גרויסען אָרט, וואָס עס האָט אַמאָל פערנומען דער נביא ישעיהו.

§ 85. דער קאַמפף מיט מצרים; יהויקים. אין די לעצטע יאָהרען פון יאשיהו'ס קעניגען האָבען זיך אויפ'ן מזרח אָנגעהויבען גרויסע פעלקער־בעוועגונגען, וועלכע האָבען געענדערט דעם שיקזאַל פון אַ סך מלוכות. די הערשערין פון אזיען, די שטאָלצע אשור, האָט שוין געהאַלטען נאָהנט ביים פאַלען. עס האָבען זיך פון איהר אָבגעריסען איהרע גרעסטע פּראָווינצען: מדי און בבל. די אָבגע־ריסענע פּראָווינצען האָבען אָנגעהויבען שרעקען זייער געוועזענע אויבערהערשערין און איהר הויפּטשטאָדט נינוה. אין יהודה האָט זיך געשטאַרקט די האָפנונג צו בעפרייען זיך פון דער אַסירישער אויבערהערשאַפט. געגען אשור האָט אויך געאַרבייט איהר אַלטער שונא מצרים. דער עגיפּטישער פּרעה נכו האָט געוואָלט קריגען אַ

חלק פון דער צופאַלענער אסירישער מלוכה, האָט ער זיך געלאָזט געהן מיט אַ גרויסען חיל צום טייך פרת. אָבער כדי צו דערגרייכען דעם בעשטימטען פּלאַץ, האָט דאָס עגיפּטישע חיל געמוזט דורכגעהן דורכ'ן לאַנד יהודה. יאשיהו האָט בעשלאָסען ניט צו לאָזען די מצריים דורכגעהן זיין לאַנד, וואָרום ער האָט מורא געהאַט, אז ווען זיי וועלען איינגעהמען די דערבייאיגע אסירישע פּראָווינצען, וועלען זיי פאָדערען אונטערטעניגקייט אויך פון יהודה, וועלכע האָט געצאָלט צינז צו אשור. און ער איז ארויס מיט אַ גרויסען חיל געגען נכו און האָט איהם פארשטעלט דעם וועג. ביים טהאָל מגידו, נעבען די כרמל בערג, האָבען זיך די פיינדליכע ארמעען בעגעגענט און עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, וואָס האָט זיך געענדיגט אומגליקליך פאַר די אידען: דער אידישער חיל איז צושלאָגען געוואָרען און יאשיהו אליין איז טויטליך פערוואונדעט געוואָרען (608). די דיענער האָבען באלד אוועקגעפיהרט דעם גוסס'ן מלך קיין ירושלים. די איינוואוינער פון ירושלים האָבען בעגעגענט דעם טויטען קערפּער פון זייער קעניג מיט יאָמער און געוויין.

די מפּלה ביי מגידו האָט געמאַכט יהודה אונטערטעניג צו מצרים. ווען נכו האָט צוגענומען ביי אשור גאַנץ ארם, אָדער סיריען, האָט ער זיך ערקלערט פאַר אויבערהערשער אויך איבער דער שכנ'ישער יהודה. יאשיהו האָט נאָך זיך געלאָזט דריי זיהן. פון זיי האָט נכו בעשטימט פאַר'ן מלך דעם עלטערען זוהן יהויקים (607—597). יהויקים איז געווען אַ שלעכטער און דעספּאָטישער מענש און די אידען האָבען איהם ניט ליעב געהאַט. אָבער ער איז געפעלען געווען דעם עגיפּטישען מלך און איז געוואָרען אַ געהאָרכזאַמע געצייג אין זיינע הענד. נכו האָט ארויפגעלעגט אויף יהודה אַ גרויסען געלט־אָבצאָל, דערפאַר וואָס יאשיהו האָט זיך געשטעלט געגען איהם. יהויקים פלעגט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט אויפמאָהנען פון פאָלק דעם דאָזיגען אָבצאָל.

אזוי זיינען צורונען יהודה'ס האָפנונגען צו ווערען זעלבסטשטענדיג דורך דער צופאלונג פון אשור: אויף דעם אָרט פון דער אסירישער אויבערהערשאַפט איז געקומען די עגיפּטישע. ביי יהויקים און זיינע הארען איז דאָס אַלץ רעכט געווען; נאָכמעהר,

כדי געפעלען צו ווערען די מצריים און נושא־חן צו זיין ביי דעם עגיפּטישען קעניג, האָבען זיי איינגעפיהרט אין ירושלים דעם עגיפּטישען געצענדיענסט און א סך עגיפּטישע מנהגים. יהויקים האָט, אזוי ווי די פּרעה'ס, זיך ארייגעלאָזט אין א לעבען פון וואוילטאָג. ער האָט אויסגעבויט פאר זיך א נייעם פּאלאץ אין ירושלים און די ארבייט האָבען פאר איהם געמוזט טהאָן אידישע בירגער. און ווידער האָט זיך אין יהודה בעפעסטיגט די הער־שאפט פון א קליינער צאָל אריסטאָקראטען (אָליגארכיע) און דאָס אידישע פאָלק האָט געקרעכצט אונטער דעם יאָך פון פרעמדע און איינענע הערשער.

§ 86. יהויקים און ירמיהו הנביא. געגען דער דאָזיגער פערדאָרבענקייט פון די הערשער און די העכערע קלאסען האָבען ביטער געקעמפּפט די אמת'ע פריינד פון פאָלק, די נביאים, וועלכע זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען פון ירמיהו. ירמיהו האָט גאָר אָהן מורא געזאָגט דעם קעניג און די הארען דעם ביטערען אמת און האָט פאָראויסגעזאָגט, אז גאָט וועט אין זיין צאָרן טהאָן מיט יהודה דאָס זעלבע וואָס אמאָל מיט שמרון. איבערהויפּט האָט ער אין זיינע רעדעס געדונערט געגען יענע צבוע'קעס, וועלכע פלעגען פאר־שטעלען זייערע אונעהרליכע מעשים מיט א מאסקע פון פרומקייט, און האָבען געוואָלט איינרעדען דאָס פאָלק, אז גאָט וועט ניט לאָזען פאלען ירושלים צוליעב זיין בית־המקדש. די דאָזיגע צבוע'קעס האָבען בעלאַנגט מעהרסטענטייל צו די כהנים, און ירמיהו האָט זיי גערופען „נביאי השקר", פאלשע נביאים. „פערלאָזט זיך ניט — פלעגט ירמיהו וואָרנען — אויף די פאלשע רייד: דאָ איז גאָט'ס הייליגע הויז! איהר גנב'עט, איהר מאָרדעט און זייט אויסגע־לאסען, איהר זאָגט ליגען, איהר דיענט דעם בעל און דער קעניגין פון הימעל (דער נאָמען פון אן עגיפּטישען אָבגאָט) און דערנאָך קומט איהר און שטעלט זיך פאר גאָט אין דעם דאָזיגען הויז און איהר זאָגט: מיר זיינען געשיצט. און דערנאָך טהוט איהר ווידער דיזעלבע פערברעכענס. געהט קיין שלה (אין אפרים), וואו עס איז אמאָל געשטאנען גאָט'ס טעמפּעל און זעהט וואָס פון איהם איז געוואָרען פאר די זינד פון די בני ישראל! איהר טהוט דיזעלבע זינד און גאָט וועט זיך בעגעהן מיט'ן טעמפּעל פון ירושלים

אזוי ווי ער איז זיך בעגאַנגגען מיט'ן טעמפּעל פון שלה; ער וועט איך פערשטויסען אזוי ווי ער האָט פערשטויסען די קינדער פון אפרים!" איינמאָל ווען ירמיהו האָט געהאַלטען אין בית־המקדש אזא רעדע, האָבען איהם אַרומגערינגעלט א מאַסע כהנים און פאַלשע נביאים און האָבען געשריען: „דו מוזט שטאַרבען, דערפאַר וואָס דו האָסט געזאָגט, אז דער בית־המקדש פון ירושלים וועט חרוב ווערען אזוי ווי דער טעמפּעל פון שלה!" א גרויסער המון האָט זיך צונויפגעקליבען אויפ'ן פּלאַץ וואָס פאַר'ן בית־המקדש. אויפ'ן טומעל זיינען געקומען צו לויפען די שרים פון קעניגליכען הויף און גלייך אויפ'ן אָרט, ביי די טויערען פון בית־המקדש, האָט מען זיך געזעצט משפּט'ען דעם נביא. די כהנים און די פאַלשע נביאים האָבען געפאָדערט, אז מען זאָל ירמיהו'ן פער'משפּט'ן צום טויט פאַר זיינע שרעקליכע נביאות. ירמיהו האָט זיך געווענדעט צו די האַרען און צום פאָלק און האָט געענטפערט: „גאָט האָט מיר געהייסען רעדען דאָס אַלץ, וואָס איהר האָט געהערט. פאַרבעסערט אייערע וועגען, פאָלגט גאָט, און ער וועט אָבווענדען דאָס אונגליק, וואָס ער האָט פאַר אייך בעשטימט. און איך בין אין אייערע הענד; טהוט מיט מיר וואָס איהר ווילט". די ריכטער האָבען אַנערקענט, אז פון די אַלטע צייטען אָן האָבען די נביאים געהאַט פולע פרייהייט צו רעדען אין גאָט'ס נאָמען און זיי האָבען ירמיהו'ן בעפרייט. דורך דער מיה פון זיינע פריינד איז ירמיהו דאָס מאָל גערעטעט געוואָרען פון סכנה.

אין די ערשטע יאָהרען פון יהויקימ'ס קעניגען איז פאָרגעקומען א וויכטיגע געשעהעניש: אין דער צייט פון דעם אסירישען קעניג סאַראַק איז אשור איינגאַנצען צופאַלען געוואָרען און איהר הויפּטשטאָדט נינוה איז צושטערט געוואָרען פון די מעדיער און באַבילאָנער. די הערשאַפט איבער אזיען איז אַריבער צו בבל. דער קעניג פון בבל איז דעמאָלט געווען דער קריעגערישער נבוכדנצר. איינגעהמענדיג אַלע פריהערדיגע אסירישע לענדער האָט נבוכדנצר אויך געוואָלט בעזיעגען סיריען; נאָר די דאָזיגע פּראָווינץ איז שוין געווען אין די הענד פון דעם עגיפּטישען פרעה נכו. דעריבער איז נבוכדנצר אַריינגעטראָטען אין א קאַמפּף מיט מצרים. ביי דער שטאָדט כרכמוש איז פאָרגעקומען א בלוטיגע שלאַכט צווישען די

עגיפטער און באבילאָנער, און די לעצטע האָבען געזיעגט. נכו האָט געמוזט אָבטרעטען נבוכדנצר'ן די סירישע לענדער און צוזאַמען דערמיט אויך די אויבערהערשאַפט איבער יהודה (604).
ירמיהו הנביא האָט געראָטען דעם אידישען מלך ער זאָל מיט'ן גוטען ווילען זיך אונטערגעבען דעם אונבעזיעגבאַרען נבוכדנצר, נאָר יהויקים האָט נאָך אַלץ געהאָפט אויף דער הילף פון מצרים און האָט געצעגערט. דעמאָלט האָט ירמיהו אין זיינע רעדעס צום פאָלק אָנגעהויבען נביאות זאָגען, אז אין גיכען וועט דער מלך פון בבל קומען און חרב מאַכען יהודה.

§ 87. די הערשאַפט פון בבל; די געפאַנגענשאַפט פון יהויכין. די טרויעריגע נביאות פון ירמיהו האָט אָנגעהויבען מקוים ווערען. דער זיעגרייכער קעניג פון בבל, נבוכדנצר, איז אַרויס מיט אַ גרויס חיל אויף יהודה. אין די שטעדט, וואָס זיינען געלעגען ביי די גרעניצען האָבען שוין די באבילאָנער אָנגעהויבען בושעווען און בערויבען די איינוואוינער. דעמאָלט האָט זיך יהויקים ערקלערט אונטערטעניג צו נבוכדנצר'ן (600). און יהודה האָט איצט אָנערקענט די אויבערהערשאַפט פון בבל, אַזוי ווי פריהער — פון אשור און מצרים.

די אונטערוואָרפענקייט צו בבל האָט יהויקים'ען זעהר שווער געדריקט און ער האָט געזוכט אַ געלעגענהייט זיך צו בעפרייען פון איהר. אין דריי יאָהר אַרום האָט יהויקים, ערמוטיגט פון דעם עגיפּטישען קעניג, אויפגעהערט צו צאָלען צינז נבוכדנצר'ן. דער דאָזיגער שריט האָט געבראַכט אויף יהודה אַ גרויס אומגליק. נבוכדנצר, וועלכער איז געווען פערנומען מיט אַ מלחמה געגען די פעניציער און עגיפּטען, האָט דערווייל געשיקט קיין יהודה קליינע מחנות צו פערוויסטען די גרעניץ־שטעדט, און אליין האָט ער זיך געקליבען צו געהן אהין מיט אַ גרויסען חיל ווען ער וועט ענדיגען די אָנגעהויבענע מלחמות.

אין דער דאָזיגער אומעטיגער צייט איז דער קעניג יהויקים געשטאָרבען. די איינוואוינער פון ירושלים האָבען אַרויפגעזעצט אויפ'ן טראָהן זיין אַכצעהן־יאָהריגען זוהן יהויכין (597). נחשתא, די מוטער פון דעם יונגען קעניג, האָט גענומען די רעגירונג אין איהרע הענד און אַלץ איז געגאַנגען אַזוי ווי פאַר יהויקים'ען.

אָבער די נייע רעגיערונג האָט געדויערט אינגאַנצען דריי מאָנאַטען. נבוכדנאצר, וועלכער האָט שוין דערווייל איינגענומען אַ טייל פון פעניציען און פאַלעסטינאַ, איז אַריינגעדרונגען אין יהודה, האָט פערכאַפּט אַ סך שטעדט און איז צוגעטראָטען צו ירושלים זי צו בעלאַגערען. ווען די בעלאַגערונג האָט זיך אָנגעהויבען, האָט די קעניגין און יהויכין איינגעזעהן, אַז די הויפּטשטאָדט וועט ניט קענען ביישטעהן קעגען דער מעכטיגער קראַפט פון די באַבילאָנער. איז יהויכין און זיין מוטער מיט זייערע הויפּלייט אַרויס פון ירושלים און זיינען אַוועק צום באַבילאָנישען לאַגער, כדי אַליין אויסצודריקען אונטערטעניגקייט צו נבוכדנאצר'ן און שטילען זיין כעס. נאָר דער שטאָלצער זיעגער איז ניט ווייכער געוואָרען. ער האָט געהייסען פערהאַלטען יהויכינ'ען און זיין מוטער און זיי אָבשיקען געפאַנגענע אין דער שטאָדט בבל, די הויפּטשטאָדט פון זיין מלוכה. צוזאַמען מיט זיי האָט נבוכדנאצר פערשיקט אַהין צעהן טויזענד פון די השוב'ע לייט פון ירושלים, כהנים און אַרבייטער פון געוועהר, וועלכע האָבען געהערט צו די געגנער פון דער באַבילאָנישער הער־שאַפט. חוץ דעם האָט נבוכדנאצר צוגענומען אַ סך גאָלד און זילבער פון דעם קעניגליכען פּאַלאַץ און פון בית־המקדש. אויף אַזאַ אופן האָט ירושלים פערלאָרען איהרע וויכטיגסטע מענשען און דעם גרעסטען טייל פון איהרע רייכטימער. איבער דער געבלי־בענער בעפעלקערונג פון יהודה האָט נבוכדנאצר געמאַכט פאַר אַ מלך יאשיהו'ס אינגסטען זוהן צדקיהו (586—597). דער נייער קעניג האָט געגעבען אַ שבועה, אַז ער וועט זיין געטריי דעם באַבי־לאָנישען הערשער.

§ 88. צדקיהו; די הכנות צום אויפשטאַנד. די צעהן יאָהר פון צדקיהו'ס קעניגען זיינען געווען אַ צייט פון שווערע מהומות און אונרוהען אין מלכות יהודה. צדקיהו איז געווען אַ שוואַכער און אונענטשלאָסענער מענש, און איז ניט געווען פעהיג צו רעגירען דאָס לאַנד אין אַזאַ שטירמישער צייט. ער האָט הויך געשעצט דעם נביא ירמיהו, וועלכער האָט גע'טענה'ט, אַז מען דאַרף געדולדיג איבערטראָגען די הערשאַפט פון בבל, כדי ניט אַריינצופאַלען אין אַן ערגערער צרה; נאָר אין דערזעלבער צייט האָט ער זיך געניינגט צו דער זייט פון די האַרען, וועלכע האָבען

געוואַלט מורד זיין געגען נבוכדנאצר'ן און בעפרייען דאָס לאַנד פון שווערען יאָך.

דער פערלאַנג צו בעפרייען האָס פאַטערלאַנד איז בעזונדערס שטארק געוועזן ביי די פערטריבענע, וועלכע האָבען געלעבט צוזאַמען מיט יהויכין'ען אין בבל. זיי האָבען געטרוימט צו אומקעהרען זיך אין גיכען אהיים און אין דער שטיל האָבען זיי געפיהרט פערהאַנד־לונגען מיט זייערע קרובים און פריינד אין ירושלים וועגען אַן אויפשטאַנד געגען נבוכדנאצר'ן. אומזיסט האָט זיי געוואָרנט דער יונגער נביא יחזקאל, וואָס האָט געלעבט צווישען זיי, און וועל־כער האָט געשטאַמט פון די כהנים. יחזקאל האָט גע'טענה'ט צו די גולים, אז זיי זאָלען געדולדיג אריבערטראָגען דעם גלות בבל, ווייל דאָס איז געווען א שטראָף פון גאָט פאר זייערע אמאָליגע זינד און טעות'ן. ער האָט פאָראויסגעזאָגט, אז אויך די איינוואוינער וואָס זיינען נאָך געבליבען אין יהודה וועלען אין גיכען פערטריבען ווערען אין גלות און אז גאָט וועט זיך דערבאַרעמען איבער זיין פאָלק נאָר דעמאָלט, ווען די נשמה פון פאָלק וועט זיך אויסלייטערען דורך ליידען. אָבער די אידען אין בבל האָבען זיך אזוי ווייניג צו־געהערט צו די רייד פון יחזקאל, אזוי ווי די אידען אין ירושלים — צו די רייד פון ירמיהו. ווען ירמיהו האָט זיך דערוואוסט וועגען די פלענער פון די גולי בבל, האָט ער זיי געשיקט א בריעף און זיי געבעטען צו פערבלייבען רוהיג אין יענעם אָרט, וואוהין דער שיק־זאַל האָט זיי פאַרטריבען. „בויט אייך דאָרט הייזער — האָט ער זיי געשריבען — און וואוינט אין זיי; פלאַנצט אייך גערטנער און עסט זייערע פירות. זאָרגט אייך וועגען דעם וואוילשטאַנד פון דער שטאָדט, וואוהין גאָט האָט אייך געבראַכט, וואָרום ווען דער שטאָדט וועט גוט זיין וועט אייך אויך גוט זיין. און עס וועט קומען די צייט און גאָט וועט אייך אומקעהרען פון געפאַנגענשאַפט". דער דאָזיגער בריעף איז די פערטריבענע ניט געפעלען. אין ירושלים זיינען אויך א סך אויפגעבראַכט געוואָרען געגען ירמיהו, מען האָט איהם אָנגערופען פעררעטער און פריינד פון נבוכדנאצר. ירמיהו האָט טיעף געליטען זעהענדיג ווי דאָס פאָלק פערשטעהט איהם ניט. ער האָט היים געליעבט זיין פאָטע־לאַנד און ער האָט

געוואוכט, אז אן אויפשטאנד געגען נבוכדנאצר'ן וועט זי איינגאנ־צען חרוב מאכען.

§ 89. הורבן ירושלים. אין ערך פון זיבען אָדער אכט יאָהר האָט צדקיהו אָבגעהיט די שבועה פון טרייהייט, וואָס ער האָט געגעבען צו נבוכדנאצר'ן; נאָר ענדליך האָט ער בעשלאָסען ארונטערצוואַרפען פון זיך דעם באבילאָנישען יאָך, אזוי ווי עס האָבען געפאָדערט די מעהרהייט איינוואוינער פון ירושלים. צדקיהו האָט אויפגעהערט צו צאָלען צינז דעם באבילאָנישען קעניג און אויף אזא אופן האָט ער ערקלערט זיין לאנד פאר אונ־אָבהענגיג. אין ירושלים האָט מען זיך גענומען גרייטען צו א מלחמה מיט בבל. ווען נבוכדנאצר האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם אויפשטאנד פון די אידען, איז ער אריין אין גרוים רציחה און איז ארויסגעטראָטען מיט א גרויסען חיל צו בעשטראָפען די מורדים. די באבילאָנישע מחנות זיינען אריין אין יהודה, האָבען איינגענומען א סך בעפעסטיגטע שטעדט, האָבען געראויבט די איינ־וואוינער און זיי אוועקגעפיהרט געפאנגען. וואוהין דער שונא איז אונטערגעקומען זיינען א סך איינוואוינער אנטלאָפען קיין ירושלים און האָבען דערמיט פערגרעסערט די אזוי אויך געדיכטע בעפעל־קערונג פון דער הויפטשטאָדט. ירושלים איז געווען שטארק בעפעסטיגט און די איינוואוינער האָבען בעשלאָסען זיך צו פער־טיידיגען ביז דער לעצטער מעגליכקייט.

ווינטער, אין אָנהויב פון יאָהר 587, האָט נבוכדנאצר'ס חיל בעלאגערט ירושלים און האָט אויפגעשאָטען ארום דער שטאָדט א הויכען וואל. די איינוואוינער פון ירושלים האָבען זיך גענומען צו די געוועהר. כדי צו פערגרעסערן די צאָהל זעלנער האָט צדקיהו בעפעהלען פרייצולאָזען אלע קנעכט פון אידישער אָב־שטאמונג. די אידען האָבען זיך העלדיש פערטיידיגט. א גאנץ יאָהר האָבען די באבילאָנער בעלאגערט די הויפטשטאָדט, אבער אָהן ערפאָלג. פלוצלינג האָט נבוכדנאצר געקראָגען א ידיעה, אז דער עגיפטישער קעניג חפרה געהט אויף איהם מיט א גרויסען חיל. די באבילאָנער זיינען שנעל אָבגעטראָטען פון ירושלים און זיינען אוועק געגען די מצריים. די אידען האָבען זיך שטארק געפרעהט, זעהענדיג דערין דעם אָנפאנג פון דעם שונא'ס מפלה;

נאָר זייער פרייד איז געווען צו־פריה. נבוכדנאצר האָט שנעל בעוויזען צו צושלאָגען די מצריים און זיין חיל האָט אויף ס'ניי בעלאגערט ירושלים. די אָנפאַלען פון דעם שונא זיינען געוואָרען אַלע מאָל שרעקליכער. ירמיהו האָט ניט אויפגעהערט צו טענה'ן, אַז די שטאָדט וועט חרב ווערען אויב זי וועט זיך ניט פרייוויליג אונטערגעבען דעם פיינד. דעמאָלט האָבען די אויפגערעגטע הארען געזאָגט צום קעניג חזקיהו: „ירמיהו פארדיענט דעם טויט, ווייל ער שלאָגט אָב דעם מוט פון די קריעגער מיט זיינע נביאות". דער קעניג האָט געענטפערט: „ער איז אין אייערע הענד, און איך קען געגען אייך גאָרניט טהאָן". האָבען די הארען בעפעהלען און מען האָט ירמיהו'ן אריינגעוואָרפען אין א גרוב פון ליים. דער נביא וואָלט אומגעקומען אין דער גרוב ווען עס זאָל זיך אויף איהם ניט געווען דערבארמען איינער פון די הויפדיענער. דער דאָזיגער דיענער האָט געמאָלדען דעם קעניג וועגען דער סכנה, אין וועלכער ירמיהו האָט זיך געפונען, און אויפ'ן קעניג'ס בעפעהל האָט מען ירמיהו'ן אויף שטריק ארויסגעצויגען פון גרוב און איהם אריבער־געפיהרט אין הויז פון דער הויפוואך.

די מהומה אין ירושלים איז געוואָרען אַלץ גרעסער. די אָנגע־גרייטע שפייז איז אויסגעגאנגען און עס איז אָנגעשטאַנען א הונגער. די קריעגסלייט אויף די מויערען זיינען אומגעקומען פון דעם שונא'ס פיילען, און אין די הייזער און אין די גאַסען פון ירושלים זיינען די מענשען געשטאָרבען פון הונגער און מגפות. מענער אין פרויען פלעגען ווי די שאָטענס אומוואַנדערען איבער די גאַסען און פלעגען אָפט פאַלען פערשמאַכטע; קינדער פלעגען מיט געוויין שרייען: ברויט, ברויט! עס זיינען געווען פעלען ווען איידעלע מוטערס האָבען אָבגעקאָכט דאָס פלייש פון זייערע טויטע קינדער און דערמיט געשטילט זייער הונגער. די אויסגע־מאַטערטע אידישע קריעגסלייט האָבען שוין מעהר קיין כח ניט געהאַט צו פערטיידיגען די פעסטונגען. ענדליך, אין חדש תמוז (יוני) פון יאָהר 586, האָבען די באַבילאָנישע קריעגער דורכגע־בראָכען אין איין אָרט די וואַנד פון ירושלים און האָבען זיך אריינ־געריסען אין שטאָדט אריין. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען א שרעקליכע שחיטה. די גרויזאַמע באַבילאָנער האָבען גע'הרג'עט

יערען איינעם, וואָס איז זיי געקומען צו דער האנד, און האָבען ניט געשוינט ניט קיין פרויען און ניט קיין קינדער. צוזאַמען מיט די באַבילאָנער האָבען זיך אין ירושלים אויף אַריינגעריסען ווילדע באַנדעס פון ארומים, וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צו זיי, און האָבען גערויבט און געפּלינדערט דאָס פערמעגען פון די איינוואוינער. דער מלך צדקיהו און איניגע הארען און קריעגסלייט זיינען ביינאַכט אנטלאָפען פון ירושלים. נאָר נעבען יריחו האָבען באַבילאָנישע רייטער זיי אָנגעיאָגט. צדקיהו'ן און זיינע זיהן האָט מען אוועק־געפיהרט אין דער סירישער שטאָדט רבלה, וואו עס האָט זיך דעמאָלט געפונען נבוכדנאצר. דער קעניג פון בבל האָט זיך מיט זיי אָבגערעכענט אויף א גרויזאַמען אופן: ער האָט בעפעהלען צו טויטען צדקיהו'ס זיהן פאר זייער פאָטער אין די אויגען, און צדקיהו'ן אליין האָט ער נעהייסען נאכהער אויסשטעכען די אויגען, שמידען איהם אין קייטען און אוועקפיהרען קיין בבל.

נאָר דערמיט האָט זיך נאָך דער צאָרן פון דעם זיעגער ניט געשטילט. נבוכדנאצר האָט געשיקט נבוזראדן, דעם אויבערהאר פון זיין לייבוואך, קיין ירושלים מיט א בעפעהל איינגאַנצען חרב צו מאכען די שטאָדט. דער אכזריות'דיגער קריעגספיהרער איז אָנגעקומען אין דער הויפטשטאָדט פון יהודה, האָט אוועקגערויבט אלע אוצרות פון בית־המקדש און אלע טהייערע כלים און ציערונג, און עס אָבגעשיקט קיין בבל. אין דעם ניינטען טאָג אין חדש אב (יולי) האָט ער פארברענט דעם פּראַכטפולען בית־המקדש, וועלכער האָט עקזיסטירט פון שלמה המלכ'ס צייטען אָן, אויף דעם קעניג־ליכען פאַלאַץ און אַנדערע גרויסע געביידען, האָט צעוואָרפען די ווענד פון ירושלים און האָט אוועקגעפיהרט געפאַנגען א סך איינ־וואוינער. דעם כהן גדול שריהו, זיינע העלפער און איניגע גרויסע הארען, ארום זעכציג מאן, האָט ער אָבגעשיקט קיין רבלה, וואו נבוכדנאצר האָט זיי געלאָזט טויטען. די איבעריגע אידישע געפאַנגענע, וועלכע האָבען געהערט צום בעסטען טייל פון דער ירושלים'ער געזעלשאַפט, זיינען פערטריבען געוואָרען אין בבל. געבליבען זיינען אין ירושלים און אין אַנדערע ערטער פון יהודה בלויז די אָרימע איינוואוינער. ירמיהו הנביא איז פון אָנפאַנג אויף אַריינגעפאַלען אין געפאַנגענשאַפט, אָבער שפּעטער האָט

נבוכדנאצר געהייסען איהם בעפרייען, וואָרים ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַר דער אונטערטעניגקייט צו בבל. דער נביא איז געוועזן שטאַרק דערשלאָגען פון דעם שרעקליכען אומגליק, וואָס האָט געטראָפען זיין פאָטערלאַנד. ער האָט ביטער בעוויינט דעם חורבן פון ירושלים, וועלכען ער האָט לאַנג צוריק פאָראויסגעזעהן.

אין תנ"ך זיינען פערבליבען קלאָג־ליעדער אויפ'ן חורבן פון ירושלים, וועלכע זיינען לויט דער מסורה געשריבען געוואָרען פון ירמיהו (מגלת „איכה"). פאָלגענדע זיינען אייניגע שטעלען פון די דאָזיגע ליעדער, וועלכע ווערען עד היום געלייענט אין די שוהלען אום תשעה באב:

„ווי איינזאַם איז געבליבען זיצען די שטאָדט, די גרויס־בעפעלקערטע! ווי אַן אלמנה איז זי געוואָרען. די גרויסע צווי־שען פעלקער, די הערשערין איבער מדינות — מוז צאָלען צינז. וויינען טהוט זי ביינאַכט און די טרערען רינען איבער איהרע באַקען; זי האָט קיין טרייסט ניט צווישען איהרע פריינד, אַלע איהרע נאָהנטע האָבען אין איהר געפעלשט, זיינען געוואָרען איהרע פיינד. ציונ'ס וועגען טרויערען ווייל קיינער געהט איבער זיי ניט צו די ימים־טובים; אַלע איהרע טויערען זיינען וויסט, איהרע כהנים זיפצען, איהרע בתולות זיינען טרויעריג. אָ, ווי האָט גאָט פערפינסטערט דעם גלאַנץ פון דער טאָכטער ציון (די אידישע נאַציאָן) איהר קעניג און איהרע הארען זיינען ביי פרעמדע פעלקער, ס'איז קיין תורה ניטאָ, אויך איהרע נביאים האָבען ניט בעקומען קיין נבואה. עס זיצען אויף דער ערד און שווייגען די זקנים פון ציון, האָבען בעדעקט דעם קאָפּ מיט אש, האָבען זיך אָנגעגורט אין זעק; ס'האָבען אַראָבגעלאָזט זייערע קעפּ די בתולות פון ירושלים. עס זיינען אויסגעגאַנגען פון טרערען מיינע אויגען, מיינע געדערים זיינען איינגעשרומפּען איבער דעם בראָך פון מיין פאָלק. מיט וואָס זאָל איך דיר פערגלייכען דו טאָכטער פון ירושלים, צו וואָס זאָל איך דיר צוגלייכען אום דיך צו טרייס־טען? וואָרום גרויס ווי דער ים איז דיין בראָך: ווער קען דיך היילען? אַלע פאַרביינגעהער פּאַטשען מיט די הענד און שאָק־לען מיט'ן קאָפּ: איז דאָס די שטאָדט, וואָס אויף איהר האָט



ירמיהו קלאָגט אויפ'ן חורבן.

מען געזאָגט — פאָלקאָם אין שעהנקייט, די פרייד פון דער וועלט?"

§ 90. דער נשיא גדליהו; די פערוויסטונג פון יהודה. אז ירושלים איז חרב געוואָרען און די חשוב'ע לייט זיינען אוועקגעפיהרט געוואָרען געפאַנגען, איז אין יהודה געבליבען מעהרסטענס דאָס פּראָסטע פאָלק — די ערדארבייטער און וויינגערטנער. נבוכדנאצר האָט ניט געוואָלט פערוואַנדלען דאָס בעזיעגטע לאַנד אין אַ וויסטעניש, און ער האָט ערלויבט די איינוואוינער צו זיין די בעלי־בתים איבער דער ערד, בתנאי אז זיי זאָלען זי בעאַרבייטען. פאר'ן פערוואַלטער איבער'ן לאַנד איז בעשטימט געוואָרען דער אידישער נשיא גדליהו בן אחיקם. גדליהו איז געוועזען אַ פריינד פון ירמיהו און האָט געהערט צו דער פאַרטיי, וואָס האָט זיך אונטערגעגעבען צו דער באַבילאָנישער אויבערהערשאַפט, און דעריבער האָט איהם נבוכדנאצר אויסגעקליבען פאר זיין שטעלפערטרעטער אין יהודה. נבוכדנאצר האָט פאָרגעלעגט ירמיהו'ן ער זאָל ענטוועדער געהן קיין בבל און לעבען דאָרט אונטערן קעניגליכען שוץ, אָדער בלייבען אין יהודה און זיין גדליהו'ס ראַטגעבער אין דער פערוואַלטונג פון לאַנד. ירמיהו האָט בעשלאָסען צו בלייבען אין זיין פאָטערלאַנד, ביי דער זייט פון גדליהו'ן.

אזוי ווי ירושלים איז געוועזען חרב, האָט זיך גדליהו בעזעצט אין דער שטאָדט מצפה, ניט ווייט פון ירושלים. אונטער דער פערוואַלטונג פון גדליהו'ן איז די צושטערטע יהודה אביסעל צו זיך געקומען פון די שווערע קלעפּ וואָס זי האָט געקראָגען. די איינוואוינער, וועלכע זיינען אין דער צייט פון מלחמה זיך צולאָפען, האָבען זיך אומגעקעהרט צו זייערע וואוינערטער און האָבען אויף ס'ניי גענומען בעאַרבייטען די ערד. די געבליבענע אידישע קריעגער, וועלכע האָבען זיך אויסבעהאַלטען אין בערג און מדבריות, זיינען געקומען צו גדליהו'ן, האָבען איהם אויסגעדריקט זייער אונטערטעניגקייט און האָבען געקראָגען אין אייגענטום די גיטער פון יענע, וועלכע זיינען פערטריבען געוואָרען קיין בבל. צווישען זיי איז געוועזען אַ גרויסע אָבטיילונג, וועלכע איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון דעם הויפּטמאַן יוחנן בן־קרח. אָבער ניט

אַלע אידישע קריעגסלייט, וואָס זיינען געקומען קיין מצפה, האָבען מיט'ן גאַנצען הארצען שלום געמאַכט מיט דעם שטעלפערטרעטער פון דעם באַבילאָנישען קעניג. צווישען די צוריקגעקעהרטע קריעגס־פיהרער איז געווען איינער פון קעניגליכער אָבשטאַמונג, ישמעאל בן נתניה, וועלכער האָט — ענטוועדער פון קנאה צו גדליהו'ן אָדער וועלענדיג ארויסרופען אַ נייעם אויפשטאַנד נעגען בבל — בעשלאָסען צו טויטען גדליהו'ן. גדליהו'ס פריינד יוחנן האָט איהם געוואָרנט נעגען דער פערשווערונג פון ישמעאל'ן, אָבער גדליהו האָט זיך גאָר ניט וויסענדיג געמאַכט דערפון. איין מאָל אין אַ גרויסען יום־טוב האָט גדליהו געמאַכט אין מצפה אַ גרויסען מאָלצייט. צווישען די פאַרבעטענע געסט איז אויך געווען ישמעאל און זיינע חברים. אין דער צייט פון דער סעודה האָט ישמעאל און זיינע מיטהעלפער פלוצלינג ענטבלויזט זייערע שווערדען און האָבען גע'הרג'עט גדליהו'ן און אַלע אידען און באַבי־לאָנער, וואָס זיינען דאָרט געווען. נאָכדעם איז ישמעאל מיט אַכט פון זיינע חברים אַנטלאָפען אין לאַנד פון די עמונים (581).

בראש פון די פערזאַמעלטע אידען אין מצפה האָט זיך איצט געשטעלט דער פריינד פון דעם ערמאָרדעטען גדליהו, יוחנן בן קרח. די לאַגע פון די דאָזיגע מענשען איז געווען אַ פערצווייפעל־טע. זיי האָבען מורא געהאַט, אַז ווען נבוכדנאצר וועט זיך דערוויסען וועגען דעם טויט פון זיין שטעלפערטרעטער וועט ער נעהמען נקמה פון אַלע פערבליבענע אידען אין מצפה און וועט אויף ס'ניי פערוויסטען דאָס לאַנד. דעריבער האָבען זיי בעשלאָסען אריבער־וואַנדערען קיין מצרים. צוזאַמען מיט דער דאָזינער גרופּע וואַנ־דערער איז אויך אַוועק ירמיהו הנביא. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אַ הייפעל אידען אומגעקעהרט צוריק אין דעם לאַנד, פון וואַנען זייערע עלטערען זיינען ארויס מיט 800 יאָהר צוריק. דער עגיפּ־טישער קעניג חפרה האָט ערלויבט די וואַנדערער זיך צו בעזעצען אין דער שטאָדט תפנים און אין איינינע אַנדערע שטעדט. די אידען האָבען געהאַפט, אַז די מצריים וועלען פערניכטען די הערשאַפט פון נבוכדנאצר'ן און וועלען זיי אומקעהרען צו זייער פאַטערלאַנד. אָבער מאַנכע פון זיי האָבען איבערגענומען די עגיפּטישע מנהגים און גלויבענס און האָבען אפילו געדיענט צו די עגיפּטישע געטער.

ירמיהו האָט ביטער געשטראָפט די דאָזיגע מענשען, וואס אפילו די צרות האָבען זיי ניט בעסער געמאכט. ביז זיינע לעצטע טעג האָט דער פיעל־ליידענדער נביא ניט אויפגעהערט לערנען זיינע ברידער און פיהרען זיי אויפ׳ן ריכטיגען וועג. ער האָט געזאגט, אז די ליידען וואס זיינען געקומען אויפ׳ן אידישען פאָלק דארפען איהם ריין מאכען און אויסלייטערען, און דעמאלט וועט זיך גאָט איבער איהם דערבארמען און וועט איהם אומקעהרען צו זיין לאנד. ירמיהו האָט זיך ניט דערווארט אויף יענער בעסערער צייט: ער איז געשטארבען אין מצרים.

די לאגע פון יהודה איז אלץ ערגער געווארען. נאָך גדליה׳ס טויט האָט נבוכדנאצר געשיקט אהין א שטראָף־אבטיילונג אונטער דער פיהרערשאַפט פון נבוזראדן. דער גרוייזאמער קריעגספיהרער האָט גענומען געפאנגען און אוועקגעפיהרט קיין בבל נאָך עטליכע הונדערט אידישע פאמיליען. יהודה האָט פערלארען דעם גרעסטען און בעסטען טייל פון איהר בעפעלקערונג. א סך געגענדען איהרע זיינען אינגאנצען פארוויסט געווארען; איבער די אונבעוואוינטע ערטער פלעגען אומלויפען ווילדע חיות. צווישען די חורבות פון ירושלים פלעגט זיך ביינאכט הערען דאס וואָיען פון שאקאלען, די חיות פון מדבר. די אידישע מלוכה איז אונטערגעגאנגען, אָבער דאָס צושפרייטע אידישע פאלק איז לעבען געבליבען. עס איז איהם נאָך בעשערט געווען בעפרייט צו ווערען פון גלות און זיך אומ־קעהרען אין זיין אייגענעם לאנד.

## דרייצעהנטער קאפיטעל.

# גלות בבל.

(537—586 פאַר קריסטל. צייטר.)

§91. די אידען אין בבל. נאָכ׳ן חורבן ירושלים איז דאס אידישע פאָלק געווען אין סכנה אונטערצוגעהן. די גרעסערע העלפט פון דיזען פאלק, וואס האָט געלעבט אין מלכות־ישראל, אָדער די עשרת השבטים, איז נאָך לאנג צוריק, אין דער צייט פון אשור׳ס

ממשלה, אוועקגעריסען געווארען פון איהר פאטערלאנד און איז צושפרייט געווארען איבער ווייטע לענדער. און בבל, וועלכע איז נאָך אשור געווארען די הערשערין פון דער וועלט, האָט געמאכט א סוף צו מלכות יהודה און האָט פארטריבען די איינוואוינער פון ירושלים. אין בבל, מדי, פרס, סיריען און מצרים האָבען זיך געוואָגעלט די פארטריבענע פון יהודה; א סך זיינען פערקויפט געווארען פאר קנעכט צו די פרעמדע. עס האָט אויסגעזעהן, אז די קינדער פון מלכות יהודה וועלען אויך פערלאָרען ווערען צווישען די פעלקער אזוי ווי עס זיינען פערלאָרען געוואָרען די קינדער פון מלכות־ישראל. געשעהן איז אבער ניט אזוי. די גולי־בבל האָבען זיך גארניט צוזאמענגעמישט מיט דער ארומיגער היידנישער בעפעלקערונג, נאָר זיי האָבען געוואוינט בעזונדער און זיינען געבליבען געטריי צו זייער אמונה, זייערע דינים און מנהגים. אין דער פרעמד האָט זיך ערשט שטארק דערוועקט אין זיי די צוגעבונדקייט צו זייער אייגען פאטערלאנד און גלויבען. זיי האָבען געטרויערט נאָך דעם פערלארענעם פאטערלאנד און האָבען חרטה געהאט אויף זייערע טעות'ן, וואָס האָבען געבראכט צום דאָזיגען אומגליק. צו די אָנגעקומענע גולים פון יהודה זיינען צוגעשטאנען פיעלע, וואס האָבען אבגעשטאמט פון די אלטע גולי־ישראל, וועלכע האָבען געלעבט אין די שכנ'ישע לענדער (פון אמאָליגען אשור) און וואס האָבען נאָך קיין צייט ניט געהאט זיך צו פערשמעלצען מיט די ארומיגע פעלקער.

נבוכדנאצר, דער בעזיעגער פון יהודה, האָט ניט געדריקט די אידען, וועלכע ער האָט פארטריבען אין בבל. פון די פארטריבענע האָט ער נאָר געפאָדערט זיי זאלען אנערקענען די הערשאפט פון באבילאנישען מלך און זאלען ניט שטרעבען צו אויפשטעלען צוריק זייער מלוכה, אבער אין זייער אינווענינסטען לעבען און אין זייער גלויבען האָט ער זיי געגעבען פולע פרייהייט. א סך האָבען פערמאגט פרוכטבארע ערד, וועלכע זיי האָבען אליין בעארבייט; אנדערע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט מלאכות און מסחר. סיי אין דער הויפטשטאָדט בבל, סיי אין די אנדערע שטעדט האָבען די אידען געוואוינט אין בעזונדערע קהלות, האָבען געהאט זייערע עלטסטע, זייערע גייסטיגע פיהרער און בתי־תפלה. ביי די רעליגיעזע פערזאמ־

לונגען פלעגט מען זינגען קאפּיטלעך פון תהלים און מען פלעגט לייענען די הייליגע ספרים. די מתפללים פלעגען זיך שטעלען מיט'ן פנים צו ירושלים, אזוי ווי זיי וואלטען זיך אריבערגעטראגען אין געדאַנק צו דעם פערוויסטען בית־המקדש. פיער טעג אין יאָהר, וועלכע זיינען געווען פארבונדען מיט דעם אונטערגאנג פון דעם פאטערלאנד, זיינען בעשטימט געוואָרען פאר תעניתים, פאר טעג פון פאסטען און טרויערען. דאָס זיינען געווען די טעג ווען ירושלים איז בעלאגערט געווארען (עשרה בטבת), ווען זי איז גֿעפאלען (שבעה עשר בתמוז), דער טאָג ווען דער בית המקדש איז פארברענט געווארען (תשעה באב) און דער טאג פון גדליה'ס טויט (צום גדליהו). די רעליגיעזע אסיפות האָבען געבראכט צו א גייס־טיגער פעראייניגונג צווישען די אידען. דאָ האָבען די פארטרי־בענע גערעדט און געלייענט אויף זייער אייגענער שפּראך, האָבען געהערט די בעגייסטערטע רעדעס פון זייערע לעהרער און נביאים, וועלכע האָבען אויפגעהאלטען אין זיי די האָפנונג אויף א בעסערער צוקונפט.

פעריאגט פון זייער פאטערלאנד האָבען די פארטריבענע גע־לעבט מיט די זכרונות וועגען איהם. זייער ברענענדיגע בענקשאפט נאָך זייער היים איז בעזונגען געווארען אין ריהרענדע שירים, פון וועלכע איינער איז אויף אייביג געווארען די נאציאנאלע טרויער־הימנע פון אידישען פאָלק:

ביי די טייכען פון בבל זיינען מיר געזעסען און געוויינט. דערמאנענדיג ציון. אויף די ווערבעס דארטען האָבען מיר אויפ־געהאנגען אונזערע הארפען; דארט האָבען געפאדערט פון אונז אונזערע פאנגער ליעדער, און די שפאטער — פרייד: „זינגט אונז פון ציון'ס ליעדער!“ נאָר ווי זאָלען מיר זינגען גאָט'ס ליעד אין א פרעמדען לאנד? אויב איך וועל דיך פארגעסען, אָ, ירושלים, זאָל אבט־וקענען מיין רעכטע האנד! זאָל זיך צוקלע־פען מיין צונג צו מיין גומען אויב איך וועל דיך ניט געדענקען, אויב איך וועל ניט שטעלען ירושלים העכער פון אלע מיינע פריידען“.

עס איז פאראן א פאָלקס־מסורה, אין וועלכער עס שפיגעלט זיך אב, ווי געטריי די אידישע פארטריבענע האָבען אָבגעהיט זייערע



פארצייטיגע אידישע הארפען.

דינים און מנהגים. די מסורה דערצעהלט, אז אין נבוכדנאצר'ס הויף אין בבל האָט זיך געפונען א פארטריבענער מיט'ן נאָמען דניאל, וועלכער האָט געשטאמט פון די מלכים פון יהודה, און מיט איהם זיינען געווען נאָך דריי פון יהודה'ס אדעל: חנניה, מישאל און עזריה. דניאל און זיינע חברים האָבען זיך אויפגעצויגען אין קעניגליכען הויף און האָבען זיך אויסגעלערנט די כאלדעאישע שפּראך און אלע וויסענשאפטען, מיט וועלכע די דעמאלטיגע כאל־דעאישע חכמים האָבען שטאָלצירט. נאָר פונדעסטוועגען זיינען זיי ניט אבגעטראטען פון זייער אמונה. זיי האָבען געקראגען זייער שפּייז פון קעניגליכען טיש, אבער זיי האָבען זיך אבגעזאגט צו עסען די קעניגליכע פלייש און טרינקען די קעניגליכע וויין, וואס איז געווען פערבאטען נאָכ'ן אידישען דין, און זיי האָבען זיך דער־נעהרט מיט גרינס און געטרונקען וואסער. איינמאָל האָט נבוכדנאצר געוואלט צווינגען דניאל'ס דריי חברים צו בוקען זיך צום באבילאנישען אבגאָט, נאָר זיי האָבען ניט געוואלט פאָלגען און דער קעניג האָט געהייסען זיי ארייננווארפען אין א ברענענדיגען קאלך־אויווען. אבער די יונגען זיינען ארויס אונבעשעדיגט פון פייער און אפילו זייערע האָר האָבען זיך ניט אבגעברענט. דע־מאלט — דערצעהלט די לעגענדע — האָט דער קעניג זיך איבער־צייגט אז דער אידישער גאָט איז אלמעכטיג און האָט שוין מעהר ניט געצוואונגען די אידען זיך צו בוקען צו אנדערע אבגעטער.

צווישען די אידישע פארטריבענע אין בבל האָט געלעבט דער גרויסער נביא יחזקאל, וועלכער איז אהין אוועקגעפיהרט געווארען נאָך מיט'ן קעניג יהויכין, פאַר'ן חורבן ירושלים (§88). יחזקאל איז געווען דער גייסטיגער פיהרער פון די גולי־בבל. מיט זיינע וואַרעמע רייד האָט ער אויפגעהויבען דעם דערשלאָגענעם מוט פון דעם וואַנדער־פאָלק. ער האָט נביאות געזאָגט, אז די צושפּרייטע נאציאָן וועט נאָך אויף האָס ניי אויפלעבען. איינע פון יחזקאל'ס גלענצענדסטע נבואות איז זיין בעריהמטע זעהונג וועגען די טויטע ביינער:

עס איז געווען אויף מיר גאָט'ס האנד און גאָט האָט מיך ארויסגעפיהרט אין א ווינד און האָט מיך געלאָזען שטעהן אין א טאָל, וואס איז פול געווען מיט ביינער. און ער האָט מיך



יחזקאל הנביא.

געפיהרט ארום און ארום זיי און זעה: זעהר פיעל זיינען זיי אויפ'ן פלאך פון טאָל, און טרוקען זיינען זיי זעהר. און ער האט געזאגט צו מיר: מענשען־זוהן, צי וועלען די דאָזיגע ביינער אויפלעבען? און איך האָב געענטפערט: מיין האר און גאָט, נאָר דו אליין ווייסט עס. און ער האָט צו מיר געזאגט: זאג נביאות איבער די טרוקענע ביינער און זאג זיי: איהר טרוקענע ביינער, הערט גאט'ס וואָרט! אָט וועל איך ארייגזעצען אין אייך א גייסט און איהר וועט אויפלעבען, און איך וועל אייך געבען אָדערען און ארויפלעגען אויף אייך פלייש און בעציהען אייך מיט א הויט. און איך האָב נביאות געזאגט. ווי מיר איז בעפעהלען געווארען. און ווי נאָר איך האָב אויסגעזאגט מיין נבואה האָט זיך דערהערט א רעש און די ביינער האָבען אָנגעהויבען צו דערנעהנטערען זיך צו אייננאנד. און איך האָב דערזעהן: אט איז אויף זיי פאראן אָדערען און פלייש איז אויסגעוואקסען, און פון אויבען האָט א הויט זיי בעדעקט, נאָר קיין גייסט איז אין זיי ניט געווען. און גאָט האָט צו מיר געזאגט: „זאָג נביאות וועגען גייסט און זאָג: פון פיער זייטען קום, אָ, גייסט און בלאז אויף די דאָזיגע טויטע און זאָלען זיי לעבעדיג ווערען!“ און איך האָב נביאות געזאגט ווי מיר איז בעפעהלען געווארען. און עס איז אריין אין זיי א גייסט און זיי האָבען אויפגעלעבט און געשטעלט זיך אויף די פיס, זעהר א גרויסער חיל. און ער האָט צו מיר געזאגט: מענשען־זוהן! די דאָזיגע ביינער זיינען דאָס הויז ישראל. זיי זאָגען: אויסגעטריקענט זיינען אונזערע ביינער, פערלארען איז אונזער האָפנונג, אָבגעשניטען זיינען מיר (פון פאָטערלאַנד). דעריבער זאָג צו זיי אזוי: אזוי האָט געזאגט גאָט: איך עפען אייערע קברים און וועל אייך ארויספיהרען פון אייערע בעגרעבנישען, מיין פאלק, און וועל אייך ברענגען אין לאנד פון ישראל, און וועל ארייגזעצען אין אייך מיין גייסט, און איהר וועט אָבלעבען, און איך וועל אייך געבען מנוחה אין אייער לאנד, און איהר וועט וויסען, אז איך, גאָט, ווי איך האָב געזאָגט אזוי האָב איך געטאָן (יחזקאל ל"ז).

§92. דער אונטערגאנג פון בבל און די האָפנונגען פון די אידען. נאָך נבוכדנאצר'ס טויט (562) האָט די מאכט פון בבל

אין מזרח אָנגעהויבען צו זינקען. נבוכדנאצר'ס זוהן, אויל־מרודך, האָט געקעניגט בלויז צוויי יאָהר. ער האָט בעפרייט פון תפיסה דעם געוועזענעם אידישען מלך יהוכין, וועלכען זיין פאטער האָט אמאָל אוועקגעפיהרט געפאנגען און איהם אבגעהאלטען אין גע־פענגנים 36 יאָהר; מרודך האָט יהויכין'ען מקרב געווען און איהם געגעבען א חשוב'ען פלאץ אין קעניגליכען הויף. נאָך נבוכדנאצר'ס טויט האָבען פערשיידענע הארען און קריעגספיהרער אָנגעהויבען קעמפפען צווישען זיך פאר דער קעניגליכער מאכט. אויל־מרודך איז ארונטערגעזעצט געווארען און אין פערלויף פון פינף יאָהר האָ־בען זיך אין לאנד געביטען דריי מלכים. דער לעצטער מלך פון בבל איז געווען נבונידס (555). פאר זיין צייט איז צופאלען גע־ווארען די גרויסע מזרח־אימפעריע.

אין די צייטען פון נבונידס איז ביי דער זייט פון מלכות בבל אויסגעוואקסען א נייע מלוכה, וועלכע איז אין קורצען געווארען די הערשערין פון גאנץ פאָדער־אזיען. דאס ברייטע לאנד אין מזרח זייט פון מעסאפאטאמיען, מיט'ן נאָמען איראן, איז געווען בע־זעצט פון צוויי פעלקער: די מעדיער (מדי) און פערסיער (פרס). די מעדיער צוזאמען מיט די באבילאנער זיינען עס געווען די יע־ניגע וואָס האָבען אמאָל צושטערט די אסירישע מלוכה. פון דע־מאָלט אן זיינען די מעדיער געווען די הערשער פון איראן און די פערסיער זיינען געווען אונטערטעניג צו זיי. נאָר צולעצט האָבען אין איראן געקראגען די אויבערהאנד די פערסיער. אונטער דער פיהרערשאפט פון זייער העלדישען קריעגספיהרער כורש האָבען זיי בעזיעגט מעדיען און איינגענומען איהר הויפטשטאָדט עקבאטאן. כורש איז געווארען דער קעניג פון דער פעראייניגטער מלוכה פון פרס ומדי (ארום 550) און האָט זיך אוועקגעלאזט איינצונעהמען נייע לענדער. ער האָט איינגענומען קליין־אזיען און סיריען, און דערנאָך האָט ער בעשלאָסען צו בעזיעגען די גרויסע מלוכה פון בבל. אין א קורצער צייט האָט ער איינגענומען איינינע פראווינצען פון בבל און האָט זיך גענומען גרייטען צוצוטרעטען צו איהר הויפטשטאָדט. די ידיעה וועגען כורש'ס גרויסע נצחונות האָט אָנ־געפילט מיט פרייד די הערצער פון די אידישע פארטריבענע אין בבל. וועגען דעם נייעם זיעגער פלעגט מען דערצעהלען, אז ער

בעגעהט זיך פריינדליך מיט אונטערדריקטע פעלקער. די אידען האָבען דעריבער געהאָפט, אז ווען כורש וועט איינגעהמען בבל, וועט ער זיי בעפרייען און לאזען זיך אומקעהרען אהיים. א נביא, וועלכער האָט געלעבט צווישען די פארטריבענע, האָט אין פלאָ־מענדיגע רעדעס געלויבט די גוטהערציגקייט פון כורש'ן און האָט ערקלערט, אז גאָט האָט איהם געשיקט צו זיין דער אויסלייזער פון די אידען.

דער דאָזיגער גרויסער נביא, וואס זיין נאמען איז ניט בע־וואוסט, קען אנגערופען ווערען „דער נביא פון דער אויפלעבונג". (עס איז אנגענומען איהם צו רופען ישעיהו דער צווייטער, ווארום זיינע רעדעס זיינען פערבליבען אין דעם צווייטען טייל פון דעם ספר ישעיהו דער ערשטער, דער בעריהמטער נביא פון חזקיהו'ס צייטען). אויב אין די נביאות פון יחזקאל שפיגעלט זיך אָב די פינסטערע נאכט פון גלות איז אין די נביאות פון דעם נייעם נביא שיינט דער אבגלאַנץ פון דעם אויפגעהענדיגען מאָרגענ־שטערן און עס הערט זיך דער מונטערער רוף צו בעפרייאונג און נייעם לעבען. דער נביא הערט די שטימע פון גאָט, וועלכע זאָגט צו די פיהרער פון אידישען פאָלק: „נחמו נחמו עמי, טרייסטעט, טרייסטעט מיין פאָלק. רעדט צו דעם הארצען פון ירושלים און רופט צו איהר. אז פול געווארען איז איהר צייט, אז פארגעבען געווארען איז איהר פארברעך, אז זי האָט געקראגען פון דער האנד פון גאָט דאָפּעל פאר אלע איהרע זינד. א שטים רופט אין דער וויסטע: רייניגט אב דעם וועג (צווישען בבל און יהודה) פון גאָט, גלייכט אויס אין דער סטעפּע א שטעג פאר אונזער האר.... געהט ארויס פון בבל, איילט אוועק פון כשדים, זאָגט: בעפרייט האָט גאָט זיין קנעכט יעקב!" די געצייג אין גאָט'ס הענד אין דער דאָזיגער איבערקערעניש איז כורש, דער מלך פון פרס. „אזוי האָט געזאגט גאָט צו זיין געזאלבטען, צו כורש'ן: איך שטיץ זיין רעכטע האנד אום אונטערטעניג צו מאכען נאציאָנען פאר איהם, און מאך די לענדען פון די קעניגען לויז, אום צו עפענען טירען פאר איהם און טוירען זאָלען ניט פערשלאָסען בלייבען... צוליעב מיין דיענער יעקב און ישראל מיין אויסערוועהלטען. איך האָב איהם (כורש'ן) פאָר גערעכטיג־

קייט אויפגעוועקט און אַלע זיינע וועגן וועל איך גלייך מאַכען.
ער וועט אויפבויען מיין שטאָדט און מיינע פאַרטריבענע וועט ער
צוריקשיקען". (יהואש'ס איבערזעצונג).

דער נביא ענטוויקעלט דעם געדאַנק, אז ה' איז ניט נאָר
דער גאָט פון אידישען פאָלק, נאָר אויך דער גאָט פון דער גאַנ־
צער וועלט און ער בעשטימט דעם גורל פון אַלע פעלקער. דאָס
אידישע פאָלק איז גאָט'ס אויסדערוועהלטער, און איז גערופען
געוואָרען צו אויפדעקען פאַר אַנדערע פעלקער דעם אמת'ן גלוי־
בען און פערווירקליכען די אידעאַלען פון גערעכטיגקייט אויף
דער וועלט. און דער דאָזיגער „אויסדערוועהלטער"
האָט געדאַרפט ליידען פיין און רדיפות, אָבער סוף־כל־סוף וועט
ער נאָך גליקליך זיין: ער וועט זיין דאָס „ליכט פאַר די פעלקער",
דער פאָהנען־טרעגער פון אמת פאַר דער גאַנצער מענשהייט. דאָס
דאָזיגע ליכט וועט ווידער אויפשיינען אויפ'ן באַרג ציון, אין א
בעפרייטער יהודה. אַן אויסגעלייטערטע דורך די צרות וועט די
אידישע נאַציאָן זיך אומקעהרען אין איהר לאַנד און דאָרטען
ווייזען דער וועלט א ביישפיעל פון גייסטיגער שטאַרקייט. דער
נביא זאָגט־צו דעם בעפרייטען פאָלק נישט קיין קריעגערישע
מאַכט, ניט קיין הערשאַפט איבער אַנדערע פעלקער דורכ'ן
שווערד און גוואַלט, נאָר א זיעג איבער די מוחות און הערצער
דורך די געדאַנקען פון אמת און יושר.

§93. שיבת ציון. דער קעניג פון פרס. אין דער צייט
ווען כורש'ס גרויזאַמע חילות האָבען זיך דערנעהנטערט צו בבל
האָט דער באַבילאָנישער קעניג גאַרניט געטהאָן צו בעשיצען זיין
הויפטשטאָדט. ער האָט געהאַפט, אז בבל, וועלכע איז געוועזן אַרומ־
גערינגעלט מיט צוויי שורות דיקע ווענד וועט מען קיינמאָל ניט
קענען איינגעהמען. דער קעניג און זיינע מקורבים זיינען געוועז
זיכער, אז עס איז קיין סכנה ניטאָ און דעריבער האָבען זיי זיך
אריינגעלאָזט אין פערגעניגענס, אין עסען און אין זויפען. וועגען
איינעם פון די דאָזיגע מאָלצייטען דערצעהלט דער תנ"ך פאָלגענ־
דעס: דער באַבילאָנישער קעניג בלשצר (נבונידס אליין אָדער זיין
זוהן) האָט געמאַכט א גרויסע סעודה פאַר זיינע שרים און האָט
געהייסען ברענגען אין פּאַלאַץ די כלים, וועלכע נבוכדנאצר האָט

אמאָל צוגענומען פון בית־המקדש אין ירושלים. בשעת דער קעניג און זיינע געסט זיינען געזעסען ביים טיש און האָבען געטרונקען ווײן פון די הייליגע כלים האָט זיך אויפ׳ן וואַנד אנטקעגען טיש בעוויזען א מענשליכע האנד און האָט אָנגעשריבען עפּיס אונפער־שטענדליכע ווערטער. דער קעניג האָט זיך דערשראָקען און האָט גערופען זיינע חכמים זיי זאלען איבערלייענען די אויפשריפט, אבער די חכמים האָבען עס ניט געקענט איבערלייענען. דעמאלט האָט מען גערופען דעם אידישען חכם דניאל, און ער האָט באלד איבערגעלייענט די אויפשריפט און געזאגט צום מלך: „דאָ זיינען אויסגעקריצט פאָלגענדע ווערטער „מנה מנה תקל ופרסין, דאָס הייסט, געצעהלט אבגעוועגען און צוטיילט. די בעדייטונג פון דער מאָדנער אויפשריפט איז, אז געצעהלט זיינען די טעג פון דיין קעניגען, אבגעוועגען אויפ׳ן וואגשאל זיינען דיינע שלעכטע מעשים, און צוטיילט איז דיין מלוכה צווישען מדי און פרס.״ די דאָזיגע נבואה איז באלד מקוים געווארען.

כורש׳ס מעכטיגער חיל איז צוגעטראָטען צו בבל און זי בעלאַ־גערט. כורש האָט איינגעזעהן, אז צו נעהמען די דאָזיגע גרויסע בעפעסטיגטע שטאָדט מיט שטורם איז אונמעגליך. האָט ער גע־הייסען אויסגראבען הינטערן שטאָדט א קאנאל און איהם פעראיי־ניגען מיט׳ן טייך פרת, וועלכער איז דורכגעלאָפען דורכ׳ן שטאָדט. דאס וואסער פון טייך איז אבגעצויגען געווארען אין קאנאל אריין און פון דאנען — אין א טיעפען אזערע וואס איז געלעגען דערביי. אין טייך איז געבליבען אזוי וועניג וואסער, אז מען האָט איהם גע־קענט אריבערגעהן צופוס. איינמאָל ביי נאכט ווען די באבילאָנער האָבען זיך זארגלאז משמח געווען אויף א יום־טוב לכבוד זייער גאָט האָבען די פערסישע זעלנער זיך אריינגעריסען אין שטאָדט אריין איבער׳ן אויסגעטריקענטען גרונד פון דעם טייך פרת. בבל איז גענומען געווארען. כורש האָט זיך ערקלערט פאר׳ן הערשער פון מלכות־בבל און האָט די אמאָליגע גרויסע אימפעריע צוגעשלאָ־סען צו פערסיען (538).

די גרויסע אידישע בעפעלקערונג פון בבל האָט מיט פרייד בע־גענענט דעם פערסישען זיעגער. די דאָזיגע איבערגעבענקייט פון די אידען איז כורש׳ן געפעלען געווארען. ער האָט בעשלאָסען צו בע־

פרייען די אידען פון זייער לאַנגען גלות און לאָזען זיי זיך אומקעה־רען אין יהודה, וועלכע איז צוזאמען מיט דער גאנצער מלוכה פון בבל געווארען א טייל פון דער פערסישער מלוכה. אין ניכען זיינען איבער גאנץ בבל צושיקט געווארען קעניגליכע שטאפעטען, וועלכע האָבען מודיע געווען כורש׳ס בעפעהל, אז אלע אידען וואס געפינען זיך אין די שטעדט פון בבל און פרס מעגען זיך אומקעהרען אין יהודה און אויפבויען די חרב׳ע ירושלים און דעם בית־המקדש. געלד אויף בויען דעם בית־המקדש האָט כורש געהייסען געבען פון זיין אייגענער קעניגליכער קאסע, און דעם אויפזעהער פון די קע־ניגליכע אוצרות האָט ער בעפעהלען ארויסצוגעבען צו די צוריקגע־קעהרטע אידען אלע גאָלדענע און זילבערנע כלים, וועלכע נבוכדנאצר האָט צוגענומען פון בית־המקדש.

צעהנדליגע טויזענדער אידען האָבען זיך ערקלערט גרייט צו פערלאזען בבל און זיך אומקעהרען צו זייער פאטערלאנד. בראש פון די אויסוואנדערער איז געשטעלט געווארען דער פירשט זרבבל, אן אייניקעל פון קעניג יהויכין, און יהושע, אן אייניקעל פון שריהו, דעם לעצטען כהן־גדול פון ירושלים. א טייל אידען זיינען נאָך געבליבען אין בבל, אבער אויך זיי האָבען ניט פארגעסען זייער פאטערלאנד און האָבען געהאפט שפעטער זיך צוריקצוקעהרען אהין. די איבערגעבליבענע האָבען אויסגעריכט זייערע ברידער אין וועג אריין מיט געלד, שפייז און פיה. כורש האָט געגעבען די אויסוואנדערער א וואך פון טויזענד רייטער צו בעשיצען זיי אויפ׳ן וועג פון ווילדע שבטים. און אין יאָהר 537 האָט א גרויסע צאָל אידען זיך אוועקגעלאָזט פון בבל אין זייער אייגען לאנד, נאָך וועלכען עס האָבען אזוי שטארק געבענקט גאנצע צוויי דורות פון פארטריבענע. די אומגעריכטע בעפרייאונג פון גלות האָט זיך זיי אויסגעוויזען ווי א נס פון גאָט אדער א וואונדערליכער חלום. א שפעטערדיגער שיר גיט איבער די גליקליכע שטימונג פון די צוריקגעקעהרטע:

> אז גאָט האָט אומגעקעהרט ציון׳ס געפאנגשאפט
> זיינען מיר ווי אין חלום געווען;
> דאן איז מיט פרייד־געלעכטער פול געווען אונזער מויל
> און אונזער הארץ מיט געזאנג.

דעמאָלט פלעגט מען רעדען צווישען די פעלקער:
„גאָט האָט גרויסעס געטהאָן מיט די דאָזיגע!“
גאָט האָט מיט אונז גרויסעס געטהאָן,
פריידען פול זיינען מיר געווען.

פערצעהנטער קאפּיטעל.

## יהודה אונטער דער פּערסישער הערשאַפט.

(537—332 פאַר דער קריסטל. צייטר.)

§94. די אויפלעבונג פון יהודה און דער בית שני. נאָך ניין־און־פערציג יאָהר גלות אין בבל האָבען זיך צעהנדליגער טויזענדער אידען אומגעקעהרט קיין יהודה אונטער דער פיהרערשאפט פון דעם פירשט זרבבל און דעם כהן גדול יהושע (537). באלד נאָך זיי האָבען זיך אויך אנגעהויבען ציהען צוריק אין זייער פאטערלאנד א סך אידען וואס זיינען געווען צושפּרייט אין אנדערע לענדער: אין מצרים, קליין־אזיען און אויף די אינזלען פון מיטלענדישען ים. פון אומעטום זיינען די פארטריבענע געלאָפען קיין יהודה מיט דער האָפנונג צו אָנהויבען דאָרט א רוהיג לעבען אונטער'ן שוץ פון דעם גערעכטיגען מלך כורש. די צוריקגעקעהרטע האָבען געפונען זייער לאנד אין א טרויעריגען צושטאנד: די היילינע שטאָדט ירושלים איז געווען א הורבע פון חורבות, א סך שטעדט און דערפער זיינען געשטאנען לעדיג, אָהן איינוואוינער; די פעלדער וועלכע זיינען לאנג ניט בעארבייט געוואָרען, זיינען פארוואנדעלט געווארען אין א וויסטעניש. אייניגע געגענדען פון יהודה זיינען אונטער דער צייט פערכאפּט געוואָרען פון די פיינדליכע שכנ'ישע פעלקער. און די פיהרער פון פאלק, זרבבל און יהושע, האָבען זיך גענומען איינצופיהרען ארדנונג אין דעם פערוויסטען לאַנד.

פריהער פון אלץ האָבען זיי צוריק איינגעשטעלט דעם גאָטעסדיענסט אין ירושלים. ווען עס איז געקומען דער יום־טוב סכות האָבען זיי געלאָזט אויסבויען א מזבח צו ברענגען קרבנות.

דערנאָך זיינען זיי צוגעטראָטען צו בויען אַ קליינעם בית־המקדש, אויפ'ן זעלבען אָרט וואו עס איז געשטאַנען דער ערשטער בית־המקדש. ווען עס איז געקומען דער טאָג פון לעגען דעם ווינקעל־שטיין פאר'ן נייעם בית־המקדש איז מען זיך צוזאמענגעפאהרען פון אלע שטעדט פון יהודה צום גרויסען יום־טוב. די כהנים זיינען ער־שינען אין זייערע כהונה־קליידער, די לויים האָבען געזונגען גע־זאנגען (וועלכע זיינען פערבליבען עד היום אין תהלים); די נביאים האָבען אין זייערע רעדעס פאראויסגעזאגט אַ גליקליכע צו־קונפט און ווייט ארום האָבען געהילכט די פרייד־געשרייען פון פאלק. אבער אין מיטען פון דער דאָזיגער גליקליכער פערזאמלונג זיינען געשטאַנען זקנים און ביטער געוויינט: די דאָזיגע אלטע לייט האָבען נאָך געזעהן דעם ערשטען בית־המקדש (שלמה'ס) אין זיין גאנצען פראכט, און ווען זיי האָבען פערגליכען מיט איהם דעם נאָר־וואס אָנגעפאנגענעם בעשיידענעם „הויז פון גאָט", האָבען זיי זיך ניט געקענט איינהאלטען פון טרעהרען. „און דאס פאלק — שרייבט אַ היסטאָריקער פון יענער צייט — האָט ניט געקענט אונ־טערשיידען די פרייד־געשרייען צוליעב דעם גרויסען געוויין".

נאָר אפילו דעם דאָזיגען קליינעם בית־המקדש איז דעם פאלק ניט גרינג אָנגעקומען צו בויען. אויפ'ן גרעניץ פון יהודה האָבען געלעבט די שמרונים (§79). הגם מיט דער צייט האָבען די שמרונים איבערגענומען דעם אידישען גלויבען, דאָך זיינען ביי זיי געבליבען אַ סך היידנישע מנהגים. ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אז די אידען בויען אין ירושלים אַ נייעם בית־המקדש האָבען זיי אויך געוואלט האָבען אַ חלק אין דעם בויען, כדי דער טעמפעל זאָל זיין אַן אלגעמיינער פאר די אידען און די שמרונים. נאָר זרבבל און יהושע האָבען זיך ענטזאגט אריינצונעהמען די שמרונים אין זייער עדה, ווייל זיי האָבען זיי געהאלטען נאָר פאר האלבע אידען. דעמאָלט האָבען די בעליידיגטע שמרונים בעשלאָסען צו נעהמען נקמה פון די אידען. זיי האָבען גע'מסר'ט אויף זיי פאר די פער־סישע הערשער און מיט אלע כחות האָבען זיי געשטערט דאס בויען פון דעם בית־המקדש.

דערווייל האָט זיך אויך די אלגעמיינע לאגע פון יהודה פער־ענדערט. איהר בעשיצער כורש איז געשטאָרבען און דעם טראָהן

האָט גע'ירש'עט זיין זוהן קאמביז (529). דער נייער קעניג איז גע־גאנגען מלחמה האַלטען מיט מצרים און עטהיאָפּיען (כוש). די פּערסישע חילות זיינען דורכגעגאנגען דורך יהודה און די איינוואוי־נער האָבען דורכדעם שטארק געליטען. מחמת דעם האָט זיך דאָס בויען פון דעם בית־המקדש אבגעשטעלט, און האָט זיך אָנגעהויבען צוריק ערשט דעמאָלט, ווען אויפ'ן פּערסישען טראָהן איז ארויף דריוש דער 1טער (521). דער דאָזיגער מלך האָט בעשיצט די אידען אזוי ווי כורש. אויף דער בקשה פון זרבבל און יהושע האָט ער ערלויבט אנצוהויבען ווייטער דאס בויען פון בית־המקדש און האָט אפילו געהייסען געבען שטיצע פון דער קעניגליכער קאַסע. די נביאים חגי און זכריה האָבען מיט זייערע רייד געמונטערט דאס פאָלק און איהם געוועקט צו ארבייטען פאר „גאָט'ס הויז". דאס פאָלק האָט זיך פלייסיג גענומען פאַר דער ארבייט און אין פיער יאָהר צייט איז דער בנין פארטיג געוואָרען. דער נייער בית־המקדש איז פארטיג געוואָרען אין יאָהר 516, דאס הייסט אין זיבע־ציג יאָהר ארום נאָכ'ן חורבן בית ראשון.

§95. עזרא הסופר. נאָכ'ן טויט פון זרבבל און יהושע האָט דאָס פאָלק ניט געהאט קיין פעהיגע און אונטערנעהמערישע פיהרער יהודה איז ווי פריהער געבליבען אונטערטעניג צו פּערסיען, און די אינווענינגסטע ענינים האָבען געפיהרט די כהנים גדולים, וועלכע האָבען אבגעשטאמט פון יהושע. די דאָזיגע גייסטיגע פיהרער האָ־בען נאָר געזאָרגט, אז די צערעמאָניעס פון בית־המקדש, דער גאָ־טעסדיענסט און די קרבנות, זאָלען שטרענג אָבגעהיט ווערען, אָבער זיי האָבען גאָרניט געטהאָן צו פערשטאַרקען און פערבעסע־רען די לאגע פון דעם צובראכענעם פאָלק. זייענדיג ארומגערינגעלט מיט פרעמדע פעלקער אינווענינג אין לאַנד האָבען זיך די אידען אָנ־געהויבען מקרב זיין צו זיי און אפילו זיך מתחתן זיין מיט זיי. נישט קוקענדיג אויפ'ן פערבאָט פון תורת משה, האָבען א סך אידען גענומען זיך פאר ווייבער די טעכטער פון די מואבים, עמונים און שומרונים. די קינדער וואָס זיינען ארויסגעקומען פון אזעלכע שדוכים האָבען גערעדט די שפּראך פון זייערע מוטערס און האָבען ניט געקענט רעדען די שפּראַך פון די אידען. דער דעמאָלטיגער נביא מלאכי (דער לעצטער פון די אידישע נביאים) האָט געוויזען

דעם פאָלק זיין געפעהרליכען טעות און האָט אויך געשטראָפט די שלעכטע נביאים, וואס האָבען ניט געטהאָן זייער וויכטיגסטע פליכט — צו זיין די לעהרער און פיהרער פון פאָלק. ער האָט נביאות געזאגט, אז עס מוז קומען א גרויסער רעפארמאטאָר, א שליח פון גאָט, וועלכער וועט איבעראנדערשען און בענייען דאס גאנצע לעבען פון פאלק.

דער דאָזיגער רעפארמאטאר איז געקומען פון „לאנד פון גלות". דאָס איז געווען עזרא, וועלכער האָט געשטאמט פון די כהנים, און האָט געלעבט אין בבל. ער איז געווען בעריהמט מיט זיין געלערנט־קייט און ער פלעגט זיך מיט ליעבשאפט אבגעבען מיט איבערשריי־בען ספרים, דעריבער האָט ער געקראגען דעם צונאָמען סופר (שרייבער). ווען ער האָט זיך דערוואוסט אז די אידישע עדה אין ירושלים איז שטארק געפאלען, האָט ער בעשלאָסען זיך דארט צו בעזעצען און וועקען די אידען צו אויפלעבונג. דער פערסישער קעניג ארטאקסערקסעס I האָט איהם געגעבען די מאכט צו אָנשטעלען אין יהודה עלטסטע און ריכטער, וועלכע זאָלען רע־גירען דאָס פאָלק לויט די געזעצען פון משה. צוזאמען מיט עזרא'ן זיינען אין יהודה געקומען ארום אנדערהאלבען טויזענד אי־דען פון בבל (458). ווען עזרא איז אָנגעקומען קיין ירושלים האָט ער צונויפגערופען א גרויסע פאלקס־פערזאמלונג אויפ'ן פלאץ וואס פאר'ן בית־המקדש. דאָ האָט ער געהאלטען א פייערדיגע רעדע און האָט אויפגעפאדערט דאס פאלק זיי זאלען זיך אָנהויבען פיהרען לויט דער תורה, און זאלען זיך ניט אויסמישען מיט די פרעמדע פעלקער. עזרא האָט געפאדערט, אז די אידען וואס האָבען געהאט פרויען פון פרעמדע פעלקער, זאָלען זיך מיט זיי באלד צושיידען. פיעלע האָבען באלד אזוי געטהאָן: די פרעמדע פרויען זיינען אוועקגעשיקט געוואָרען און זיי האָבען זיך אומגעקעהרט צו זייערע איינגענע. דאס האָט ארויסגערופען א האס ביי די שכנ'ישע פעל־קער צו די אידען. די מואבים, עמונים און שומרונים האָבען אנ־געהויבען מאכען אנפאלען אויף ירושלים און האָבען געמאכט א חורבן אין שטאָדט. ירושלים איז ניט געווען בעפעסטיגט און איהרע איינוואוינער האָבען ניט געקענט זיך בעשיצען געגען די אנפאלען פון די שונאים. אבער כדי דאס גייסטיגע לעבען פון אידישען

פאלק זאָל איבערגעבויט ווערען, אזוי ווי עס האָט געוואלט עזרא, איז נויטיג געווען פריהער צו בעפעסטיגען די מלוכה און איהר הויפּטשטאָדט. די דאָזיגע ארבייט האָט אויף זיך גענומען א צווייטער גרויסער פיהרער, נחמיה.

§96. נחמיה. נחמיה האָט געלעבט אין שושן, די הויפּט־שטאָדט פון פערסיען, און איז געווען דער שר־המשקים אין דעם הויף פון דעם קעניג ארטאקסערקסעס. דערוויסענדיג זיך וועגען דער טרויעריגער לאגע פון זיינע ברידער אין יהודה, האָט ער זיך שטארק מצער געווען. איינמאָל ווען נחמיה האָט דערלאנגט ווין צו ארטאקסערקסעס האָט איהם דער מלך געפרעגט, וואָרום ער איז אזוי טרויעריג. נחמיה האָט געענטפערט: „ווי אזוי זאָל איך ניט טרויערען, ווען די שטאָדט וואו עס ליגען די קברים פון מיינע אבות איז חרב?" דער קעניג האָט מיטגעפיהלט נחמיה'ס שמערץ און האָט איהם ערלויבט צו פאהרען אויף א צייט קיין ירושלים דארט צו בעפעסטיגען די שטאָדט און איינפיהרען אין יהודה נייע ארדנונגען. דעריבער האָט נחמיה געקראגען דעם נאָ־מען פחה (פאשא אדער פערוואלטער) פון יהודה.

אין יאָהר 445 איז נחמיה אָנגעקומען קיין ירושלים, און האָט באלד גענומען וועקען די איינוואוינער צו ארבייטען פלייסיג צו בעפעסטיגען די שטאָדט. אין פערלויף פון כמעט צוויי חדשים האָט דאס פאלק געארבייט טאג און נאכט אויפצושטעלען די פעס־טונגס־וואנד ארום דער שטאָדט. די אידישע שונאים און בע־זונדערס די שומרונים, מיט זייער פיהרער סנבלט אן דער שפּיץ, האָבען געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען צו שטערען די ארבייט און פלעגען אפילו בעפאלען די מויערער; אבער נחמיה האָט בעוואָ־פענט אלע ארבייטער און האָט געהייסען איין טייל היטען די וואנד אויף פערשיידענע פונקטען, אין דער צייט ווען דער אנדע־רער טייל האָט געארבייט אויפ'ן בויען. צווישען די ארבייטער זיינען אפילו געווען אזעלכע, וואס מיט איין האנד האָבען זיי גע־לעגט די שטיינער און אין דער אנדערער האָבען זיי געהאלטען א שווערד זיך צו בעשיצען. נאָך צוויי חדשים אנגעשטרענגטער אר־בייט איז די פעסטונגס־וואנד ארום דער שטאָדט פארטיג געוואָ־רען, און אין גיכען זיינען אויך אויפגעשטעלט געווארען צוריק די

חרב'ע שטאָדט־טויערן. ביי די טויערן איז געשטעלט געוואָרען אַ וואַך. אויף ביינאַכט פלעגט מען די טויערן פערשפּארען, און עפענען פלעגט מען זיי ערשט אין דער פריה ווען „די זון האָט שוין געוואַרעמט". די אידישע הויפּט שטאָדט, וואָס איז פריהער געווען שוצלאָז, איז איצט געווארען אַ בעפעסטיגטע און פערשלאָסענע שטאָדט און האָט אביסעל אבגעשראָקען די ארומיגע פעלקער.

ווען די פעסטונג ארום דער הויפּט שטאָדט איז אויפגעשטעלט געוואָרען האָט מען זיך גענומען צו בויען די הרב'ע הייזער אינ־ווענינג אין שטאָדט. אזוי ווי אין ירושלים זיינען געווען זעהר ווינ־ציג איינוואוינער, האָט נחמיה אריבערגעפיהרט אהין אַ טייל פון דער בעפעלקערונג פון די דערפער. אין יענער צייט איז אין יהודה געווען אַ לאַנגע ניט־גערעטעניש אויף די פעלדער און דאס פאָלק האָט שרעקליך געליטען. די רייכע וועלכע האָבען געהאַט אַ סך אָבגעשפּאָרטע תבואה פלעגען זי פערקויפען צו די אָרימע אויף באָרג, נאָר ווען די אָרימע בעלי־חוב האָבען ניט געקענט בעצאָלען זייערע חובות צום טערמין, פלעגען די רייכע צונעהמען ביי זיי זייערע הייזער און ביסעל פערמעגען, און אָפטמאָל פלעגען זיי אפילו מאכען זיי פאר קנעכט. נחמיה איז געווען זעהר אויפגעבראכט דערפון און האָט געצוואונגען די רייכע צו בעפרייען די ארימע בעלי־חוב און אומקעהרען וואָס זיי האָבען ביי זיי צוגענומען.

אויף אזא אופן האָט נחמיה איינגעפיהרט אביסעל אָן ארד־נונג אין לאנד. דעמאלט האָט ער זיך פעראייניגט מיט עזרא'ן צו ארבייטען מיט איהם צוזאמען פאר דער גייסטיגער אויפלעבונג פון די אידען. אין חדש תשרי האָבען זיי פערדופען אין ירושלים א גרויסע פאלקס־פערזאמלונג, וואס איז בעשטאנען פון מענער און פרויען. עזרא האָט זיך געשטעלט פאר'ן פערזאמעלטען עולם און האָט פארגעלייענט אויפ'ן קול עטליכע קאפּיטלען פון דער תורה, און האָט איבערגעגעבען די לויים זיי זאָלען דייטליך ערקלערען צום פאלק וואס עס איז געלייענט געווארען. דאס פאלק איז געווען טיעף געריהרט. אלע האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלע־צער לכבוד דער הייליגער תורה. טרעהרען האָבען זיך געגאסען פון די אויגען פון די צוהערער, וועלכע האָבען יעצט פערשטאנען, ווי שטארק זיי האָבען זיך דערווייטערט פון די הויכע מאָראלישע גע־

באַטען פון דער תורה. דער פיער־און־צוואַנציגסטער טאָג פון תשרי איז בעשטימט געוואָרען פאַר א טאָג פון תשובה פאַר'ן גאַנ־צען פאָלק. אלע האָבען געפאַסט אין דעם דאָזיגען טאָג און האָבען זיך אָנגעטהאָן אין טרויער־קליידער. די לויים האָבען זיך געווענדט צום פאָלק און האָבען פאַרגעשטעלט אין העלע פארבען זיין גאַנצע פערגאַנגענהייט, זיינע גרויסע גבורות און אומגליקליכע טעות'ן. נאָכדעם האָט מען פאַר די פערטרויערטע צוהערער פאָרגעלייענט א געשריבענעם כתב אין וועלכען זיי האָבען אלע געשוואָרען אָבצוהי־טען די דינים און מצוות פון דער תורה. אויף דעם דאָזיגען כתב האָבען זיך גע'חתמ'עט די פאָרשטעהער פון פאָלק, די כהנים און די לויים.

דערנאָך האָט נחמיה געזאָרגט, אז די אידען וועלכע האָבען נאָך געהאַט גוי'שע ווייבער זאָלען זיי גט'ען, אז דאָס פאָלק זאָל שטרענג אָבהיטען דעם שבת און אז די אומווירדיגע כהנים זאָלען זיך ניט געפינען אין בית־המקדש. איינעם פון די הויפּט כהנים, מנשה, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעם שומרונ'ישען בעאַמטען סנבלט, האָט מען ארויסגעטריבען פון ירושלים (ארום 430 יאָהר). דעמאָלט האָט דער שומרונ'ישער בעאַמטער אויסגעבויט פאַר זיין פאָלק א בעזונדער בית־המקדש אויפ'ן בארג גריזים, נעבען דער שטאָדט שכם, און האָט געמאַכט מנשה'ן פאַר'ן כהן גדול אין יענעם בית־המקדש. פון דעמאָלט אָן האָבען זיך די שומרונים אלץ מעהר דערווייטערט פון די אידען אין זייער גלוי־בען און אין זייער אַרט לעבען. פון אלע הייליגע שריפטען (כתבי־הקדש) האָבען זיי אנערקענט בלויז דעם חומש אדער תורת־משה און דעם ספר יהושע. נאָר אפילו אין די דאָזיגע ספרים האָבען זיי שפּעטער אויך א סך געענדערט. די שומרונים האָבען זיך נאָך א לאַנגע צייט פערטראָגען פיינדליך צו די אידען און האָבען געזוכט זיי צו שעדיגען ביי יעדער גינסטיגער געלעגענהייט.

§97. די כנסת הגדולה; פורים. נאָכ'ן גלות בבל האָט די טהעטיגקייט פון די נביאים, די פריהערדיגע פיהרער פון פאָלק, בים־לעכווייז אויפגעהערט. מלאכי איז געווען דער לעצטער אידישער נביא. אנשטאָט די נביאים האָבען אָנגעהויבען ווירקען געלעהרטע לייט, וועלכע זיינען געווען געלערנט אין תורת משה און אין די

| קופּיש | סיריש | עסטראַנגעלאָ | שומרוניש | אראַמיש | פעניציש | פאלמיריש | העברעאיש |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | | א |
| | | | | | | | ב |
| | | | | | | | ג |
| | | | | | | | ד |
| | | | | | | | ה |
| | | | | | | | ו |
| | | | | | | | ז |
| | | | | | | | ח |
| | | | | | | | ט |
| | | | | | | | י |
| | | | | | | | כ |
| | | | | | | | ל |
| | | | | | | | מ |
| | | | | | | | נ |
| | | | | | | | ס |
| | | | | | | | ע |
| | | | | | | | פ |
| | | | | | | | צ |
| | | | | | | | ק |
| | | | | | | | ר |
| | | | | | | | ש |
| | | | | | | | ת |

סעמיטישע אלף־בית׳ן.

אַלטע הייליגע ספרים. די דאָזיגע מענשען, וועלכע האָבען זיך גע־רופען סופרים, האָבען געטהאָן ווי עזרא האָט געלערענט: זיי האָ־בען בעקענט דאָס פאָלק מיט די רעליגיעזע, מאָראַלישע און געזעל־שאַפטליכע געזעצען, וועלכע האָבען זיך אויפגעהיט אין די הייליגע ספרים און אין מסורות בעל־פה. הגם יהודה האָט זיך געפונען אונטער דער ממשלה פון פערסיען דאָך האָט זי אין איהר אינווע־ניגסטען לעבען זיך געפיהרט לויט די געזעצען פון דער תורה. די עלטסטע פון פאָלק זיינען געווען די כהנים גדולים. זיי האָבען רעגירט מיט דער הילף פון א ראַט, אָדער „פערזאמלונג פון די עלטסטע“. דער דאָזיגער ראַט האָט זיך גערופען „כנסת הגדולה“ און איז בעשטאַנען פון געלעהרטע לייט און די בעסטע פאָרשטע־הער פון פאָלק. די מסורה דערצעהלט אז די אנשי כנסת־הגדולה האָבען זיך פירגענומען דריי זאכען: צו איינפיהרען אמת און יושר אין משפט, צו לערנען דאָס פאָלק, און „מאכען א צאַם (סיג) צו דער תורה“, דאָס הייסט: ארומצאַמען די אלטע געזעצען מיט נייע שטרענגע דינים. די כנסת־הגדולה האָט געשטעלט ריכטער, וועלכע האָבען גע'משפט דאָס פאָלק לויט די געזעצען פון תנ"ך. די כנסת־הגדולה האָט זיך אויך געזאָרגט צו ערציהען און בילדען די יוגענד און צו לערנען דעם ברייטען המון לעזען און שרייבען. כדי צו מאכען גרינגער דאָס לעזען האָט מען געענדערט דעם אלטען אידישען שריפט. אנשטאַט די אלטע, זעהר שווערע אותיות האָט מען אָנגע־הויבען צו בענוצען שעהנע פיערעקיגע אותיות וועלכע זיינען זעהר גרינג צום לעזען (דער דאָזיגער נייער אלף־בית, וועלכער ווערט עד היום געברויכט ביי אידען, רופט זיך אן דער „פיערעקיגער“ אָדער אסירישער.) דורך די אלע מיטלען פון דער כנסת־הגדולה און די סופרים האָט זיך דאָס וויסען פון תנ"ך אליז מעהר פער־שפרייט צווישען פאָלק.

אין פערלויף פון א גאנצען יאָהרהונדערט נאָך עזרא'ס און נחמיה'ס טויט האָבען די אידען געלעבט רוהיג אין זייער לאנד אונ־טער דער אויבערהערשאַפט פון פערסיען. די פערסישע מלכים האָ־בען זיך ניט געמישט אין די אינווענינסטע ענינים פון יהודה, און האָבען זיך בענוגענט דערמיט, וואס זיי פלעגען קריגען פון די איינוואוינער דעם בעשטימטען יעהרליכען צינז. אין פערסיען גופא

און אין איהר אונטערטעניגער בבל האָבען זיך אויך אין יענער צייט געפונען גרויסע אידישע עדות וועלכע זיינען געשטיצט געוואָרען פון די פערסישע הערשער. די מסורה דערצעהלט נאָר וועגען איין פאַל ווען די אידען זיינען געווען פערפאָלגט אין פערסיען. אין דעם הויף פון פערסישען מלך אחשורוש (קסערקסעס) אין שושן, האָט זיך געפונען איינער אַ בעאַמטער מיט'ן נאָמען המן, וועלכער האָט די אידען שטאַרק געהאַסט. איינמאָל האָט ער געזאָגט צום מלך: עס איז דאָ איין פאָלק, וועלכעס איז צושפּרייט און צעוואָרפען איבער אלע טיילען פון דיין מלוכה; זיינע מנהגים אונטערשיידען זיך פון די מנהגים פון די איבריגע פעלקער, און די קעניגליכע געזעצען היט ער ניט. אויב דער מלך וויל, זאָל ארויסגעלאָזען ווערען אַ בעפעהל צו טויטען אלע אידען." אחשורש האָט באלד ארויסגעגעבען אזא בעפעהל, ערלויבענדיג די פערסיער צו רויבען און הרג'נען די אידען וואָס האָבען געוואוינט אין די שטעדט פון דער פערסישער מלוכה. די אידען אין פערסיען זיינען געווען אין סכנה אין גאנצען פערניכטעט צו ווערען. דעמאָלט איז דעם געפ'רודפ'טען פאָלק געקומען צו הילף מרדכי, איינער פון די חשוב'ע אידען פון שושן, וועלכער איז געשטאַנען נאָהנט צום קעניגליכען הויף און האָט אמאָל געטהאָן דעם מלך אַ גרויסע טובה. מרדכי האָט געהאט אַ קרובה, אַ יתומה וואס ער האָט ערצויגען, מיט'ן נאָמען אסתר, וועלכע איז דורך איהר שעהנקייט אנגעקומען אין קעניגליכען הויף און איז געוואָרען די בעליעבטסטע ווייב פון אחשורש'ן. ווען אסתר האָט זיך דערוואוסט פון מרדכי'ן וועגען דעם שרעקליכען גורל וואס ערווארטעט איהרע פאָלקס־ברידער האָט זי בענוצט איהר גאנצען איינפלוס אויפ'ן קעניג צו פערמיידען דאס אומגליק. אזוי ווי זי איז פריהער געווען דערוויטערט פון די אידען אזוי האָט זי איצט דערפיהלט איהר בלוט־פערוואנדשאפט מיט איהר פאָלק. אסתר האָט געבעטען דעם קעניג ער זאָל צוריקרופען די שרעקליכע גזרה אויף די אידען און האָט דערביי אויפגעדעקט פאר איהם המנ'ס בייזע מחשבות. אחשורש האָט זיך איבערצייגט אין דער ריכטיגקייט פון איהרע רייד, און ער האָט זיך אויך דערמאָנט אן דער טובה, וואס מרדכי האָט איהם אמאָל געטהאָן, און ער האָט דערפילט די בקשה פון אסתר המלכה. ער האָט

בעפעהלען אויפצוהענגען המן הרשע און די אידען האָט ער ערלויבט זיך צו פערטיידיגען געגען די שונאים, וואס האָבען זיך געקליבען זיי אומצוברענגען. דער סוף איז געווען, אז אין דעם טאָג וואָס המן האָט בעשטימט צו פערטיליגען די אידען (דעם דרייצעהנטען אדר) זיינען זיי מיט געוועהר אין די הענד בעפאלען זייערע שונאים און האָבען זיי געה׳הרג׳עט אין דער פראָווינץ אזוי גוט ווי אין דער הויפטשטאָדט שושן. פאר א זכר דערפון, וואס די פערסישע אידען זיינען געראטעוועט געווארען פון דער גזרה, איז איינגעפיהרט געווארען דער יום־טוב פורים, וועלכער ווערט נאָך עד היום אָבגעהיט ביי די אידען דעם פערצעהנטען טאָג אין אדר (א חדש פאר פסח). אין דיזען יום־טוב לייענט מען אין די שוהלען די מגלה „אסתר" וואו די גאנצע געשיכטע איז בעשריבען.

§98. די צוזאמענשטעלונג פון דעם תנ"ך. עזרא הסופר און זיינע נאָכפאָלגער, די סופרים, האָבען אָנגעהויבען צונויפזאמלען די גייסטיגע אוצרות פון אידישען פאָלק, וואָס זיינען געשאפען געווארען אין פריהערע צייטען. א סך גרויסע לעהרער זיינען אויפגעשטאנען אין אידישען פאָלק, אָנהויבענדיג מיט משה׳ן און ענדיגענדיג מיט די לעצטע נביאים. זייערע לעהרען און נבואות האָבען זיך טיילווייז אויפגעהיט אין ספרים און טיילווייז זיינען זיי איבערגעגאנגען בעל־פה פון דור צו דור; פיעלעס איז מיט דער צייט פערלאָרען און פארגעסען געווארען און איז ניט דערגאנגען צו די שפעטערע דורות. כדי אויפצוהיטען די פערבליבענע ווערק האָט עזרא און די סופרים זיך גענומען זיי פלייסיג צונויפזאמלען, און ברענגען אין אָרדנונג און פארשרייבען דאס, וואס איז נאָך ניט געווען פערשריבען. אזוי איז צוזאמענגעשטעלט געווארען דאָס גרעסטע בוך פון דער וועלט — דער ת נ " ך, דיזער ערשטער קוואל פון דער אידישער אמונה, פון דער אידישער געזעצגעבונג און פון דער עלטסטער געשיכטע פון אידישען פאָלק. די דאָזיגע כתבי־הקדש זיינען אויסגעשטעלט געווארען לויט די פאָלגענדע דריי אָבטיילונגען:

די ערשטע אָבטיילונג: ת ו ר ה, אָדער תורת משה. זי בעשטעהט פון פינף ספרים, אדער חומשים. אין דעם ערשטען ספר, ב ר א ש י ת, ווערט דערצעהלט וועגען דעם לעבען פון די

מענשען פון בריאת־העולם ביז אברהמ'ן, און וועגען דעם לעבען פון אידישען פאָלק פון אברהמ'ן ביז דעם טויט פון יעקב'ן און יוספ'ן אין מצרים. אין דעם אנדערען ספר, ש מ ו ת , ווערט דער־צעהלט וועגען דער קנעכטשאפט פון די אידען אין מצרים, וועגען משה'ן, וועגען יציאת מצרים, וועגען מתן־תורה, וועגען דעם משכן אין מדבר און אויך די וויכטיגסטע געזעצען פון תורת־משה. אין דעם דריטען ספר, ו י ק ר א , ווערט גערעדט דער עיקר וועגען די דינים פון קרבנות אין דעם בית המקדש, וועגען די ימים טובים און וועגען דעם ווי אזוי עס דארף זיך אויפפיהרען דער מענש אין דער פאמיליע און אין דער געזעלשאפט. אין דעם פערטען ספר, ב מ ד ב ר , ווערט בעשריבען די וואנדערונג פון די אידען אין מדבר צווישען מצרים און כנען. אין פינפטען ספר, ד ב ר י ם אָדער משנה תורה, ווערען איבערגע'חזר'ט די וויכטיגסטע געזעצען, וואָס זיינען ענטהאלטען אין די פריהעריגע ספרים, און צו זיי ווע־רען צוגעגעבען נייע געזעצען און דינים, — הויכע מאָראלישע לעהרען, וועלכע משה האָט אָנגעזאָגט ניט לאַנג פאר זיין טויט.

די צווייטע אָבטיילונג: נ ב י א י ם. דיזע אָבטיילונג בע־שטעהט פון צוויי חלקים. דער ערשטער חלק ענטהאלט די ספרים י ה ו ש ע, ש ו פ ט י ם, ש מ ו א ל און מ ל כ י ם, און ווערט אָנגערופען נ ב י א י ם ר א ש ו נ י ם. דאָ ווערט דערצעהלט די געשיכטע פון אידישען פאָלק פאר א משך פון זיבען הונדערט יאהר, פון דער צייט ווען זיי זיינען אריין אין כנען אונ־טער יהושע'ן ביז'ן חורבן ירושלים און גלות בבל. דער צווייטער טייל, וועלכער רופט זיך נ ב י א י ם א ח ר ו נ י ם, ענט־האלט די ספרים פון דריי „גרויסע" נביאים — י ש ע י ה ו, י ר מ י ה ו און י ח ז ק א ל און צוועלף „קלענערע" נביאים: הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפניה, חגי, זכריהו, און מלאכי. די ערהאבענע רעדעס פון די נביאים, וועלכע זיינען צונויפגעקליבען אין די דאָזיגע ספרים, זיינען א וויטערע ענט־וויקלונג פון תורת־משה. די תורה און די נביאים צוזאמען נעה־מען ארום דאס גאנצע ביבלישע יורענטום.

די דריטע אבטיילונג: כ ת ו ב י ם. דאָ זיינען צונויפגעז־

שטעלט סיי די אלטע, סיי די שפּעטערע רעליגיעז־מאָראַלישע, פּאָ־עטישע און פילאָזאָפישע ווערק פון די אידען. צוערשט קומט דער גרויסער ספר ת ה ל י ם, אָדער רעליגיעזע שירים, א סך פון וועלכע זיינען געזונגען געוואָרען אין ביתהמקדש פון די כאָרען פון די לויים. א גרויסער טייל פון די דאָזיגע שירים טראָגען דעם נאָמען פון דוד המלך און זיינען פערבונדען מיט פּאַסירונגען פון זיין לעבען. דערנאָך קומט דער ספר מ ש ל י ש ל מ ה, וועלכער ענטהאַלט א סך קלוגע משלים און כללים ווי אזוי צו לע־בען און זיך אויפפיהרען. נאָך „משלי" נעהמט דער ספר „איוב", וואו עס ווערט דערצעהלט דער שיקזאַל פון דעם ליידענדען איוב, וועלכער האָט פערלאָרען אַלע ערדישע גליקען און ער טענה'ט וועגען דער נישטיגקייט פון מענשליכען לעבען. אין דער פאָרמע פון וכוחים צווישען איוב'ן און זיינע חברים ווערט דאָ פּאַנאַנדערגע־וויקעלט א טיעפע מאָראַלישע און רעליגיעזע פילאָזאָפיע. די ווייטערע פינף קליינע ספרים ווערען אָנגערופען מ ג ל ו ת. אין ש י ר ה ש י ר י ם ווערט אונטער דעם נאָמען פון שלמה המלך בעזונגען די שעהנקייט פון דער נאַטור, פון ליעבע און דאָס גליק פון יוגענד. אין „קהלת" לאָזט זיך דער זעלבער מלך אריין אין טרויעריגע מחשבות וועגען דער צוועקלאָזיגקייט פון לעבען. אין דעם קליינעם ספר ר ו ת ווערט געשילדערט דאָס פריעדליכע דאָרפישע לעבען אין דער צייט פון די שופטים, און אין א י כ ה ווערען בעזונגען די ליידען פון די אידען אין דער צייט פון חורבן בית־המקדש. אין מגלת א ס ת ר ווערט דערצעהלט ווי אזוי די פערסישע אידען זיינען געראַטעוועט געוואָרען פון המנ'ס גזרה. דער לעצטער טייל פון כתובים בעשטעהט פון די שפּעטערע כראָניקען, ד נ י א ל, ע ז ר א און נ ח מ י ה. דאָ ווערט דערצעהלט וועגען דעם לעבען פון די אידען אין דער צייט פון דער באַבילאָנישער און פערסישער הערשאַפט. צום שלום קומט דער ספר ד ב ר י ־ ה י מ י ם, וואו עס ווערט אין קורצען איבערגע'חזר'ט די אידישע געשיכטע פון די עלטסטע צייטען ביז דער ענדע פון גלות בבל.

אזוי איז צוזאַמענגעשטעלט דער תנ"ך, וועלכער איז די פרוכט פון דעם גייסטיגען שאַפען פון אידישען פאָלק אין דעם

משך פון א גאַנצען יאָהרטויזענד. די דאָזיגע אַלטע ספרים ענט־האַלטען די העכסטע און טיעפסטע אמת'ן פון רעליגיאָן, מאָראַל און מענשליכען צוזאַמענלעבען. דערפאַר איז דער תנ"ך געוואָרען דאס הייליגע בוך ניט נאָר פון די אידען, וועלכע האָבען איהם געשאַ־פען, נאָר אויך פון אַלע פעלקער פון דער וועלט, וואס גלויבען אין אַן איינציגען גאָט. אפילו די אַלטע אידישע שפּראַך, אין וועלכער דער תנ"ך איז געשריבען — אַ שעהנע, בילדליכע און קרעפטיגע שפּראַך, — ווערט אָנגערופען די הייליגע שפּראַך, אָדער לשון־קדש.

# כראָנאָלאָגיע פון די אידישע מלכים.

## די מלכים פון גאַנצען אידישען פאָלק

שאול (ארום יאָהר 1967—1055)
דוד (ארום יאָהר 1055—1015)
שלמה (ארום יאָהר 1015—977)

### די מלכים פון מלכות יהודה (דוד'ס דינאַסטיע):

רחבעם (977—960).
אבים (960—957).
אסא (957—918).
יהושפט (918—894).
יהורם (894—887).
אחזיהו (887).
עתליה (קעניגין, 886—880).
יואש (881—843).
אמציה (843—815).
א צייט אָהן אַ קעניג (815—805)
עוזיה (805—754).
יותם (754—739).
אחז (739—724).
חזקיהו (724—695).
מנשה (695—640).
אמון (640—638.
יאשיהו (638—608).
יהויקים (608—597).
יהויכין (597).
צדקיהו (596—586).

### די מלכים פון ישראל:

ירבעם 1 (977—955).
נדב (955—954).
בעשא (954—933).
אלה (933—932).
א צייט אָהן אַ קעניג (932—928)
עמרי (928—922).
אחאב (922—901).
אחזיהו (901—899).
יורם (899—887).
יהוא (886—860).
יהואחז (860—845).
יהואש (845—830).
ירבעם 11 (830—769).
זכריה (769).
מנחם (763—757).
פקחיה (757—755).
פקח (755—735).
הושע (734—724).

# אינדעקס

